מאַשע ראָלניק

# איך מוז דערציילן




וואַרשע — מאָסקווע

1965



Маша Рольник
«Я ДОЛЖНА РАССКАЗАТЬ»

Masza Rolnik
„MUSZĘ OPOWIEDZIEĆ"

הילע: ר. כוואָלעס
Okładka: R. Chwoles
Обложка: Р. Хволес

טעכנישער רעדאַקטאָר: ש. ליכטענשטײן
Redaktor techniczny: Sz. Lichtensztejn
Технический редактор: Ш. Лихтенштейн

Издательство
А П «НОВОСТИ»
Москва

Wydawnictwo
„IDISZ BUCH"
Warszawa
Nowogrodzka 5

Druk. RSW „Prasa", Warszawa, Tarczyńska 8. Zam. 4977. E-87



מאַשע ראָלניק אַ האַלב יאָר שפּעטער נאָכן אומקערן זיך פֿון לאַגער קיין ווילנע

# אריינפיר

אין דער זעלבער צייט, ווען עס האָט געפירט איר ברייט באַרימטגעוואָרענעם טאָגבוך אַנאַ פראַנק, האָט אין ווילנע, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער פאַשיסטישער אָקופּאַציע, אַן אַנדער מיידעלע, מאַשע ראָלניק (מאַריע ראָלניקאַיטע), כמעט אין איין עלטער מיט אַנען, אויך געשריבן אירע באַאָבאַכטונגען, מחשבותן, איבערלעבונגען.

ביי אונדז, אין ליטע, זענען ביז דער מלחמה טאָגביכער געווען אַ „מאָדע"־זאַך ביי די שול־קינדער. איך געדענק, אַז די מערהייט מיידעלעך פון מיין קלאַס האָבן געהאַט טאָגביכער. אָט די העפטן, וועלכע פלעגן שטאַרק אויסגעהיט ווערן פון פרעמדע אויגן, סיי פון היימישע, סיי פון חברטעס, האָבן די מיידעלעך אָנגעטרויט זייערע „סודות פון דער ערשטער ליבע", די ערשטע שפּראָצלינגען פון זייער פאַרשטיין די אַרומיקע וועלט, זייערע ערשטע „חטאים".

די טעקסטן פון די מיידלשע טאָגביכער זענען אָפט געווען אָנגעשפּיקעוועט מיט נאַיווע צייכענונגען: קוויטן, שפּראָצנדיקע צווייגעלעך פון ביימער אין פרילינג־צייט, פייגעלעך... דאָס זענען געווען אומשולדיקע ראָמאַנטישע טרוימען, נאָך האַלב קינדערשע אינערלעכע אימפּולסן. די טאָוולעך פון די העפטן זענען מערסטנס געווען באַפאַרבט מיט פרייליכע בונטע פאַרבן.

מאַשע איז נישט געווען קיין אויסנאַם. איר טאָגבוך האָט זיך אָנגעהויבן פירן אויף דער שול־באַנק, ווי אַלע אירע שול־חברטעס. די פרייד פון לעבן, האָפענונגען, טרוימען וועגן דער צוקונפט, ליבע צו טאַטע־מאַמע, צום ברודערל און צו די שוועסטערלעך... זי האָט געהאַט אַ גוטן לערער — הענריקאַס יאָנאַיטיס, וועלכער האָט געפלאַנצט אין איר ליבע צו וויסן, צו ליטעראַטור. אינעם מיידעלע האָבן אָנגעהויבן אויפוואַכן ליטעראַרישע פעיקייטן. אָבער אירע ערשטע שעפערישע פּרוּוון האָט זי אָנגעטרויט בלויז דעם טאָגבוך. אויף זיינע בלעטלעך האָט מאַשע מיט ליכטיקע, מילדע פּאַסטעל־פאַרבן באַשריבן די אומקאָמפּליצירטע געשעענישן אין איר לעבן. זי האָט דעמלט נישט געקאָנט פאָרויסזען, אַז זי וועט אָט די נאָטיצן פאָרזעצן מיט איר אייגענעם בלוט...

ווילנע האָט זיך געטרייסלט פון די אויפרייסן פון די באָמבעס, וועלכע זענען געפאַלן פון די דייטשישע אַעראָפּלאַנען. עס איז אויסגעבראָכן דער קריג. די שטאָט איז געוואָרן אָקופּירט דורך דער דייטשיש־פאַשיסטישער אַרמיי. עס האָבן זיך אָנגעהויבן הריגות. די תפיסות זענען געווען פול מיט אַרעסטירטע. דאָס גאַנצע לעבן איז איבערגעקרייצט געוואָרן מיט שטעכלדראָט.

פאַר די יידן האָבן די דייטשן איינגעפירט אַ ספּעציעלן רעזשים. די פאַרצייטיקע, פּראַכטפולע ווינקעלעך פון ווילנע, וווּ עס האָבן זיך פאַרהיט אין זייער פולער אומבאַרירלעכקייט די דענקמעלער פון דער מיטלאַלטערלעכער גאָ=

טיק, האָבן די אָקופּאַנטן אַרומגעצאַמט מיט שטעכלדראָט, די שמאָלע קרומע געסעלעך פאַרמויערט מיט ציגל, פאַרקלאַפּט מיט ברעטער. אָט אַזוי איז געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ. דאָ האָט מען, אַרויסרייסנדיק און איזאָלירנדיק פונעם לעבן, באַזעצט די מענטשן פון דער „נישט־אַרישער ראַסע", די מענטשן פון „נידעריקן סאָרט".

צווישן די פּאָגראָמען, אינעם קעניגרייך פונעם צעווילדעוועטן קוילערגעסל, אין אָט דעם אמתן גיהנום האָט מאַשע, ווי פריער, אָנגעטרויט דעם טאָגבוך אירע קינדערשע געדאַנקען.

אַנאַ פראַנק האָט געלעבט איזאָלירט, נישט אַרויסגייענדיק פון איר באַהעלטעניש. דערפאַר זענען אין איר טאָגבוך ווייניק געשעענישן, מער פּערזענלעכע איבערלעבונגען. אַ סך פאַרדראָס, האַרצווייטיק, פילאָזאָפישע מחשבותן פון אַ פרי רייפגעוואָרן קינד.

דאָס טאָגבוך פון מאַשע ראָלניק איז ברייטער לויטן פאַרנעם פון די געשעענישן. צווישן די העלדן פונעם טאָגבוך זענען פאַראַן נישט בלויז קרבנות, נאָר אויך קעמפער. דאָ זעען מיר פּאָרטרעטן פון מענטשן. מיט עטלעכע שטריכן, מיט אַלגעמיינע קאָנטורן האָט זי אָנגעמאָלט דעם „מתים־אינדזל", וועלכער האָט, צו דער גרויסער שאַנד פון XX יאָרהונדערט, געטראָגן דעם מיטלאַלטערלעכן נאָמען „געטאָ"...

פון יענעם טאָג אָן, ווען מאַשע איז אַרייַנגעפאַלן אין אָט דעם „מתים־אינדזל", איז פון די זייטלעך פון איר טאָגבוך אויף שטענדיק פאַרשווונדן די העלע, פרייַדפולע שטימונג. אָנשטאָט איר האָט זיך פאַרשפּרייט אַ וואָלקן פון טרויער, צער און יסורים. און פון יעדן וואָרט האָט גענומען רינען בלוט... אַ קינד, וואָס האָט געקאָנט עס באַשרייבן, האָט אינערלעך, אין האַרצן, באַדאַרפט שוין פילן זיך ווי אַ רייפער, גרוי געוואָרענער מענטש...

דער גרויסער דייַטשישער דיכטער געטע האָט מיט די לעפצן פון זיין העלד פאַוסט אויסגערופן: „רגע, בלייב שטיין! דו ביסט אַזוי שיין..." דער גרויסער דיכטער־הומאַניסט האָט געוואָלט אין יעדער רגע שעפן גליק פאַרן מענטשן.

אָבער יענע לאַנדסלייט פון געטען, וועלכע האָבן אָנגעטאָן די ברוינע פאַשיסטישע אוניפאָרם, האָבן געוואָלט יעדע רגע פון מענטשלעכער עקזיסטענץ אָנזעטיקן מיט פּיין און דערנידעריקונג. אַרומגעהאָנגען מיט גראַנאַטן און פּיסטאָלעטן, האָט איבערן ווילנער געטאָ געשפּאַנט, ווי אַ פולער בעל־הבית, דער באַפולמעכטיקטער פון הימלערס בלוטיקער געסטאַפּאָ — דער סאַדיסט פראַנץ מורער. אים האָבן געהאָלפן די פאַרעטער פונעם ליטווישן פאָלק, די מערדער, אויסוווּרפן און רויבער פון דער באַנדע פונעם תלין אימפּוליאַוויטשיוס.

אין געטאָ האָבן זיך אָנגעהויבן די אַזוי־גערופענע „אַקציעס"... די מענטשן האָט מען געפּייניקט מיט הונגער, פאַרפאָלגט פאַרן מינדסטן ברעכן די אוממענטשלעכע דראַקאָנישע „כללים", געשיקט אויף שווערסטער שקלאַפן־אַרבעט. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דאָס סאַמע שווידערהאַפטע. קינדער האָט מען אָפּגעריסן פון די עלטערן, פרויען — פון זייערע מענער... נישט ווייט פון ווילנע,

אין פּאָנאַר, האָבן געקנאַלט די שיסערייען... עס זענען געוואַקסן די גיגאַנטישע מאַסן=קברים... מען האָט באַגראָבן די מענטשן נאָך לעבעדיקערהייט...

אין מאַשעס טאָגבוך לייענען מיר געדאַנקען פון אַ „גרוי=געוואָרן קינד“, וועלכע רופן זיך טראַגיש איבער מיט די ווערטער פון געטע. „די נאַכט ציט זיך זייער לאַנגזאַם, — שרייבט מאַשע. — און זאָל זי זיך ציען. ווען די צייט זאָל זיך איצט אינגאַנצן אָפּשטעלן, וועט דאָך נישט קומען דער פרימאָרגן און מיר וועלן נישט דאַרפן שטאַרבן“.

נאָר די צייט האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט.

יעדע מינוט איז די שטילקייט צעריסן געוואָרן פון אויטאָמאַטן=זאַלפּן.

עס זענען געוואַקסן נייע און נייע קברים פון לחלוטין אומשולדיקע מענטשן.

אין פּאָנאַר זענען דערמאָרדעט געוואָרן הונדערט טויזנט מענטשן.

פון די בלעטלעך פון מאַשעס טאָגבוך רייסט זיך אַ דערשטיקנדיק געשריי פון אַ ריין קינדעריש האַרץ:

„צי מעג מען דען הרגענען בלויז פאַר נאַציאָנאַלער אָפּשטאַמונג? פונוואַנען נעמט זיך אַזאַ ווילדע שנאה צו אונדז? פאַר וואָס?“

פאַר וואָס מאָרדעט מען אומשולדיקע קינדער, פרויען, מאַנסלייט, זקנים? פאַר וואָס?

מאַשע האָט נישט געפונען קיין ענטפער אויף אָט דער פראַגע. קיין ענטפער האָט נישט געפונען קיין איין אָרנטלעכער מענטש, וואָס איז ביים פולן זינען. באַזירנדיק זיך אויף דער ראַסן=„טעאָריע“, האָט דער פאַשיזם געררייצט אינעם מענטשן חיהשע אינסטינקטן. די צווייפיסיקע חיות, באַהערשט פון דער לײדנשאַפט צו אויסראָטן, שיכור פון פליסנדיקן מענטשלעכן בלוט, האָבן געטאַנצט דעם ווילדן „טויטן=טאַנץ“.

אין דער פּאַנאָראַמע פון XX יאָרהונדערט האָבן מיט אַ בלוטיקן שטורעם זיך דורכגעטראָגן פאַרבלענדעטע, ווילדע האָרדעס, לאָזנדיק נאָך זיך חורבות און הרוגים.

די קליינינקע מאַרטירערין פון געטאָ, דאָס מיידעלע מאַשע, האָט באַשריבן די בלוטיקע וואַקכאַנאַליע פון אָט דעם „טויטן=טאַנץ“. לכתחילה האָט זי געשריבן אין העפט. דערנאָך האָט קיין העפטן נישט געסטייעט. דאָס געטאָ איז געוואָרן פאַרניכטעט. דאָס מיידעלע האָט מען אַוועקגעפירט אויף קאַטאָרגע=אַרבעט אין אַ קאָנצענטראַציע=לאַגער. זי האָט פאָרגעזעצט אירע פאַרנאָטירונגען אויף אָפּגעריסענע שטיקלעך פון פּאַפּירענע צעמענט=זעקלעך. ווען אויך דאָס איז שוין נישט געווען, האָט זי פאָרגעזעצט אירע „נאָטיצן“ אין געדאַנק. אַ טויט=נעפּל האָט פאַרהילט די אויגן, נאָר מאַשע האָט, ליגנדיק אויף די הילצערנע נאַרעס, נאָך אַלץ קאָנסטרואירט אין די געדאַנקען פראַזעס, געשליפט יעדעס וואָרט.

זי האָט געוואָלט אַרויסטראָגן פונעם דאָזיקן גיהנום דעם אמת, ווי מען מאַכט דעם מענטשן ווילד און פאַר אַן אוממענטש, דערציילן אָט דעם אמת אַלעמען, אַלעמען... כדי דאָס זאָל זיך מער קיינמאָל נישט איבערחזרן.

כדי דאָס זאָל זיין אַ ביטערע לעקציע פאַר די קינפטיקע דורות. דערפאַר האָט זי געשריבן דאָס טאָגבוך. און אויך דערפאַר, וואָס זי האָט נישט גע־וואָלט פאַרלירן אַלע מענטשלעכע ווערטן, זי האָט ליידנשאַפטלעך געשטרעבט צו בלייבן אַ מענטש, קעגנשטעלן זיך דער חיהשער קראַפט.

אירע הענט האָבן זיך געמוזט אונטערגעבן, געמוזט אויספילן די שווערע שקלאַפן־אַרבעט. נאָר איר גייסט האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. ווי ביי דער מערהייט איינוווינער פון געטאָ. ווי ביים קאָמוניסט וויטענבערג. ווי ביי די פיל העלדן, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט אין געטאָ אַן אונטערערד און האָבן זיך געשטעלט אין אומגלייכן פאַרטיזאַנישן געראַנגל מיטן שונא.

דער גייסט פונעם מיידעלע איז נישט איינגעבראָכן געוואָרן. איר טאָג־בוך — דאָס איז איר גייסט, וואָס האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. איר טאָג־בוך — דאָס איז איינע פון די שוידער־בלעטלעך פון דער מיט בלוט געשרי־בענער געשיכטע פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. דאָס איז נישט קיין בעלע־טריסטיק. דאָס איז אַן אמתער דאָקומענט, ווו עס זענען קאָנספּעקטאַרטיק באַ־שריבן די ליידן פונעם מענטשן און זיין גרויסער ווידערשטאַנד, טראַגיזם און העראָיזם. דאָס איז, ענדלעך, אַ דאָקומענטאַלע באַשולדיקונג קעגן יענע, וואָס טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן דערמאָרדן אומשולדיקע מענטשן, פאַר די חיהשע רציחות.

ווען מען לייענט דאָס דאָזיקע בוך, קאָן מען נישט פאַרבלייבן רואיק. עס ווילט זיך, אַז דאָס דאָזיקע טאָגבוך זאָלן לייענען יענע מענטשן אין עסט־רייך, וועלכע האָבן באַפרייט פון תפיסה דעם געוועזענעם בעל־הבית פון ווילנער געטאָ דעם תלין פראַנץ מורער. יאָ, ער איז שוין אויף דער פריי און איז אַן אָנגעשטעלטער אין איינעם אַ באַנק. ער דאַרף אפנים קענען גוט ציילן. זאָל ער אָנציילן זיינע אומשולדיקע קרבנות און צושטעלן אַזאַ חשבון. אַלע אָרנט־לעכע מענטשן פון עסטרייך וואָלטן אויפגעשוידערט פון אימה.

עס וואָלט זיך ווען, אַז דאָס דאָזיקע טאָגבוך זאָלן לייענען אין די פאַראייניקטע שטאַטן יענע מענטשן, וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן אַ פּאַספּאָרט, און דאָס באַטייט דאָס רעכט פון אַמעריקאַנער בירגערשאַפט, דעם פאַרעטער פונעם ליטווישן פאָלק, דעם מערדער אימפּוליאַוויטשיוס.

און אפשר נוטיקן זיך אָט די מענטשן גראָד אין אַזעלכע באַשיידענע באַנק־אָנגעשטעלטע, אין אַזעלכע „בירגער פון די פאַראייניקטע שטאַטן“?.... אפשר איז דאָס טאַקע אַזוי?

אין אונדזערע הערצער וועט זיך פאַר אַזעלכע „אָנגעשטעלטע“ און „ביר־גער“ נישט געפינען קיין טראָפּן מיטלייד. זיי מוזן באַשטראָפט ווערן פאַר זייערע פאַרברעכנס. דאָס פאָדערט דער הומאַניזם.

...מאַשע ראָלניק האָט זיך אומגעקערט אין דער באַפרייטער ווילנע. באַפרייט זי פון טויט האָבן די סאָוויעטישע קריגסלייט. אַ סאָוויעטישער סאָלדאַט האָט צו איר געזאָגט: „וויין נישט, שוועסטערל, מיר וועלן מער נישט לאָזן דיך באַעוולהן!“ און ער וועט קיינמאָל נישט לאָזן.

עדואַרדאַס מעזשעלאַיטיס

* *
*

אַ זונטיקדיקער באַגינען. די זון שיינט פרייליך. מסתמא פון שטאָלץ, וואָס זי האָט אויפגעוועקט די גאַנצע שטאָט. אומעטום רודערט זיך און עס איז לעבעדיק. איך שטיי אויף דער וואַך ביי אונדזער טויער (נישט אַליין, נאָר מיטן שכן פון דער אַכטער דירה). די לעצטע צייט דעזשו־רען אַלע. אַפילו מיר, שילער ווען עס דערהערט זיך אַ פּרווו־אַליאַרם, מוזן די, וואָס שטייען אין דער צייט אויף דער וואַך, פאַרהאַלטן די באַ־וועגונג, און הייסן די פאַרבייגייער אַריינגיין אין טויער.

איך האָב געמיינט, אַז דעזשורען וועט זיין טשעקאַווע, נאָר כ'האָב געהאַט אַ טעות. דעם שכן איז, מסתמא, נישט אינטערעסאַנט צו שמועסן מיט מיר, ער לייענט אַ זשורנאַל. איך האָב קיין בוך נישט גענומען: גע־נוג זיך אָנגעלייענט אין דער צייט פון די עקזאַמענס.

איך קוק אויף די פאַרבייגייער, פּרוּוו טרעפן, וווהין זיי איילן זיך, וועגן וואָס טראַכטן זיי. פון צייט צו צייט וואַרף איך אַ בליק אויפן האַנט־זייגערל — באַלד ענדיקן זיך שוין מיינע צוויי שעה און איך וועל גיין צו נעיאָלען. מיר האָבן אָפּגערעדט צו גיין זיך באָדן.

פּלוצלינג האָט געגומען פייפן אַ סירענע. אַ צווייטע, אַ דריטע. יעדע אויף איר אופן. דער שכן איז אַרויס אויף דער גאַס. איך לויף נאָך אים. איך רוף אַלעמען אין הויף אַריין, נאָר קיינער פאָלגט נישט. באַטש גוט, וואָס זיי פאַרהאַלטן זיך נישט, איילן ווייטער. אין אַ ווײַלע אַרום איז די גאַס געוואָרן פּוסט.

אַ מידע שטיי איך אין הויף, אָנגעשפּאַרט צו דער וואַנט, און וואַרט, עס זאָל זיך ענדיקן דער פּרווו־אַליאַרם. איך באַטראַכט מיינע „געסט", הער זיך צו, וועגן וואָס זיי רעדן. אוי, זיי רעדן דאָך וועגן אַ מלחמה! ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז געווען נישט קיין פּרווו־אַליאַרם, נאָר אַן אמתער! קאָוונע האָט מען שוין באָמבאַרדירט.

איך בעט ביים שכן, ער זאָל מיך אָפּלאָזן. איך לויף אַרויף אין שטוב. אַלע ווייסן שוין...

מלחמה... ווי לעבט מען אין דער צייט פון אַ מלחמה?
ווען מען קאָנען גיין אין שול?

דער אַליאַרם האָט געדויערט לאַנג. מיר האָבן זיך קוים דערוואַרט אויף אַ שלום־סירענע.

דערנאָך האָבן די סירענעס ווידער זיך צעפּייפט. ס׳האָבן זיך דער־הערט עטלעכע פאַרדומפּטע קלעפּ. דער פּאַפּאַ זאָגט, אַז דאָס באָמבאַר־דירט מען שוין די שטאָט, נאָר די באָמבעס פאַלן, מסתמא, ערגעץ היג־טער דער שטאָט. בלייבן אין שטוב, וואָס געפינט זיך אויפן דריטן שטאָק, איז אַ סכנה, מען דאַרף אַראָפּגיין אין הויף.

אויפן הויף שטייען שוין אַלע שכנים מיט זייערע קינדער. אַנדערע אַפילו מיט גרייטע פּעק און קלומעקעס. וווהין קלייבן זיי זיך פאָרן אין אַזאַ טאָג? די מאַמע זאָגט, אַז זיי ווילן אינערגעץ נישט פאָרן. זיי האָבן פּשוט גענומען מיט זיך די נויטיקסטע זאַכן: אויב אַ באָמבע טרעפט אין שטוב, זאָלן זיי נישט בלייבן נאַקעט־הויל. אויב אַזוי, איז פאַרוואָס האָבן מיר גאָרנישט נישט גענומען?

כ׳האָב זייער מורא פאַר באָמבעס. ווי נאָר איך דערהער אַ פּייף פון אַ באָמבע, שטעלט זיך ביי מיר אָפּ דער אָטעם: מיר דוכט, אַז זי פליט פּונקט אין אונדזער דאַך.

קוים דערלעבט דעם סוף פונעם אַליאַרם. מיר זענען אַרויף אין שטוב עסן פרישטיק. איך עס און האַלט קוים איין די טרערן: עס קאָן זיין, אַז דאָס איז שוין אונדזער לעצטער פרישטיק. אויב מען וועט אַפילו נישט דערהרגענען, וועט מסתמא נישט זיין, וואָס צו עסן, — די קראָמען זענען דאָך שוין פאַרמאַכט...

און — ווידער פּייפן די סירענעס. מיר גייען ווידער אַראָפּ אין הויף. דאָס מאָל האָט מען נישט באָמבאַרדירט.

ס׳איז אַ לאַנגער טאָג!...

פאַרנאַכט זענען די פאַשיסטישע אַעראָפּלאַנען געוואָרן העזההדיקער. נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף אונדזערע זעניטקעס, זענען זיי פריי אַרומגעפלויגן איבער דער שטאָט און געשלײדערט באָמבעס. ווען איך האָב אַרויסגעשטעקט די נאָז און אַ קוק געטאָן אין הימל, האָב איך דער־זען, ווי די אַעראָפּלאַנען שיטן, ווי הויפנס ניסלעך, קליינע באָמבעלעך.

מיטאָמאָל האָט זיך דערהערט אַזאַ טראַסק, אַז עס האָבן גענומען פּלאַצן די שויבן. אונדזער שכן, אַן אינזשיניער, האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַראָפּגעפאַלן אַ באָמבע נאָענט, מסתמא אויף ברייטער גאַס.

עס איז געוואָרן פֿינצטערלעך. אויף דער ערד איז אַראָפּ די נאַכט, נאָר קיינער קלייבט זיך נישט גיין שלאָפֿן.

פֿון צייט צו צייט לעכערן דורך די שוואַרצע טוך פֿון נאַכט פּראָזשעקטאָרן. זיי גליטשן זיך איבערן הימל, ווי זיי וואָלטן אים אונטערזוכן. אַנדערע באַטאַפּן אים לאַנגזאַם, אַנדערע שימערן שנעל אַרום — פֿון לינקס אויף רעכטס, פֿון רעכטס אויף לינקס. דער פּאַפּאַ זאָגט, אַז דאָס זוכן זיי דעם שונאס עראָפּלאַנען. איך פֿאַרמאַך שטאַרק די אויגן און קוק נישט אויפֿן הימל. דאַן שפּירט זיך גאָרנישט, אַז עס איז אַ מלחמה. ס'איז וואַרעם, ווי אין אַ געוויינלעכער זומער־נאַכט. אמת, געוויינלעך וואָלט איך אין אַזאַ שפּעטער שעה שוין לאַנג געשלאָפֿן.

אַ שטילע הודעריי פֿון עראָפּלאַנען. אַ לאַנגער, דורכדרינגענדיקער פֿייף. אַלץ נעענטער, נעענטער. מיטאַמאָל ווערט זייער ליכטיק און... אַ זעץ! אַ פֿייף! ווידער אַ טראַסק! ווידער אַ פֿייף! אַ קלאַפּ! נאָך איינער! עס דונערן די זעניטקעס, עס פֿייפֿן באָמבעס, עס שיט אַ געדיכטער שטויב. אַ טומל און רעש, ווי אין גיהנום.

סוף כל סוף ווערט שטיל.

עס נעמט טאָגן. מלחמה איז מלחמה, און די זון גייט זיך אויף. מען האָט גענומען רעדן, אַז דאָ איז נישט גענוג זיכער. מען דאַרף אַראָפּגיין אין טיפֿן בעטאָן־קעלער, וואָס געפֿינט זיך אין דער אַנטקעגנדיקער שטוב.

די גאַס דאַרף מען אַריבערלויפֿן איינציקווייז. איך בעט די מאַמע, זי זאָל לויפֿן צוזאַמען מיט מיר. נאָר ניין, זי וועט לויפֿן מיט ראַיעלען און דער פּאַפּאַ — מיט ראובעלען. איך און מירע זענען שוין גרויסע און דאַרפֿן לויפֿן אַליין. איך צי אַריין דעם קאָפּ אין די אַקסל און לאָז זיך איבערן וועג.

אין קעלער איז טאַקע נישט אַזוי שרעקלעך: עס הערן זיך נישט אַזוי שטאַרק דאָס פֿייפֿעריי און די אויפֿרייסן. אָבער ס'איז שמוציק, שטויביק און די לופֿט איז זייער אַ שווערע. די, וואָס זיצן לעבן מיר, גייען יעדע ווײַלע אַרויף אויבן, כדי זיך דערוויסן, ווי עס האַלט די לאַגע.

נאָך עטלעכע שעה זיצן האָבן זיי געזאָגט, אַז עס איז שוין געוואָרן רואיק. די דערוואַקסענע האָבן גענומען איינציקווייז אַרויסקריכן פֿון קעלער, לויפֿן אין שטוב און נעמען פֿון דאָרט עסנוואַרג.

די מאַמע מיטן פּאַפּאַ זענען אויך אַרויף אין שטוב.

אין אַ ווײַלע אַרום איז די מאַמע געקומען צוריק אַ פאַרווײנטע און געזאָגט, אַז מיר קאָנען שוין אַרויסגײן, מער וועט מען שוין, ווײַזט אויס, נישט באָמבאַרדירן. דאָס סאָוויעטישע מיליטער טרעט אָפּ, און די שטאָט וועלן אָט־אָט פאַרכאַפּן די היטלעריסטן. דאָס איז אַ גרויסער אומגליק, ווײַל זײ זענען שרעקלעכע חיות און באַזונדערס באַגײען זײ זיך שלעכט מיט ייִדן. אויסער דעם, האָט דער פּאַפּאַ אַקטיוו מיטגעאַרבעט בײַ דער סאָוויעטן־מאַכט. ער איז אַן אַדוואָקאַט. מען פלעגט אים נאָך אין סמעטאָנעס צײַטן אָפּט דראָען דערפאַר, וואָס ער טרעט אַרויס אין די געריכטן אַלס פאַרטיידיקער פון די קאָמוניסטן — טוער פון דער אונטערערד, דערפאַר, וואָס ער איז אַ מיטגליד פון מאָפּר (אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פאַר העלפן רעוואָלוציאָנערן). איז וואָס וועט שוין זײַן מיט אים איצט, בעת דער הערשאַפט פון די פאַשיסטן?

די מאַמע פירט אונדז צוריק אין שטוב. זי הערט אויף צו װײנען און זאָגט, אַז די פאַשיסטן וועלן דעם פּאַפּאַ קײן זאַך נישט קאָנען טאָן, ווײַל מיר וועלן אַוועקפאָרן טיף אין לאַנד, וווּהין זײ וועלן נישט דערגײן. דער פּאַפּאַ וועט אַוועק אין דער רויטער אַרמײ. ווען עס וועט זיך ענדיקן די מלחמה, וועלן מיר אַלע אומקערן זיך אַהײם.

די מאַמע פּאַקט פּאַקט אויף גיך אײן פאַר יעדערן צו פּעקל וועש; זי נעמט אַרויס פון די פאַרטפעלן אונדזערע ביכער און לײגט אַהין אַרײן שיך. פאַר זיך מיטן פּאַפּאַ פּאַקט זי גרויסע קלומעקעס און בינדט צו זײ צו אונדזערע ווינטערדיקע מאַנטלען.

מיר וואַרטן אויפן פּאַפּאַ. ער איז אַוועק נאָך בילעטן.

דורך דער פּוסטער גאַס, אין דער ריכטונג צו „אַסטראָבראַמע", פאָרן סאָוויעטישע טאַנקען, מאַשינען, האַרמאַטן.

שוין פאַרבײַ עטלעכע שעה, ווי דער פּאַפּאַ איז אַוועק, און איז נאָך נישטאָ. מסתמא איז שווער צו קריגן בילעטן, — אַלע ווילן אַוועקפאָרן. און אפשר האָט מען אים עפּעס געטראָפן? מאָדנע, פאַר דער מלחמה האָב איך קײנמאָל נישט געקלערט, אַז ווען אַ מענטש גײט אַרויס פון שטוב, קאָן מיט אים עפּעס געשען... און איצט, קריגס־צײַט איז אַלץ אַנדערש...

אַלץ ווײניקער מאַשינען פאָרן פאַרבײַ. עס הערט זיך אַ שיסערײַ. מען טאָר שוין מער נישט וואַרטן. מען דאַרף זיך דורכרײַסן צום וואָקזאַל, צום פּאַפּאַ.

יעדערער פון אונדז נעמט זיין פעקל און מיר גייען אַרויס. לויפנדיק פון איין טויער צום צווייטן, דערקלייבן מיר זיך קוים מיט צרות צום וואָקזאַל. נאָר דאָ וואַרט אונדז נישט קיין גוטס: אַ שרעקלעך געפילדער פון אָן אַ שיעור מענטשן, טרויעריקע ידיעות, אַז דער לעצטער צוג איז אַוועק מיט עטלעכע שעה צוריק. מען זאָגט, אַז גלייך הינטער דער שטאָט האָט אים אין געטראָפן אַ באָמבע. מער קיין צוגן וועלן נישט גיין.

מיר האָבן אויסגעזוכט אַלע ווינקעלעך, אָבער דעם פאַפאַ אינערגעץ נישט געפונען. אייניקע האָפן, אַז מען וועט זיך אפשר דערוואַרטן אויף אַ באַן. אַנדערע קלייבן זיך גיין צופוס און אין וועג אויפזעצן זיך אויף אַ צופעליקער מאַשין. די מאַמע דערמאָנט זיך, אַז דער פאַפאַ האָט אויך עפעס גערעדט וועגן אַ מאַשין. מען דאַרף פרווון גיין.

מיר לאָזן זיך צופוס צוזאַמען מיט אַנדערע מענטשן. די זון ברענט. עס מאַטערט דער דורשט. מיר זענען אָפגעגאַנגען נאָך זייער ווייניק, עס זעט זיך נאָך די שטאָט.

ראובעלע בעט זיך אָפשטעלן, אָפרוען. די מאַמע נעמט ביי אים צו זיין פעקעלע, אָבער דאָס העלפט נישט — ער כליפעט. און נעמען אויף דער האַנט אַ פינפיאָריק יינגעלע איז נישט אַזוי לייכט. אויך ראַיעלע, כאָטש זי איז אויף צוויי יאָר עלטער, איז נישט קליגער פון אים, — זי וויינט אויך. מיר ווילט זיך אויך זייער אָפרוען, נאָר איך שווייג.

מיר האָבן זיך צוגעזעצט. אַנדערע, שטאַרקערע, יאָגן אונדז אַריבער.

די מאַמע האָט איינגערעדט די קינדער צו גיין ווייטער. נאָר גאָר גיך האָבן זיי ווידער גענומען בעטן זיך, מען זאָל זיך אָפשטעלן.

מיר זיצן. דאָס מאָל שוין נישט אַליין: נאָענט פון אונדז רוען נאָך עטלעכע משפחות.

ווייטער גייען מיר שוין צוזאַמען. עס יאָגן אונדז אַריבער איבערגעפולטע אויטאָס. נעמען אונדז קאָנען זיי נישט, זיי ראַטן, מיר זאָלן זיך צואיילן, ווייל די היטלעריסטן זענען שוין נאָענט. נאָר ווי איילט מען זיך?

וואָס טוט מען? איינע זאָגן, אַז מען דאַרף גיין ווייטער — בעסער פאַלן אין וועג פון מידקייט און הונגער, איידער פון דער האַנט פון אַ פאַשיסט. אַנדערע טענהן, אַז די דייטשן זענען גאָר נישט אַזעלכע רוחות, ווי מען מאָלט זיי.

די קינדער בעטן זיך אַהיים. מירע זאָגט, אַז מען דאַרף גיין ווייטער. איך שווייג. די קינדער וויינען. די מאַמע קערט זיך אום... מיר זענען נישט די איינציקע, וואָס קערן זיך אום אין שטאָט.

דער הויזוועכטער דערציילט, אַז נאָך אונדזער אַוועקגיין איז געקומען דער פּאַפּאַ. ער האָט געבעטן איבערגעבן, אַז ער זוכט אַ מאַשין.

מיר זענען ווידער אין שטוב. די צימערן זעען אויס ווי פרעמדע. דאָס האַרץ קלעמט. מיר געפינען זיך נישט קיין אָרט, דרייען זיך אַרום פון ווינקל צו ווינקל, שטייען ביי די פענצטער. אַלץ איז טויט, ווי אין שטאָט וואָלט נישט געבליבן קיין לעבעדיקער נפש. אַפילו קיין קעצעלע לויפט נישט אַריבער די גאַס. אפשר זענען מיר דאָ טאַקע די איינציקע?

אויף די טראָטואַרן שטייען פּוסטע אויטאָבוסן. מען האָט זיי דאָ אַוועקגעשטעלט ביים אָנהייב פון ערשטן אַליאַרם. ווי מאָדנע — דער ערשטער אַליאַרם איז געווען סך-הכל מיט אַנדערהאַלבן טעג צוריק.

אַ טויטע שטילקייט. זעלטן הערן זיך איינזאַמע שאָסן... דורך דער גאַס, זיך יאָגנדיק נאָך אַ רויטאַרמייער, לויפן פאַרביי עטלעכע יונגען מיט ווייסע בענדער אויף די אַרבל. איינער יאָגט זיך ווייטער, די איבעריקע שטעלן זיך אָפּ ביים מאַגאַזין לעבן קינאָ „קאַזינאָ", האַקן אויס די שויבן און שלעפּן פון דאָרט גרויסע קאַסטנס. שווערלעך הילכן אָפּ אין דער שטילקייט די טריט פון די רויבער.

צוגעפאַלן די נאַכט. די מאַמע פאַרשליסט די טיר, אָבער לייגן זיך שלאָפן האָבן מיר מורא. און עס ווילט זיך גאָר נישט שלאָפן. נאָר ראובעלען און ראַיעלען האָט די מאַמע נישט קיין אויסגעטאָנענע אַוועקגעלייגט אין קאַבינעט אויף דער סאָפע. איך מיט מירען שטייען ביים פענצטער און קוקן מיט אַ פּוסטן בליק אויף די אָפּגעשוואַרצטע פון דער נאַכט הייזער.

וואָס וועט זיין ווייטער? מיר דוכט זיך, אַז איך האָב מורא מער פון אַלעמען. די מאַמע איז עפּעס גאָר אַן אַנדערע, אַ פאַרלוירענע. נאָר מירע איז די זעלבע, ווי געווען.

אינמיטן נאַכט האָבן אין גאַס זיך דורכגעטראָגן מאָטאָציקליסטן. היטלעריסטן!

עס טאָגט. עס פאָרן טאַנקען! פרעמדע! אויף פיל פון זיי — לייוונטן מיט דער שרעקלעכער שוואַרצער שפין, מיטן פאַשיסטישן האַקנקרייץ.

די גאַס ווערט אַלץ מער פאַרפּלייצט פון אויטאָס, מאָטאָציקלען, פון סאָלדאַטן אין גרינע אוניפאָרמען, וואָס רעדן אויף אַ גאָרגלדיקער שפּראַך, שווידערלעך איז צו זען, ווי די אָקופּאַנטן שפּאַנען איבער אונדזער ווילנע...

מיר האָבן נישט געטאָרט זיך צוריקקערן...

און דער טאַטע איז נאָך אַלץ נישטאָ.

*     *

*

די היטלעריסטן האָבן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל עפענען אַלע רעסטאָראַנען און קאַפעען, אָבער מיט אַן אויפשריפט:

„Für juden Eintritt verboten".

juden — דאָס זענען מיר. און די אָקופּאַנטן האַלטן, אַז מיר זענען ערגער פאַר אַנדערע: „פאַר יידן דער אַריינגאַנג פאַרבאָטן". מען וואָלט באַדאַרפט צוגיין, אויסהאַקן די שויב און מיט אַ פאַרבלוטיקטער האַנט צערייסן דאָס דאָזיקע נידערטרעכטיקע פּאַפּירל!

אָבער אַרויסגיין פון שטוב איז שרעקלעך. אַפּנים, נישט בלויז אונדז. די גאַסן זענען פול מיט היטלעריסטן און יונגען אין ווייסע האַנט־בענדער.

*     *

*

מירע זאָגט, אַז מען דאַרף גיין אין שול אָפּנעמען איר אַטעסטאַט און די איבעריקע אונדזערע דאָקומענטן, ווייל דאָרטן קאָן מען זיי פאַר־ניכטן. גיין דאַרף איך: מיך, אַ קליינינקע, וועט מען נישט פאַרהאַלטן. אָבער איך האָב מורא. און פאַרשטיי בכלל נישט, צוליב וואָס דאַרף מען עס. די מאַמע האַלט אָבער אונטער מירען. די דאָקומענטן זענען נויטיק. מירען גייט שוין דאָס זיבעצנטע יאָר; זי קאָן מען פאַרהאַלטן, בעטן אַ פּאַס. מוז איך גיין. כדי עס זאָל זיין זיכערער, הייסט די מאַמע, איך זאָל אָנטאָן די שול־אוניפאָרם און אַפילו דאָס אוניפאָרם־היטעלע.

כ'גיי אַרויס. ביים טויער קוק איך זיך אום. וויפל פאַשיסטן! און אויב עמעצן פון זיי וועט איינפאַלן מיך אָפּצושטעלן?... צום גליק, באַ־מערקן זיי מיך אַפילו נישט.

מיט אַ ציטערנדיק האַרץ גיי איך איבער דער גאַס. כ׳שלעפּ זיך מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ און קוק זיך אויף קיינעם נישט אום. איך צייל די טריט. אין דער וואָלענער אוניפאָרם איז שטאַרק הייס.

ביים אַריבערגיין די געדימינאַ־גאַס וואַרפט זיך מיר אין די אויגן די גרויסע צאָל אויטאָס און מיליטער־לייט אין גרינע, ברוינע און שוואַרצע בגדים. איינער פון זיי איז דורכגעגאַנגען האַרט לעבן מיר. איך האָב דערזען אויף זיין אַרבל אַ באַנד מיט אַ האַקנקרייץ.

נו, אָט איז די שול. אַ כאַאָס, אומאָרדענונג. שמוציק. אויף די טרעפּ האָט מיך באַגעגנט קאַוקאָריוס פון ניינטן קלאַס.

— נאָך וואָס ביסטו געקומען? מאַרש פונדאַנען!

איך בעט אים, ער זאָל מיך דורכלאָזן. נאָר ער רייסט מיר אַראָפּ פון קאָפּ דאָס אוניפאָרם־היטעלע.

— אַוועק פונדאַנען! און שטינק דאָ נישט אין אונדזער שול!

איך גיי צוריק און שטויס זיך אָן מיטן לערער ה. יאַנאַיטיס. כ׳האָב מורא, ער זאָל מיך אויך נישט אָפּזידלען און אייל זיך פאַרבייגיין. אָבער דער לערער שטעלט מיך אָפּ, גיט אַ האַנט און פרעגט, נאָך וואָס בין איך געקומען. ער גייט מיט מיר אין קאַנצעלאַריע, העלפט אויפזוכן דעם אַטעסטאַט און די מעטריקעס. ביים אַרויסגיין באַגלייט ער מיך, כדי קאַוקאָריוס זאָל מיך ווידער נישט פאַרהאַלטן. ער זאָגט צו אין אָוונט קומען צו אונדז.

זיין וואָרט האָט ער געהאַלטן. די מאַמע וווּנדערט זיך: אַ ווייניק באַקאַנטער, בלויז אַ לערער, נאָר באַציט זיך, ווי אַן אייגענער מענטש, לייגט אַפילו פאָר זיין הילף.

* *
*

אין דער פאַרשטאָט שניפּעשיק איז געווען אַ פּאָגראָם. באַנדיטן האָבן אָנגעצונדן אַ שייטער, געבראַכט אַהין צושלעפּן דעם היגן רב און נאָך עטלעכע זקנים מיט לאַנגע בערד, אַרויסגעטראָגן פון די שולן די ספרי־תורות און באַפוילן די יידן צו וואַרפן זיי אין פייער. ווייטער האָט מען געצוווּנגען די זקנים, זיי זאָלן זיך אויסטאָן נאַקעט, נעמען זיך פאַר די הענט, טאַנצן אַרום דעם שייטער און זינגען דאָס סאָוויעטישע ליד „קאַטיושאַ“. נאָכדעם האָט מען די זקנים אונטערגעטשאַליעט אויפן

פייער, געצופּט זיי ביי די בערד, געשלאָגן און געצווּנגען ווידער צו טאַנצן.

איז דאָס אמת? צי קאָן מען דען אַזוי זיך איזדעקעווען איבער מענטשן?

*   *
*

אויף נאָווגאָראָדער גאַס איז אויך געווען אַ גרויסער פּאָגראָם.

חוץ דעם, האָבן די אָקופּאַנטן אויפגעהאָנגען עטלעכע מענטשן פאַר די פּיס. עמעצער האָט געמסרט, אַז זיי האָבן געוואָלט עוואַקוירן זיך אין דער טיף פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, נאָר זיי האָבן נישט באַוויזן און זיך אומגעקערט צוריק.

וואָס וועט זיין, אויב דער הויזוועכטער וועט אויף אונדז אויך מסרן? ער האָט דאָך געזען, ווי מיר זענען אַוועק פונדערהיים.

*   *
*

אויף די גאַסן האָט מען אַרויסגעהאָנגען אַ באַפעל: קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן מוזן זיך רעגיסטרירן. מענטשן, וועלכע ווייסן, ווו עס געפינען זיך מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, פון קאָמיוג, פון מאָפּר, וואָס מיידן אוים די רעגיסטראַציע, מוזן תיכף מעלדן אין געסטאַפּאָ.

איך בין אַ פּיאָנערקע. נאָר וועגן פּיאָנערן איז אין באַפעל נישט געשריבן. די מאַמע זאָגט, אַז זי וואָלט מיך סיווי נישט רעגיסטרירט, נאָר דעם פּיאָנערישן האַלדזטוך דאַרף מען באַהאַלטן. אפשר אויסשמירן אים אין סאַזשע? אין קיין פאַל נישט! מען האָט מיר אים אַזוי פייער־לעך אויסגעבונדן, כ׳האָב געגעבן אַ שבועה און מיטאַמאָל — סאַזשע! ניין! מיר האָבן באַשלאָסן אַריינגייען אים ביים פּאַפּאַ אין ראָק, אינעם אונטערשלאַק. ווען די מאַמע האָט גענייט, האָב איך זיך גע־שפּילט מיט די קינדער: זיי זאָלן נישט זען. זיי זענען נאָך קליינינקע, קאָנען זיי אויספּלאַפּלען.

דאָס מאָפּר־צייכנדל פונעם פּאַפּאַ האָט די מאַמע באַהאַלטן אויפן בוידעם. אונדז האָט זי געהייסן דורכקוקן די פּאַפּירן פונעם פּאַפּאַ.

דאָרט זענען דאָ אויך ענינים פון קאָמוניסטן, וועלכע ער האָט פאַרטיידיקט. אויב מען וועט דאָס געפינען, וועט מען אונדז דערשיסן.

אגב, זענען די ענינים זייער פאַרשידענע. אנדערע לייענען זיך, ווי אינטערעסאַנטע ביכער. שווער אָפּצורייסן זיך פון זיי. איך לייג זיי אָפּ אין אַ זייט — וועל זיי איבערלייענען נאָכאַמאָל.

אין די גאַסן הענגט נאָך אַ באַפעל: אין שטאָט מוז זיין שטיל און רואיק. אַלס ערבות־לייט זענען גענומען געוואָרן 100 מענטשן. אין פאַל פון קלענסטע אומאָרדענונגען אָדער אומגעהאָרכזאַמקייט — וועלן אַלע ערבות־לייט דערשאָסן ווערן.

* *

*

די אָקופּאַנטן האַלטן זיך אַזוי, ווי זיי וואָלטן זיך געקליבן לאַנג דאָ צו בלייבן. זיי פירן איין אייגענע געלט — מאַרקעס. זיי טוען אַ טובה און לאָזן צייטווייליק זיין גילטיק אויך די סאָוויעטישע רובלס, אָבער דעם פּרייז פון אַ רובל באַשטימען זיי סך־הכל צען פעניג. דאָס הייסט, אַז 10 רובל אין גלייך סך־הכל צו איין מאַרקע.

זיי האָבן אויסגעהאַנגען אַ נייעם באַפעל: אַלע (דאָ שוין אָן אונ־טערשייד פון נאַציאָנאַליטעט, אַז אויסנאַם זענען נאָר דייטשן און „פאָלקס־דויטשע") מוזן אָפּגעבן זייערע ראַדיאָס. פאַרן באַהאַלטן אַ ראַדיאָ־אַפּאַ־ראַט, פאַר הערן סאָוויעטישע אָדער אויסלענדישע טראַנסמיסיעס — טויט־שטראָף!

די מאַמע מיט מירען האָבן איינגעוויקלט דעם ראַדיאָ אין אַ טישטעך און אַוועקגעטראָגן.

אויפן ראַדיאָ־טישל האָב איך אויסגעלייגט מיין אַלבאָם מיט לידער, דאָס טאָגבוך, אַ טינטער, אַ בלייער. איצט וועל איך אויך, ווי דער־וואַקסענע, האָבן אן אייגענעם שרייבטיש.

* *

*

שוין עטלעכע טעג, ווי די היטלעריסטן גייען איבער די הייזער און קאָנטראָלירן, ווי מען פּילט אויס זייער באַפעל. געכטן זענען זיי געווען



טאָובע ראָלניק — מאַשעס מוטער

אויך ביי אונדז. נישט געפונען קיין ראַדיאָ־אַפּאַראַט, האָבן זיי צוגענומען דעם מאַמנס שרייב־מאַשינקע און דעם טעלעפאָן, ביי די שכנים האָבן זיי אויך צוגענומען די טעלעפאָנען, וועלאָסיפּעדן און שרייב־מאַשינקעס.

היינט איז געקומען צו אונדז גאָובענע. זי האָט דערציילט, אַז סאַלאָמעיאַ נערים איז „אַנטלאָפן צו די רוסן". זי וואָלט געקאָנט רואיק לעבן, אויב זי וואָלט נאָר געשריבן לידער און זיך נישט געמישט אין פּאָליטיק. אָך, ווי זי, גאָובענע, האָט דעמלט איינגערעדט די פּאָעטעסע נישט אַרויסצוזאָגן זיך פאַר דעם, אַז ליטע זאָל אַריינטרעטן אין באַ־שטאַנד פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד, נישט פאָרן מיט דער דעלעגאַציע קיין מאָסקווע.

איך האָב שטענדיק געטראַכט, אַז גאָובענע איז אַן אויסערגעוויינ־לעכער מענטש, אויב זי איז באַקאַנט מיט אַזאַ פּאָעטעסע, ווי סאַלאָמעיאַ נערים. איצט זע איך, אַז איך האָב געהאַט אַ גרויסן טעות. גאָובענע, ווי עס שיינט, האָט ליב צו חברן זיך מיט אַלעמען, וועמ עס איז באַרימט. מיט וויפל שטאָלץ דערציילט זי, אַז ביי איר לעבט אַ דייטשישער אָפיציר! אגב, ער בעט נאַטורעלע קאַווע. אין דייטשלאַנד איז שוין לאַנג נישטאָ אַזאַ קאַווע. ער וואָלט וועלן קויפן אויך אַ ביכל מיט היינעס לידער. אין דייטשלאַנד איז היינע פאַרבאָטן (ווייזט זיך אַרויס, אַז היינע איז אויך אַ ייד). און גאָובענעס שכן האַלט, אַז ער איז דער בעסטער דיכ־טער און ער וואָלט וועלן קריגן אַ זאַמלבוך און זיינע לידער.

די מאַמע האָט אָפּגעגעבן סיי די קאַווע, סיי היינען. גאָובענע האָט צוגעזאָגט ברענגען פאַר דעם געלט.

* *
*

די פאַשיסטן גייען ווידער איבער די יידישע הייזער. אַמאָל אַליין, אַמאָל, עס זאָל האָבן אַ „געזעצלעך" פּנים, טרייבן זיי מיט זיך אויך די הויז־וועכטער. זיי פאַרשרייבן דאָס מעבל און פאַרזאָגן שטרענג, אַז אַלץ מוז בלייבן אויפן אָרט. מע טאָר נישט נישט אַרויספירן, נישט פאַרקויפן. אויב עס וועט פאַרפאַלן ווערן כאָטש איין שטול, וועט מען דערשיסן די גאַנצע משפחה.

נאָר שיין מעבל פירן זיי גלייך אַוועק, נישט פאַרשרייבנדיק בכלל. אמתע רויבער!

*　　*
*

עס זענען נאָך קיין צוויי וואָכן נישט אַוועק, זינט די אָקופּאַנטן זענען אַריין אין שטאָט, און ווי עס האָט זיך אַלץ געענדערט!

אין שטאָט זענען אויסגעהאָנגען נייע באַפעלן: אַלע יידן — דער־וואַקסענע און קינדער — מוזן טראָגן לאַטעס: אַ ווייס שטיקל שטאָף פון 10 צענטימעטער די לענג, אויף דעם אַ געלער קיילעך, אין קיילעך אַ געלער בוכשטאַב „J“. די לאַטעס דאַרף מען צונייען צו די אויבערשטע בגדים, פון פאָרנט און אויפן רוקן.

די אָקופּאַנטן האַלטן אונדז אַפילו פאַר קיין מענטשן נישט און צייכענען ווי שאָף. דערמיט קאָן מען אין קיין שום פאַל נישט איינשטי־מען! צי דען וועט קיינער נישט וואגן צו געבן אַ ווידערשטאַנד?

די מאַמע הייסט העלפן נייען די לאַטעס. זי צעשניידט אַ געלן אונטערשלאַק פון אַן אַלטער דעקע און מיר נעמען נייען אונדזערע שאַנד־צייכנס. עס קומען עטלעכע שכנות, וועלכע האָבן נישט קיין געלן שטאָף.

די אַרבעט גייט גאַנץ שווער: דאָ איז צו ברייט, דאָ צו קרום. קיינער רעדט נישט. מען זיפצט.

אַוועקגייענדיק, זאָגט איין שכנה, אַז מען דאַרף די לאַטעס טראָגן מיט שטאָלץ. געפונען, מיט וואָס צו שטאָלצירן... וואָס שייך מיר, וועל איך מיט זיי אין גאַס נישט אַרויסגיין — איך שעם זיך צו טרעפן אַ לערער אָדער אַפילו אַ חברטע.

ס'איז דאָ נאָך אַ באַפעל פון די היטלעריסטן: אַלע יידן מוזן אָפּגעבן זייער געלט, צירונג און אַלע גילדענע חפצים. פאַר זיך מעג מען לאָזן נאָר 30 מאַרק, ד. ה. 300 רובל.

פּיאַווקעס! אַפּנים, אַז אין זייער פאַרשאָלטענער געסטאַפּאָ זיצט עפּעס אַ שד, וואָס טראַכט ספּעציעל צו פאַר אונדז אַלץ נייע צרות.

*　　*
*

די לאַטעס און קאָנפיסקאַציע פון געלט — איז נאָך די קלענסטע צרה. זיי דערהרגענען אומשולדיקע! באַוואָפנטע פּאַטרולן פאַרהאַלטן אויף דער גאַס מאַנצבילן און טרייבן זיי אין לוקישקער תפיסה.

די מאַנצבילן האָבן מורא ארויסצוגיין אין גאַס. אָבער דאָס ראַטעווען זיי נישט: די באַנדיטן רייסן זיך אַריין ביינאַכט אין די הייזער און נעמען צו אַפילו ייִנגלעך.

פון אָנהייב האָבן אַלע געגלויבט, אַז פון תּפיסה פירט מען אַוועק אין אַן אַרבעטס־לאַגער אין פּאָנאַר. איצט אָבער ווייסן מיר שוין: אין פּאָנאַר איז נישטאָ קיין שום לאַגער. דאָרטן דערשיסט מען! די דערשאָסענע וואַרפט מען אַריין אין צעמענטירטע גריבער.

איז עס מעגלעך? דאָס איז אַזוי שרעקלעך!!! פאַר וואָס, פאַר וואָס הרגעט מען?!

די „כאַפּערס" — אַזוי רופט מען זיי — הערן נישט אויף זייער מיאוסע מלאכה. אין יעדער דירה זענען געמאַכט מעלינעס, וווּ די מאַנצבילן ליגן באַהאַלטן טאָג און נאַכט.

אפשר איז גאָר נישט שלעכט, וואָס דער פּאַפּאַ איז נישטאָ. אפשר איז ער ד אָ ר ט ן?... ער קעמפט אויפן פראָנט און וועט אונדז באַפרייען. ווען דער לערער יאָנאַיטיס דערציילט די נייעס פון מאָסקווער ראַדיאָ (ער האָט זיין ראַדיאָ־אַפּאַראַט נישט אָפּגעגעבן, נאָר באַהאַלטן אין האָלץ־שטעלכל), דוכט זיך מיר אַלץ, אַז ער וועט דערציילן עפּעס אויך וועגן דעם פּאַפּאַ. די מאַמע האָט דווקא דערפאַר זייער מורא. זי וויל, פאַרשטייט זיך, אויך דערוויסן זיך וועגן דעם פּאַפּאַ, אָבער נישט דורך ראַדיאָ, ווייל דאַן וועט מען אונדז דערשיסן ווי אַ פאַמיליע פון אַ רויטאַרמייער.

און אפשר וועט מען נישט דערשיסן? אָט לעבן דאָך די פאַמיליעס פון סאָוויעטישע אָפיצירן. מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין צוויי הייזער אויף סובאָטשער גאַס און מען האַלט זיי דאָרטן. נאָר ווער קאָן וויסן, וואָס וועט מיט זיי ווייטער זיין? די פאַשיסטן קאָן מען בכלל נישט פאַרשטיין: אין דער גאַנצער וועלט הרגעט מען נישט קיין קריגסגעפאַנגענע, און זיי האָבן אין פּאָנאַר דערשאָסן פיר טויזנט.

דערשאָסן... מען האָט די מענטשן געבראַכט צו טרייבן צו די גריבער, צו יעדערן אויסגעשטרעקט אַ ביקס, פונוואַנען עס פליען אַרויס קלייניקע קוילן, שניידן זיך אַריין אין די הערצער, און מענטשן פאַלן טויט. ניין, נישט יעדערן טרעפט גלייך אין האַרצן אָדער אין קאָפּ, פיל פאַרוואונדעטע מען נאָר, און זיי קומען אום אין שוידערלעכע יסורים. עס זענען איבערגעריסן געוואָרן פיר טויזנט לעבנס, פאַרשניטן געוואָרן אַזוי פיל יונגע פריילעכע מענטשן, און דאָס אַלץ רופט מען מיט איין וואָרט

„דערשאָסן". כ'האָב גאָר קיינמאָל נישט פאַרגעשטעלט זיך דעם זין פון דעם דאָזיקן וואָרט. „פאַשיזם", „מלחמה", „אָקופּאַציע" זענען דאָך געווען בלויז ווערטער, וועלכע זענען דערמאָנט געוואָרן אינעם לערנבוך פון געשיכטע.

אַפּנים, אַז אויך איצט, אין אַנדערע שטעט און לענדער, ווו עס איז נישטאָ קיין מלחמה און פאַשיזם, שטעלן זיך מסתמא מענטשן נישט פאָר דעם אמתן זין פון אַזעלכע ווערטער. דעריבער מוז מען פאַרשרייבן אין טאָגבוך אַלץ, וואָס דאָ טוט זיך אָפּ. אויב איך וועל בלייבן לעבן, וועל איך אַליין דערציילן, אויב נישט — וועלן אַנדערע איבערלייענען, אָבער זאָל מען וויסן! אומבאַדינגט!

*   *

*

ווייטער אַ גייעס: יידן דאַרפן טראָגן שוין אַנדערע צייכנס: נישט קיין קוואַדראַט, נאָר אַ ווייסן באַנד און אינמיטן אַ געלן מגן־דוד. דעם באַנד דאַרף מען טראָגן אויף דער לינקער האַנט.

די גאַנצע צייט ווילט זיך מיר עסן. מיר רעדן וועגן דעם מיט מירען נאָר צווישן זיך, כדי די מאַמע זאָל נישט האָבן קיין איבעריקן האַרץ־ווייטיק, אָבער די קלענערע קינדער קלאָגן זיך שטענדיק. די מאַמע לעבט דאָס שטאַרק איבער. טיילנדיק אונדז דאָס ברויט, זיפצט זי אָפּט. זיך, פאַרשטענדלעך, נעמט זי דאָס קלענסטע שטיקל. דאָס איז דערפאַר, וואָס אויף די ברויט־קאַרטן גיט מען זייער ווייניק, און נאָר אין עטלעכע, ספּעציעל פאַר אונדז אויסגעטיילטע קרעמלעך. די רייען זענען שרעקלעכע. מען שטייט צומאָל אַ גאַנצן טאָג און מען קערט זיך אום אַהיים מיט ליידיקע הענט. מיר עסן דאָס, וואָס דער מאַמען געלינגט אויסצובייטן ביי פּויערים פון דאָרף. איך האָב זיך זייער פאַרבענקט נאָך מילך.

די טעג האָט דער לערער יאַנאַיטיס געבראַכט אַ שטיקל חזיר־פעטס. אַ פאַרשעמטער האָט ער לאַנג דערקלערט, אַז ער האָט דאָס באַקומען אויפן קאַרטל, נאָר ער דאַרף דאָס נישט: אַ דערוואַקסענער מענטש קאָן זיך באַגיין אָן פעטס. פאַר קינדער אָבער, וואָס האַלטן אין וואַקסן, איז פעטס אומבאַדינגט נויטיק. די מאַמע איז געווען דערפון זייער גערירט, און מיר איז געווען אַ בושה, וואָס מען ברענגט אונדז אַ נדבה. אָבער דער

לערער איז באַשטאַנען אויף זיינס. די קינדער האָבן צום ערשטן מאָל באַקומען אַ געשמאַקן אָוונטברויט.

אָבער די גוטע שטימונג איז צעשטערט געוואָרן דורך דער טרויעריקער ידיעה: אין שול איז אויסגעהאָנגען געוואָרן אַ באַפעל, אַז אַלע קאָמוניסטן (י. טיטליוס, א. טיטליוטע און אַנדערע) און אַלע יידן ווערן אויסגעשלאָסן.

הייסט עס, איך בין מער נישט קיין שילערין... איז וואָס וועל איך טאָן ווינטער? צי דען וועל איך בלייבן אָן בילדונג?

*　　　*
*

איך האָב מיט מירען שוין לאַנג זיך דערראַדעט, אַז יעדע פון אונדז, זאָל איבער אַ נאַכט שלאָפן אויפן באַלקאָן, וואָס איז פון הויף, ווייל אונדזער דירה, איבערהויפט דאָס שלאָפצימער, איז ווייט פון טויער, און מיר הערן קיינמאָל נישט, ווען עס קלאַפן די „נאַכט־געסט". מיר כאַפן זיך אויף, ווען זיי זענען שוין אין הויף. אויפן באַלקאָן קאָן מען אַלץ דערהערן באַצייטנס.

דער ערשטער נאַכטלעגער אונטערן פרייען הימל פאַלט אויס אויף מיין חלק. די נאַכט איז אַ פּרעכטיקע. אין הימל שימערירן אָן אַ שיעור שטערנדלעך. איצט וועל איך אַלעמאָל שלאָפן דאָ: אַ חיות! איך פּרוּוו זיך דאָס אַלץ באַשרייבן אין לידער. נעיאָלען און בירוטען געפעלן מיינע לידער, אָבער זיי פאַרשטייען אין דעם נישט מער, ווי איך. לודא לויבט אויך. נאָר ווי שרייבט זי אַליין?

אַ־האַ־האַ,
דאָרט, ביי לימפּאָפּאָ,
לעבט אַן אַלטער דאַנזשואַן,
אַ גילער קראָקאָדיל.

אָבער אויב פּאָרט פּרובירן באַשרייבן אָט די נאַכט?...

עס ווינקען מיר שטערנדלעך קליינע,
זיי זענען, ווי איך, איצטער וואַך.
נאָר זעען זיי דען, ווי מיר וויינען,
ווי שרעקלעך ס'איז אונדז יעדע נאַכט?

ס'טויג נישט. מאָרגן וועל איך זיך אַוועקזעצן און גוט אַ טראַכט געבן, אַז דאָס ליד זאָל זיך באַקומען ווי עס באַדאַרף צו זיין. עס מוז שמעקן מיט היינטיקער נאַכט, אָבער גוט וואָלט געווען אָן אַ מלחמה. טויגן דען אין לידער שווידערלעכע זאַכן? שוין בעסער שרייבן וועגן פרילינג, וועגן אַ פריילעך טייכעלע...

מען קלאַפּט! ביי אונדז אין טויער!!

איך לויף אַריין אין שלאָפצימער, וועק אויף די מאַמע. צוזאַמען מיט מירען העלפן מיר אָנטאָן די קינדער. ראובעלע פרוווט וויינען, אָבער ער הערט גלייך אויף: ער פאַרשטייט אויך, אַז מען טאָר נישט.

מען קלאַפּט שוין אין אונדזער טיר. די מאַמע גייט זיי אַריינלאָזן. מיר שלעפּן זיך נאָך איר.

עס פאַלט אַריין אַ באַנדע שיכורע סאָלדאַטן. זיי צעגייען זיך איבער אַלע צימערן. איינער בלייבט אונדז היטן. ער באַפעלט, מיר זאָלן זיך נישט באַוועגן, אַנישט וועט ער שיסן.

זיי זוכן אין די שאַפעס, וואַרפן אַלץ אַרויס פון די טישקעסטלעך, פרעגן, ווו איז דער פאַפּאַ. די מאַמע ענטפערט, אַז מען האָט אים צו־גענומען אין די ערשטע טעג, גלייך נאָך די ערבות־לייט. „דו לייגסט!“ — האָט אַ געשריי געטאָן דער סאַמע שלעכטער, מסתמא זייער עלטסטער. — „ער איז געווים אַנטלאָפן מיט די באָלשעוויקעס! איר זייט אַלע באָלשע־וויקעס, און אינגיכן וועט אייך זיין קאַפּוט!“

און ווייטער זוכן זיי, נישטערן, צעוואַרפן אַלץ. די מאַמע ציטערט און הייסט אונדז שטיל זיי נאָכקוקן, אַז זיי זאָלן נישט אונטעררוקן קיין געווער אָדער פּראָקלאַמאַציעס. נאָכדעם וועלן זיי זיך מאַכן, אַז זיי האָבן געפונען, און דערשיסן אונדז. אָבער ווי קוקט מען נאָך, אַז עס איז פאַר־ווערט אַפילו זיך אַ ריר צו טאָן?

גאָרנישט נישט געפונען, נאָכאַמאָל אָנגעשראָקן, אַז אינגיכן וועט אונדז שוין זיין „קאַפּוט“, האָבן די סאָלדאַטן זיך אָפּגעטראָגן.

מיר לייגן זיך שוין נישט. דער מאַמען גייען נישט אַרויס פון קאָפּ דעם דייטשס ווערטער, אַז דער פאַפּאַ איז געווים אַנטלאָפן מיט די באָל־שעוויקעס. אפשר ווייסט ער עפּעס? אפשר איז דער פאַפּאַ טאַקע דאָרטן — און לעבט, שלאָגט זיך מיטן שונא!

אויפן באַלקאָן וועל איך מער נישט שלאָפן. און וועגן מיין „פּאָעזיע“ מיט די שטערן וועל איך אַפילו קיינעם נישט דערציילן...



אין „געביטסקאָמיסאַריאַט" האָט מען אַרויסגערופן די מיטגלידער פון יודענראַט (דער יודענראַט איז געשאַפן געוואָרן ערשט נישט לאַנג פון די שטאָטישע פּני. צו זיי האָבן די היטלעריסטן, מסתמא, מער צוטרוי. קיינער האָט דעם יודענראַט נישט געקליבן, כאָטש ער הייסט כלומרשט „ראַט"). מען האָט זיי אַרויסגערופן און געזאָגט, אַז אויף די יידן פון ווילנע ווערט אַרויפגעלייגט אַ קאָנטריבוציע — פינף מיליאָן רובל. די דאָזיקע סומע מוז ווערן צונויפגעקליבן און אַרייגעטראָגן ביז מאָרגן 9 אַזייגער אינדערפרי. אויב נישט — וועט מען שוין האַלב צען אָנהייבן אומברענגען אַלע יידן פון שטאָט. די פינף מיליאָן מעג מען אַריינטראָגן נישט נאָר מיט געלט — אויך מיט גאָלד, זילבער און אַנדערע ווערטפולע חפצים.

די מאַמע האָט צונויפגעקליבן ביזן לעצטן גראָשן, די רינגען, אַ קייטעלע און איז אַוועק.

איך שטיי ביים פענצטער, קוק און וויין: עס איז שרעקלעך צו טראַכטן, אַז מאָרגן וועל איך דאַרפן שטאַרבן. נאָך ערשט נישט לאַנג זיך געלערנט, אַרומגעלאָפן איבער די שול-קאָרידאָרן, געשטאַנען ביים טאָוול, און פּלוצים — לייג זיך און שטאַרב! און אויב איך וויל נישט? כ'האָב נאָך אַזוי ווייניק געלעבט! און מיט קיינעם זיך נישט געזעגנט. אַפילו מיטן פּאַפּאַ. דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים געזען אַרויסקריכנדיק פון קעלער. מער וועל איך אים נישט זען. כ'וועל בכלל שוין קיינמאָל מער נישט זען, נישט הערן, נישט פילן און נישט וועלן. איך וועל זיין נישט איך. דאָס אַרומיקע וועט אַלץ זיין ווי געווען — די פעלדער וועלן בליען, אין די וועלדער וועלן פייגעלעך זינגען, אין די שטעט וועט קאָכן דאָס לעבן, אין שול וועלן גיין די לימודים. אָבער איך וועל אינערגעץ נישט זיין — נישט אין שטוב, נישט אויפן גאַס, נישט אין שול... זוכט מיך נישט — איר וועט אינערגעץ מיך נישט געפינען... און אפשר וועט גאָר קיינער נישט זוכן? מען וועט פאַרגעסן. פאַר זיך, פאַר די היימישע בין איך אַ „פּערזאָן". אָבער צווישן טויזנטער בין איך אַ זעמדעלע, איינע פון אַ סך. ווען מיר, אַלע מיינע שטרעבונגען און טרוימען, וועט אפשר עמעצער ווען אַמאָל דערמאָנען מיט איין וואָרט — „געווען". געווען און אומגעקומען אין איין זוניקן זומער-טאָג, ווען די מענטשן האָבן

נישט געקאָנט אויפקלייבן פאַר די אָקופּאַנטן אַ קאָנטריבוציע. און אפשר וועט מען די דאָזיקע צייט אויך פאַרגעסן? לעבעדיקע מיידן דאָך אוים צו רעדן וועגן טויטע. צי דען וועל איך זיין צווישן די טויטע?...

עמעצער גייט אין קאָרידאָר... דער לערער יאָנאַיטיס. כ'האָב אַפילו נישט געהערט, ווען ער איז אַריין. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן מיר, אַוועקגעלייגט די האַנט אויף דער פּלייצע און שווייגט. אָבער איך קאָן זיך נישט באַרואיקן.

ס'איז געקומען די מאַמע. זי האָט אָנגעזאָגט, אַז זי וועט אויפן הויף פון יודענראַט וואַרטן, ביז מען וועט איבערציילן דאָס גאַנצע אויפגעקליבענע געלט. דאָרט וואַרטן אַ סך מענטשן.

יאָנאַיטיס האָט אויסגעליידיקט דעם טייסטער און געבעטן, די מאַמע זאָל אַוועקטראָגן אויך זיין געלט. די מאַמע נעמט נישט: 400 רובל — דאָס איז, מסתמא, זיין גאַנץ געהאַלט. אָבער דער לערער מאַכט מיט דער האַנט: ער וועט ווי-נישט-איז אויסקומען, און דאָ קאָן דאָס געלט ראַטעווען כאָטש איין מענטשנס לעבן.

די מאַמע איז אַוועק און באַלד געקומען צוריק. אַלע זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען און גאָרנישט דערוווּסט זיך: מען האָט נישט געענדיקט ציילן ווי עס איז שוין געוואָרן אַכט אָוונט. און נאָך אַכט טאָר מען אין גאַס נישט גיין (אגב, אויך אין דעם זענען מיר אַן אויסנאַם — נישט-יידן מעגן אַרומגיין ביז צען). די מיטגלידער פון יודענראַט וועלן ציילן אַ גאַנצע נאַכט. אָבער ס'ווייזט אוים, אַז קיין פינף מיליאָן וועט זיך נישט אָנקלייבן...

עס איז אָנגעקומען, הייסט עס, די לעצטע נאַכט... יאָנאַיטיס איז געבליבן ביי אונדז נעכטיקן. די מאַמע האָט אים אויסגעבעט אין קאַבינעט, און מיר, ווי געוויינלעך, האָבן אַלע צוזאַמען זיך איינגעאָרדנט אין שלאָפצימער.

די קינדער זענען איינגעשלאָפן. ווי גוט זיי איז, אַז זיי פאַרשטייען גאָרנישט. די נאַכט ציט זיך זייער לאַנגזאַם. און זאָל זי זיך ציען. ווען די צייט זאָל זיך איצט אינגאַנצן אָפּשטעלן, וועט דאָך נישט קומען דער פרימאָרגן און מיר וועלן נישט דאַרפן שטאַרבן.

אָבער די זון איז יאָ אויפגעגאַנגען...

די מאַמע איז אַוועקגעלאָפן אין יודענראַט. דערוווּסט זיך, אַז מען האָט צונויפגעקליבן נישט מער ווי דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן, וועלכע

מען האָט גאָרוואָס איינגעפּאַקט אין קלומעקעס און אַוועקגעפירט אין „געביטסקאָמיסאַריאַט“.

זיי וועלן פּאַרלענגערן דעם טערמין, צי נישט? אפשר האָבן נעכטן נאָך נישט אַלע געוווסט און וועלן ברענגען היינט?

די מאַמע האָט יעדערן דערלאַנגט זיין פּעקעלע וועש. מיר וואַרטן...

אויף די טרעפּ האָבן זיך דערהערט טריט. דאָס קערט זיך אום דער אינזשיניער פריד (ער וווינט אין דער שכנותדיקער דירה און איז אַ מיט־גליד פון יודענראַט). די מאַמע איז אַריין צום שכן. זיך אומגעקערט אַ שטראַלנדיקע: די אָקופּאַנטן האָבן צוגענומען די קאָנטריבוציע, אַפילו נישט ציילנדיק.

הייסט עס, מיר וועלן לעבן!

*　　*
*

אַלע באַהאַלטן ביי באַקאַנטע ליטווינער זייערע זאַכן: די פּאַשיסטן קאָנען זיי אויך אָפּשרייבן, ווי דאָס מעבל. דאַן וועט נישט זיין פון וואָס צו לעבן.

די מאַמע האָט אַוועקגעפירט צום לערער יאָנאַיטיס דעם טאַטנס בי־כער, אַ מאַנטל, אָנצוגן, שיך און צוויי נייע זיידענע דעקעס. טראָגן צו אים מער האָט זי מורא געהאַט: דער לערער איז אַ בחור און אויב מען וועט ביי אים געפינען פרויען־קליידער אָדער קינדער־בגדים, קאָן דאָס זיין פּאַרדעכטיק. צווישן די ביכער האָב איך אַריינגערוקט אויך דאָס ערשטע העפט פון מיין טאָגבוך. די איבעריקע זאַכן האָט די מאַמע אַראָפּ־געטראָגן אין קעלער.

*　　*
*

מענטשן זוכן אַרבעט, ווייל מען רעדט, אַז די, וואָס אַרבעטן, גיט מען אַרויס אַרבעטס־שיינען מיטן דייטשישן אָדלער, און די „באַפּערס“ וועלן זיי נישט טשעפּען.

אַ סך אַרבעטן שוין ביים רעמאָנטירן די וועגן, אויפן אעראָדראָם און נאָך ערגעץ ווו. נאָר די צוזאָגענישן פון די דייטשן זענען גאָרנישט

נישט ווערט. די מערדער צערייסן אַרויסגעגעבענע שיינען און פירן סייווי אַוועק.

ס'אַרא הפקרות דאָ הערשט! און קלאָגן זיך איז נישטאָ פאַר ווע־מען. זאָגן אַ וואָרט קעגן טאָר מען נישט. איין פרוי האָט נישט געלאָזן צונעמען איר מאַן, האָט מען זי דערשאָסן אויפן אָרט, אין דעם מאַנס אָנוועזנהייט...

* * *

היינט איז דער 21 יולי, כמעט אַ חודש נאָכן אָנהויב פון דער מלחמה און מיין געבורטסטאָג. מיר איז געוואָרן פערצן יאָר. באַגריסנ־דיק און ווינטשנדיק לאַנגע יאָר, האָט די מאַמע זיך פאַנאַנדערגעוויינט. וויפל מאָל האָב איך געהערט דעם פשוטן ווונטש און קיין איין מאָל האָב איך נישט אַ טראַכט געטאָן וועגן זיין גרויסן באַדייט...

לכבוד דעם געבורטסטאָג הייסט מיר די מאַמע אָנטאָן דאָס העל־בלויע זיידענע קליידל. דאָס קליידל איז אָן די געלע לאַטעס. ווי מאָדנע פיין איך זע אויס אין דעם! אַ שאָד נאָר, וואָס די האָר זענען צו לאַנג.

פלוצלינג האָט מיר אַ בליץ געטאָן אין קאָפּ אַ גלענצנדיקער געדאַנק.

כ'האָב געזאָגט דער מאַמען, אַז איך וויל אַריינגיין צו דער שכנה, צו דער מומע בערטע, און ווייזן איר דאָס קליידל. שטיל אַריינגערוקט די האַנט אין שאַפע (דאָרט אונטערן וועש ליגט געלט) און — נעלם געוואָרן. ווי דערשפירנדיק עפּעס נישט גוטס, שרייט מיר די מאַמע נאָך, איך זאָל נישט וואַגן אַרויסגיין אין גאַס אָן די געלע לאַטעס.

און דווקא דאָס האָב איך זיך געקליבן צו טאָן. אַראָפּגעשפּרונגען פון די טרעפּ, לויף איך אַרויס דורכן טויער, און דרייסט, זיך נישט אַרומ־קוקנדיק, שפּריין איך מיר אויף דער ברייטער גאַס. כ'גיי אַריין צו אַ פריזירער. ערשט דאָ כאַפּט מיך אָן אַ שווידער: וואָס האָב איך אָפּגעטאָן?!

מען בעט מיך זיך זעצן: איך וויל אויסזען רואיק און נישט קוקן אויפן פריזירער. אָבער ער, אונטערבינדנדיק אַ ווייס סערוועט, שמייכלט צו מיר אין שפּיגל. ער האָט מיך דערקענט! איך קוק אויף אים מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. איך לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ, עס זאָל זיך נישט זען דאָס פּנים. דאָס האַרץ קלאַפּט, און דער פריזירער, ווי אויף צו

להכעיס, פאַרקעט זיך לאַנג. אפשר אַרויסקויפן? מען טאָר נישט... זאָל כאָטש נישט אַריינגיין קיין היטלעריסט!

גאָט צו דאַנקען! איך באַצאָל און לויף אַרויס.

איצט בין איך אינגאַנצן רואיק און וווּנדער זיך אַליין, פאַרוואָס האָב איך ביים פריזירער זיך אַזוי געטריישלט. קיינער קוקט אַפילו נישט אויף מיר.

פון דער מאַמען האָב איך געקראָגן דעם אמתן פּסק. געמוזט צו־זאָגן, אַז מער וועל איך אַזעלכע קונצן נישט פּראַווען.

די מאַמע האָט צוגעגייט צו אַלע קליידלעך לאַטעס...

* *
*

מיר טאָרן נישט גיין אויפן טראָטואַר. מיר מוזן גיין נאָר אויפן ברוק, לעבן רעכטן טראָטואַר. אגב, יידן טאָרן זיך נישט באַנוצן מיט קיין שום פאַרבינדונגס־מיטלען, ווי אויטאָס, אויטאָבוסן און א. וו. אַפילו באַלעגאָלעס מוזן אויף זייערע דראָזשקעס אויפהענגען אַ ברעטל, אַז יידן באַדינען זיי נישט.

ווידער אַנדערע לאַטעס. דער זעלבער מגן־דוד, אָבער נישט אויפן אַרבל, נאָר אויף אַ קוואַדראַט פון ווייסן שטאָף, צוגענייט פון פאָרנט און אויפן רוקן.

מען קאָן מיינען, אַז עפּעס אַ פאַשיסט וויל נישט גיין אויפן פראָנט, באַמיט ער זיך מיט זיינע אומענדלעכע צוטראַכטענישן דערווייזן, אַז ער איז אויך דאָ זייער טעטיק און גייטיק.

* *
*

געסטאַפּאָ האָט ווידער געשיקט רופן די מיטגלידער פונעם יודענראַט. וואָס וועלן זיי איצט צוטראַכטן? ווידער אַ קאָנטריבוציע?

אין גרויס שרעק וואַרטן מיר אויפן שכן.

ער האָט זיך צוריקגעקערט ערשט פאַרנאַכט.

ווייזט זיך אַרויס, אַז אים און נאָך איין מיטגליד פון יודענראַט האָט מען אַרויסגעלאָזן און די איבעריקע אַוועקגעפירט אין תפיסה. פאַר־

וואָס? אין וואָס באַשולדיקט מען יענע און פאַר וועלכע מעשים־טובים האָט מען אַרויסגעלאָזט די?

* *
*

אַ הייסער אויגוסט־זונטיק.

אינמיטן טאָג האָבן מיר דערהערט אַ טומל.

מיר זענען צוגעלאָפן צום פענצטער. אַ באַנדע שיכורע היטלעריסטן שלאָגן אַ יידישן בחור, טרייבן אים צום ראַטהויז, שטעלן אַוועק מיטן פנים צו דער וואַנט און ממתן. און ער, נעבעך, וואַרט מסתמא אויף אַ שאָס, ווייל ער צאַפּלט זיך מאָדנע.

עס האָט זיך אויפגעקליבן אַן עולם. איין פאַשיסט דערקלערט, אַז דער־אָ יודע האָט ערשט אויף געדימינאַ־גאַס געשאָסן אין אַ סאָלדאַט פון דער ווערמאַכט. דערפאַר וועלן ענטפערן אַלע יודען. איין סאָלדאַט פון גרויסן רייך איז טייערער פון טויזנטער אַזעלכע, ווי דער. זאָל יעדער, וועמען עס וויל, שלאָגן דעם פאַרברעכער, דערמיט וועט ער אַריינטראָגן אַ חלק אינעם אויסראָטן די שונאים פון דייטשישן פאָלק.

איינע שמייכלען אונטער צופרידענע, אַנדערע גייען פאַרביי, נישט באַהאַלטנדיק זייער צאָרן.

די היטלעריסטן פאַרהאַלטן אַ פאַרבייפאָרנדיקן אויטאָ, וואַרפן אין אים אַריין זייער פאַרבלוטיקטן קרבן און פאָרן אַוועק.

ווי פון אַ דונער געשלאָגן, זענען מיר פאַרגליווערטע געשטאַנען ביים פענצטער. דער פאַשיסט האָט געזאָגט: „דערפאַר וועלן ענטפערן אַלע יודען...“

* *
*

נאַכט...

עס האָט אָפּגעהילכט אַ שאָס. עמעצער האָט אַ געשריי געטאָן. מען לויפט. געשרייען „האַלט!“

מיר וועקן אויף דאָס קליינוואַרג. דאָס האַרץ טוט מאָדנע ווי ביי יעדן קלאַפּ. פון אויפרעגונג טרייסלט אין קעלט. ווידער אַ שאָס. עמע־

צער שרייט. עס גייען אַ סך, זייער אַ סך מענטשן. די טריט דערוויי־
טערן זיך...

מיר עפענען די פּאַרטקע. עס זעט זיך גאָרנישט. פּשוט אַ קילע
שטערנדיקע נאַכט. שטיל. ערגעץ פּייפט אַ לאָקאָמאָטיוו. און ווידער קיין
שום קלאַנג... אַזוי ווי ס'וואָלט גאָרנישט נישט געווען.

די מאַמע לייגט איין די קינדער שלאָפן. מיר זיצן...

פּלוצלינג רייסן זיך אַריין אין דער שטילקייט שרעקלעכע קולות. צי
דען הויבט זיך ווידער אָן? די שטימען הערן זיך גאָר נאָענט, אָבער
צוגיין צום פענצטער לאָזט די מאַמע נישט — מען קאָן באַמערקן. נאָר
מיך צוט — די אומבאַוווּסטקייט איז נאָך שרעקלעכער. איך באַהאַלט
זיך הינטער דער גאַרדין און גיב אַ קוק. אונטן, אויף דער גאַס, שטעלן
די היטלעריסטן אויס מענטשן, וועלכע מען טרייבט פון יאַטקעווער גאַס.

וויינענדיקע ווייבער מיט נאַקעטע, פאַרוויקלטע אין קאָלדרעס, קינ־
דער... מענער, געהויקערטע אונטער דער שווערקייט פון פּעק און קלו־
מעקעס... קינדער קלאַמערן זיך אין די קליידער פון דערוואַקסענע... מען
שטופּט זיי, מען שלאָגט, מען יאָגט. עס צינדט זיך אָן אַ טאַשן־לעמפּעלע
און באַלייכט צעשראָקענע פּנימער. דאָס לעמפּעלע ווערט פאַרלאָשן און
ס'באַוועגן זיך ווידער נאָר סילועטן...

אין אונדזער טויער, ווייזט אויס, קלאַפּן זיי נאָך נישט, כאָטש מאָ־
מענטנווייז דאַכט זיך, אַז זיי קריכן שוין אויף די טרעפּ.

מען האָט די מענטשן־מאַסע אַוועקגעיאָגט... ווידער שטיל.

עס הייבט אָן צו טאָגן.

* *

*

אינדערפרי דערוויסן מיר זיך: היינטיקע נאַכט האָט מען צוגענומען
אַלע איינוווינער פון יאַטקעווער גאַס, פון אָשמענער, דיסנער, שאַוולער
גאַסן, פון סטראַשון־גאַס און פון אייניקע אַנדערע.

מענטשן זאָגן, אַז פון די דאָזיקע גאַסן זעצט מען אַרויס ליטווינער
און פּאָליאַקן, דאָרט וועט זיין אונדזער געטאָ.

וואָס הייסט געטאָ? ווי לעבט מען דאָרטן?

* *

*

פרייטיק אין אָוונט איז די שטאָט פאַרפלייצט געוואָרן פון פאַטרולן.

זיי האָבן ווידער עפּעס צוגעטראַכט... און צום שלימזל איז אויך דער לערער יאָנאַיטיס היינט נישט געווען. די מאַמע וואָלט אים געבעטן בלייבן ביי אונדז נעכטיקן.

איך זאָג, אַז איך וועל צוגיין צו אים. אָבער די מאַמע דערמאָנט, אַז עס איז שוין אַכט. איז וואָס, וועל איך גיין אָן די לאַטעס. די מאַמע וויל וועגן דעם אַפילו נישט הערן. און דאָך איז קיין אַנדער אויסוועג נישטאָ. איך גיי.

ווער וועט גאָר איינפאַלן, אַז אין אַזאַ צייט גייט אויפן טראָטואַר אָן לאַטעס אַ יידיש קינד?

אָט איז די באַן־גאַס. איך קוק זיך אום, צי שפּירט מיך קיינער נישט נאָך. כ'גיי אַריין. קלאַפּ אָן. ס'איז שטיל... איך קלאַפּ שטאַרקער. קיינער ענטפערט נישט. ער איז נישטאָ! וואָס זאָל איך טאָן? מען דאַרף וואַרטן.

איך קריך אַריין אין אַ ווינקל הינטער דער טיר און שטיי. איך כאַפּ אויף יעדן קלאַנג, וואָס דערטראָגט זיך פון גאַס. פון שווערן טופּען פון שטיוול פאַרכאַפּט דער אָטעם, פון רואיקע טריט נעמט פריילעכער קלאַפּן דאָס האַרץ. די טריט דערנעענטערן זיך, אָבער באַלד דערווייטערן זיי זיך ווידער. יאָנאַיטיס איז נאָך אַלץ נישטאָ. עס מוז שוין זיין צען. וווּ וועל איך אויסשטיין אַ גאַנצע נאַכט? מען קאָן מיך דערזען. און די מאַמע וועט דאָך נ'שט וויסן וואָס איבערצוטראַכטן...

אומגעריכט באַווייזט זיך יאָנאַיטיס!

דערוווסט זיך, נאָך וואָס איך בין געקומען, ווערט זיין פּנים פאַר־ פרויערט: צום באַדויערן, איז שוין פינף מינוט פאַר צען. גיין טאָר מען שוין נישט...

ער בעט מיר אוים אויף דער סאָפע, פאַרמאַכט די לאָדן און הייסט שלאָפן. אָבער ווי שלאָפט מען, אַז די מאַמע ווייסט נישט, וווּ איך בין.

ווען ער האָט מיך אויפגעוועקט, האָב איך נישט גלייך פאַרשטאַנען, וווּ איך געפין זיך. יאָנאַיטיס האָט זיך אייגגעבויגן צו מיר: „איך וועל גיין אַ קוק טאָן, וואָס הערט זיך ביי אייך, דו פאַרשלים זיך און שלאָף נאָך“.

ער האָט זיך אומגעקערט זייער גיך. ביי אונדז איז ער נישט געווען. מען לאָזט נישט דורך. אויף רודניצקי־גאַס בויט מען אַ צוים. דאָרטן וועט זיין אַ געטאָ. מען יאָגט שוין מענטשן.

„וואָס וועסטו טאָן?“ — פרעגט ער מיך. „כ'וויים נישט. ווי מיינט איר?“ ער ווייסט אויך נישט. „אַלע גייען, אפשר זאָלסטו אויך גיין? אָבער אויב דו ווילסט נישט, בלייב ביי מיר“. נאָר ווי וועל איך דאָ לעבן אַליין, אָן דער מאַמען? גיין. כ'וועל גיין...

יאַנאַיטיס לייזיקט אויס זיין פּאַרטפעל און לייגט אין אים אַריין אַלץ, וואָס עס איז דאָ ביי אים אין בופעט, — אַ האַלב לעבל ברויט, אַ שטיקל חזיר־פלייש, אַ געטריקנט קעזל און אַ סלאָיקל קאָנפיטור. ער נעמט אַרויס פון טייסטער דאָס גאַנצע געלט, וואָס ליגט דאָרט, דער־לאַנגט מיר און זאָגט: „באַהאַלט גוט!“ פון געלן פּאַפּיר שניידן מיר אויס לאַטעס, איך ניי זיי צו: איצט אָן די לאַטעס טאָר מען זיך שוין אין גאַס נישט באַווייזן.

מיר גייען אַרויס. יאַנאַיטיס וויל, מסתמא, נישט, אַז איך זאָל זיך שפּירן דערנידעריקט און ער גייט אויך אויפן ברוק... אויב איך זאָל איצט פאַרמאַכן די אויגן און זיך פאָרשטעלן, אַז איך גיי אין שול? ס'איז דאָך ענלעך — די שילער־אוניפאָרם, אַ פּאַרטפעל, דער לערער.... ניין, מען דאַרף נישט פאַרמאַכן די אויגן. איך בין אין די לאַטעס, איך גיי אויפן ברוק — אין געטאָ...

אויף רודניצקי־גאַס, לעבן קלויסטער, קלאַפּט מען פון ברעטער אויף אַ צוים. דורך אַ ספּעציעלן אַריינגאַנג יאָגט מען מענטשן. מיר גייען צו. דער לערער דערמונטערט מיך מיט אַ דריק פון דער האַנט און איך שלייך זיך אַריין דורכן אַריינגאַנג אויף יענער זייט צוים.

וווּהין זאָל איך גיין? אפשר פּרווון דערקלייבן זיך אַהיים? ווייטער גיין לאָזט מען אָבער נישט. אומעטום בויט מען צוימען.

מען יאָגט אַהער נייע און נייע מענטשן. פאַרלווירענע, פאַרמאַטערטע, וואַרפן זיי אַראָפּ פון זיך די פּעק און זעצן זיך אויף זיי, טאַקע דאָ גופא, אויף דער גאַס, אין די הויפן. אומעטום איז פול מיט מענטשן. איך דריי זיך אויך אַרום צווישן זיי, גיי איבער די הויפן, אָבער די מאַמע איז אינערגעץ נישטאָ. און קיין איין באַקאַנטן טרעף איך נישט.

איך שטיי ביים אַריינגאַנג, כדי צו זען די ניי אַריינגעטריבענע. כ'פרעג, פון וועלכע גאַסן זענען זיי? פון אַלע גאַסן זענען דאָ פאַראַן, נאָר נישט פון אונדזערער. איינע אַ פרוי זאָגט, אַז פון דער דייטשישער גאַס האָט מען אַלעמען אַוועקגעיאָגט אויף לידסקער געסל. לויף איך אַהין. אָבער דאָרטן בויט מען אַ צווייטן צוים: דאָס געסעלע בלייבט

הינטערן געטאָ. דאָרטן איז פול מיט מענטשן, נאָר מייניקע זענען צווישן זיי נישטאָ.

בלאָנדזשע איך ווידער, פרעג און זוך. עמעצער זאָגט מיר, אַז זיי מוזן זיין אין צווייטן געטאָ, ערגעץ אויף גלעזער־גאַס און גאון־גאַס.

גיי איך צום אַריינגאַנג און בעט ביי אַ סאָלדאַט, ער זאָל מיך אַרויס־לאָזן. איך פאַרזיכער אים, אַז כ'וועל נישט אַנטלויפן, בלויז אַריבערגיין אין צווייטן געטאָ, ווו עס געפינט זיך מיין מאַמע. נאָר דער סאָלדאַט מאַכט זיך נישט הערנדיק. איך חזר איבער מיין ביטע און קריג פון אים אַזאַ זעץ, אַז איך האַלט זיך קוים איין אויף די פיס. פּלוצלינג באַמערק איך איינעם אַ שילער פון מיין שול, נאָר פון ניינטן קלאַס. ער טראָגט אַ ביקס; מסתמא „האָרעוועט" ער אויך. ווי מעגלעך העפלעכער בעט איך ביי אים, ער זאָל מיר העלפן אַריבערגיין אין צווייטן געטאָ. „מאַרש" — שרייט ער.

איך גיי אַרויס. ער פירט מיך, ווי אַן אַרעסטירטער, די פּיקע פון זיין ביקס כמעט איינגעשפּאַרט אין מיין רוקן. זאָל זיין אַזוי, אַבי ער פירט. מיר גייען צו צו דער גלעזער־גאַס. דער צוים איז שוין אַ גאַנץ הויכער. „וועסט אַריבערקריכן?". „יאָ, יאָ!" — כאַפּ איך זיך ענטפערן. ער העלפט מיר אַרויפקלעטערן און איך פלי צום ברוק.

דאָ איז די שטופּעריי נאָך גרעסער. די געסעלעך שמעלערע, די הויפן קלענערע און פינצטערע. מענטשן אַ ים, אָבער פון אונדזער גאַס — ווידער קיין איינער. ווי אַלע איינוווינער פון אונדזער גאַס וואָלטן פאַרזונ־קען געוואָרן.

אויף איין הויף האָב איך פּלוצלינג דערזען די מומע פראַנגע. וואָס טוט זי דאָ? ווייזט זיך אַרויס, זי האָט דאָ געוווינט, און איצט קלייבט זי זיך אַריבער אין אַן אַנדער דירה, ווייל דאָ וועט זיין אַ געטאָ. אויפן וואָגן איז שוין אָנגעלאָדן איר האָב און גוטס. איך האָב זי געבעטן אַריינגיין צו אונדז און, אויב די מאַמע איז נאָך אין שטוב, זאָגן איר, ווו איך בין.

די מומע פראַנגע האָט מיר פאַרגעלייגט בלייבן אין איר דירה. צו וואָס דאַרף איך אַ דירה? אָ, יאָ, כ'וועל דאָך איצט דאַרפן וווינען דאָ. אָבער ווי וווינט מען אָן אַ בעט און אָן מעבל? די מומע פראַנגע לאָזט מיר אַ בענקל. כ'זעץ זיך אַוועק און זיץ אַליין אין פּוסטע, פרעמדע צימערן...

אין אַ ווײַלע אַרום איז אַרײַן עפּעס אַ מאַנצביל. זיך אַרומגעקוקט און אַרײַנגערופֿן זײַן משפּחה. ס'זענען אָנגעגאַנגען אַ סך מענטשן — מיט קינדער, פּעקלעך, אַפֿילו אַ קינדער־װײגעלע, אָנגעלאָדן מיט קישעלעך, טעפּ און פּענדלעך. גאָרנישט געפֿרעגט, האָבן זיי פֿאַרנומען איין צימער.

געקומען אויך אַנדערע. זיי האָבן פֿאַרנומען דאָס ערשטע צימער, „מײַנס". וואָס נעענטער דער אָוונט, אַלץ אָפּטער צעעפֿנט זיך די טיר. אין יענעם צימער האָבן זיך שוין אַרײַנגעשפּאַרט דרײַ משפּחות, אין דעם — צוויי. מיר האָט מען געהייסן אַרויסגיין אין קיך: איך בין איינע, און אויף דעם אָרט קאָן זיך אויסלייגן אַ גאַנצע משפּחה. בין איך אַרויס. אָבער די קיך איז שוין אויך פֿאַרנומען. כ'האָב זיך אַוועקגעזעצט בײַ דער טיר...

ס'איז געוואָרן פֿינצטער. ס'איז מיר זייער היים, נישטאָ מיט וואָס צו עסן. אָבער אַרויסגיין אויפֿן הויף האָב איך מורא, — כ'וועל אינגאַנצן בלײַבן אָן אַן אָרט.

מענטשן קלײַבן זיך לייגן שלאָפֿן. מאַטעלעך און קישנס בעט מען אונטער די קינדער, אַליין לייגט מען זיך אויפֿן הוילן דיל. עפּעס אַן אַל־טיטשקער בורטשעט, אַז אַפֿילו אין קבר מוז זײַן גערוימער.

מיר ווילט זיך נישט איינשמוצן די שול־אוניפֿאָרם, דעריבער לייג איך זיך נישט. ס'איז קאַלט. די פֿיס זענען פֿאַרגאַנגען פֿון זיצן. די, וואָס ליגן אין די צימערן, גייען אָפּט אַרויס אויפֿן הויף און, זוכנדיק אין דער פֿינצטער די טיר, שטויסן זיי זיך אומגערן אָן אויף מיר. די נאַכט איז אַזאַ לאַנגע...

קוים מיט צרות דערוואַרט זיך ביז טאָג.

איך שלעפּ זיך ווידער איבער די עטלעכע געסלעך, זוכנדיק די מאַמע. מענטשן זאָגן, אַז מײַניקע דאַרפֿן פֿאָרט זײַן אין ערשטן געטאָ, נאָר אַנדערע טענהן, אַז פֿון אונדזער גאַס האָט מען אַלעמען פֿאַריאָגט גאָר אין תּפֿיסה. מיר גלויבט זיך נישט, אַז איך בין געבליבן אַליין. זיי וועלן זיך אָפּזוכן!

זוך איך ווידער.

שוין באַלד נאַכט. איך גיי אַרײַן אין עפּעס אַ שטוב, קריך אַרויף אויפֿן צווייטן שטאָק און זעץ זיך אין אַ פֿינצטער פֿאָדערצימער אויפֿן דיל. קיינער לייגט אויף מיר קיין אַכט נישט, קיינער יאָגט מיך נישט.

איך לייג אונטער אונטערן קאָפּ דעם פּאָרטפֿעל און ציִ זיך אויס. אין נאָז קיצלט אַן אָנגענעמער און זייער באַקאַנטער ריח. ווײַזט זיך

אַרויס, אַז דאָס שמעקט דער פּאַרשפּעל. ווי האָב איך גלייך נישט פאַרשטאַנען, אַז עס שמעקט די קאָנפיטור. איך האָב דאָך שוין דעם צווייטן מעת־לעת נאָך גאָרנישט נישט געהאַט אין מויל.

איך רוק אַריין די האַנט. שפּליטערס! דאָס האָט דאָס סלאָיקל גע־פּלאַצט. דער גאַנצער פּאַרשפּעל איז פון אינעווייניק אויסגעשמירט מיט קאָנפיטור פון טרוסקאַווקעס. אויך דאָס חזיר־פלייש איז קלעפּיק. אַלץ אייגס, אַבי דאָס איז זייער געשמאַק. איך זיץ אין דער פינצטער און שטאָפּ אין מויל אַלץ צוזאַמען — ברויט, פלייש, קאָנפיטור, קעז. ווען עס איז מער גאָרנישט געבליבן האָב איך זיך ווידער אַוועקגעלייגט.

* *
*

איינדערפרי בין איך אַרויס אין גאַס. דאָ זענען אויסגעהאָנגען גע־שריבענע מעלדונגען: עס ווערט אָרגאַניזירט אַ געטאָ־פּאָליציי. פרייוויל־ליקע רעגיסטרירן זיך און א. וו.

פרייוויליקע האָבן זיך געפונען. מען האָט זיי אָנגעטאָן בענדער אויף די הענט און זיי שרייען, מאַכנדיק דעם אָנשטעל פון גרויסע קנאַקערס.

די מאַמע מיט מירען און די קינדער האָב איך נאָך אַלץ נישט גע־פונען, כאָטש איך בין שוין אויסגעווען אין אַלע הויפן און אַפילו צו עטלעכע מאָל... מענטשן ראַטן אַריבערגיין צוריק אין ערשטן געטאָ, — אפשר זענען זיי פאָרט דאָרטן. די פּאָליציי קלייבט זיך פונקט צו מאַכן מיטן ערשטן געטאָ אַ בייט מיט אַזעלכע „פאַרבלאָנדזשעטע”, ווי איך.

מיר זענען נישט וויניק. די פריש אויסגעבאַקענע פּאָליציאַנטן שטעלן אונדז אויס, ציילן איבער און הייסן, מיר זאָלן זיך נישט פאַנאַנדערגיין. אַליין ווערן זיי ערגעץ פאַרפאַלן און באַווייזן זיך לאַנג נישט. נאָכדעם קומען זיי צוריק און ציילן אונדז ווידער. קוים דערלעבט, מען זאָל אונדז אַרויספירן. עס באַגלייט אונדז אַ באַוואָפנטע וואַך.

ביים ערשטן געטאָ עפנט מען לאַנג נישט דעם טויער. מיר שטייען און טרייסלען זיך, אַז מען זאָל אונדז נישט אַוועקיאָגן אין תפיסה. לויזן צוריק לאָזן די סאָלדאַטן נישט.

דעם טויער האָט מען געעפנט. איך דערזע די מאַמע — אַ לעבע־דיקע, אַ שמייכלענדיקע! און מירען! און דאָס שוועסטערל מיטן ברו־דערל. ווייזט זיך אַרויס אַז די מומע פראַנע האָט געהאַלטן וואָרט און

איבערגעגעבן, ווי איך בין. און וועגן דעם, אַז מען קלייבט זיך בייטן מיט די „פֿאַרבלאָנדזשעטע“ האָט די מאַמע אויך געוווסט.

רייד און פֿרייד איז ביי אונדז אָן אַ סוף. אַפֿילו די טעג פֿון איינזאַמקייט און זוכעניש זעען איצט נישט אויס אַזעלכע שרעקלעכע.

די מאַמע האָט, פֿאַרשטייט זיך, איבערגעלעבט נישט ווייניק.

נישט דערוואַרט זיך אין יענעם אָוונט אויף מיר, אויך נישט אויפֿן לעדער יאָנאַיטיס, האָט זי באַשלאָסן, אַז מען האָט מיך דערקענט און אַרעסטירט. די גאַנצע נאַכט האָט זי געוויינט. און אינדערפֿרי. דערזען, אַז מען בויט אַ צוים, האָט דאָס האַרץ נאָך מער גענומען קלעמען.

אומגעריכט איז געקומען פֿראַנע, און די מאַמע האָט זיך גענומען קלייבן פֿרייוויליק צו גיין אין געטאָ. פּונקט אין דער צייט זענען אין שטוב אַריינגעפֿאַלן סאָלדאַטן. געהייסן אין 5 מינוט זיין פֿאַרטיק און נעמען מיט זיך נאָר דאָס, וואָס מען קאָן אַליין טראָגן. די מאַמע האָט אָנגעוואָרפֿן אין — אַ קינדער־וועגעלע אונטערוועש, קליידער און מאַנטלען, פֿון די ציכלעך זענען שוין געווען געמאַכט פֿאַר מיר מיט מירען רוקזעקלעך, געפּאַקטע מיט וועש, אַפֿילו די קינדער האָט זי געגעבן יעדן אַ רוקזעקעלע, אַ פּעקעלע און אַ פֿאָרטפֿעל מיט צוגעבונדענע שיכעלעך.

שווערער פֿון אַלץ איז געווען אַרויסצוגיין... די סאָלדאַטן האָבן אַרויסגעשטויסן אויף די טרעפּ ראַיעלען מיט ראובעלען. די מאַמע האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך זיי. ביי דער טיר זיך נאָכאַמאָל אַרומגעקוקט...

אויפֿן הויף זענען שוין געשטאַנען די איבעריקע שכנים, אויך אָנגעלאָדענע מיט פּעק און ווינטער־מאַנטלען. עמעצער האָט אַ זאָג געטאָן, אַז מאַנטלען האָט מען נישט געדאַרפֿט נעמען: ביז ווינטער וועט די מלחמה זיך ענדיקן.

מען האָט זיי אַרויפֿגעטריבן אויף רודניצקי־גאַס. די מאַמע האָט זיך געריסן אין יענעם געטאָ, נאָר גוט, וואָס זי איז געבליבן דאָ. יענע, וועלכע מען האָט פֿון אונדזער גאַס געזאָלט טרייבן אין צווייטן געטאָ, האָט מען פֿאַריאָגט אין לוקישקער תּפֿיסה, ווייל ביידע געטאָס זענען שוין געווען איבערפֿולט. אין תּפֿיסה זענען שוין געווען פֿאַרשפּאַרט אַ פֿינף — זעקס טויזנט מענטשן. אַרויסגעלאָזט האָט מען נאָר עטלעכע משפּחות פֿון גוטע ספּעציאַליסטן, נאָך וועלכע עס זענען געקומען אין תּפֿיסה זייערע אַרבעטס־געבער — די אָקופּאַנטן. די אַרויסגעלאָזענע דערציילן שרעקלעכע זאַכן — אין תּפֿיסה איז אַזוי ענג, אַז מען האָט אַפֿילו נישט

געקאָנט זיך זעצן; מענטשן זענען די גאַנצע צייט געשטאַנען צוגע־שפּאַרטע איינער צום צווייטן. וועגן אַרויסגיין אויף נאַטירלעכע באַדער־פעניש איז אַפילו נישט געווען וואָס צו טראַכטן.

* *

*

מיר ווינען אין דער ערשטער שטוב לעבן טויער, אויף רודניצקי 16. אין אונדזער דירה שטייען עטלעכע בעטן, וועלכע זענען דאָ פאַר־בליבן פון די פריערדיקע בעלי־בתים. אין די בעטן שלאָפן אַלטע לייט און קליינע קינדער. מיר זאַלבעפינפט באַגנוגענען זיך מיט אַ שטיקל דיל צווישן די צוויי פענצטער. ביי טאָג נעמט מען די געלעגערס צונויף, כדי עס זאָל זיין אַ דורכגאַנג. ביינאַכט קלעקט נישט פאַר אַלעמען קיין אָרט אַפילו אויפן דיל. איין מיידל שלאָפט אויפן טיש, אַ צווייטע — אין וואַנע. איין משפחה האָט זיך צוגעטוליעט אין קיך. אינגאַנצן לעבן אין אונדזער דירה אַכט משפחות.

צו ביסלעך פאַרגייט דאָס געפיל פון ציוויליזירטקייט. צו צרות גע־וווינט מען זיך צו. דאָס געטאָ, וווּ מיר געפינען זיך, איז גרעסער איידער דאָס צווייטע געטאָ. דאָ זענען פאַראַן מער געסלעך: רודניצקער, יאַטקאָווער, סטראַשון, שאַוולער, דיסנער און שפּיטאַלנע, און דאָרטן זענען נאָר געצייילטע (דעם גאונס, דאָס יידישע, גלעזער־גאַס).

דעם טויער פון אונדזער געטאָ „באַפּוצט" פון יענער זייט אַ גרויסע אויפשריפט: „אַכטונג! דאָ איז אַ יידישער קוואַרטאַל. מען קאָן זיך אָנשטעקן מיט אַ קרענק. פאַר זייטיקע איז דער אַריינגאַנג פאַרבאָטן!"

אין אונדזער געטאָ האָט זיך אויך פון די ערשטע טעג געגרינדעט אַ „מאַכט": פּאָליציי און אַ נייער יודענראַט (בראש פון אים האָט זיך געשטעלט דער לעבן געבליבענער מיטגליד פון דעם ערשטן יודענראַט א. פריד). אויף רודניצקי, שפּיטאַלנע און סטראַשון־גאַס האָט מען אין געוועזענע קרעמלעך געעפנט פּאָליציי־צירקלען. אויף רודניצקי־גאַס 6, אין דער געוועזענער רעאַל־גימנאַזיע, געפינט זיך, צוזאַמען מיטן יודענ־ראַט, אויך די קאָמענדאַטור בראש מיטן שעף פון דער געטאָ־פּאָליציי יעקב גענס. מען זאָגט, אַז ער איז געווען אַן אָפיציר פון דער סמעטאַנאָ־אַרמיי און האָט געאַרבעט אין קאָוונער תפיסה.

די געטאָ־פּאָליציי דאַרף מען, מסתמא, דערפאַר, זי זאָל אונדז אי־



אַדוואָקאַט הירש ראָלניק — דער פּאַטער פון מאַשען

בערגעבן די באַפעלן פון די הערשער און וואַכזאַם נאָכקוקן, ווי פילט מען זיי אויס. און די באַפעלן שיטן זיך, קין עין־הרע, ווי פון אַ לעבערדיקן זאַק. ערשטנס, מוז מען אָפּגעבן דאָס גאַנצע געלט און גאָלד (צום וויפלטן מאָל!), ביי זיך מעג מען לאָזן נאָר 300 רובל. צווייטנס, מעג מען אין געטאָ אַרומגיין נאָר ביז 19 אַזייגער; נאָכדעם הייבן זיך אָן די אַזוי גערופענע „פּאָליציי־שטונדן". דריטנס, מוזן אַלע ווייטער גיין צו דער אַרבעט, ווו יעדער האָט געאַרבעט ביזן געטאָ. אָבער אייניציקווייז אַרויסגיין אין שטאָט איז פאַרבאָטן. עס מוז זיך צונויפקלייבן אַ גאַנצע בריגאַדע און גיין אָרגאַניזירט. פערטנס, איז קאַטעגאָריש פאַרבאָטן צו גיין אָן די לאַטעס — סיי אין געטאָ, סיי אין שטאָט (איצט איז די לאַטע — אַ פולער געלער מגן־דוד. אַלע זעקס ווינקלען מוזן זיין פעסט צוגענייט צו די בגדים: איין לאַטע — פון פאָרנט, איינע — אויפן רוקן). פינפטנס, איז פאַרווערט פערזענלעך צו ווענדן זיך אין וועלכע־נישט־איז שטאָט־אַנשטאַלטן: מיט אַלע עניגים דאַרף מען זיך ווענדן בלויז אין דער קאָמענדאַטור פון דער געטאָ־פּאָליציי. און אַזוי ווייטער און דאָס גלייכן.

לויטן באַפעל פון די אָקופּאַנטן איז אין געטאָ געגרינדעט געוואָרן אַ יידישער „אַרבייטסאַמט", וועלכער מוז רעגיסטרירן אַלע אַרבעטספעיקע איינוווינער. אויב עמעצער אין שטאָט דאַרף האָבן יידן אויף אַרבעט, דאַרף ער אָנשרייבן אַ פאָדערונג אין דייטשישן „אַרבייטסאַמט", יענער באַשטעטיקט און שיקט איבער אין „אַרבייטסאַמט" פון געטאָ, וועלכער טיילט אויס די נייטיקע צאָל אַרבעטער.

אַלס לייטער (שעף) פון „אַרבייטסאַמט" פון געטאָ האָט געגנס באַשטימט זיין ברודער סאָלאָמאָן געגנס, און אַלס פאַרבינדונגס־מאַן צווישן די „אַרבייטסאַמטן" פון שטאָט און געטאָ איינעם אַ ברוידע.

די, וואָס אַרבעטן, קריגן שיינען — „אויסווייז". אין זיי איז אָנגעשריבן, אַז „Der jude" אַזאַ און אַזאַ (אַ ליידיק אָרט פאַר פאַמיליע און נאָמען) אַרבעט (דעם נאָמען פון דער אונטערנעמונג אָדער אַנשטאַלט). אין שיין ווערט אויך געזאָגט, אַז אָן אַ דערלויבעניש פון „אַרבייטסאַמט" קאָן מען נישט נעמען קיין יידן אויף אַן אַנדער אַרבעט.

די מאַמע האָט געקראָגן אַרבעט — אין אַ שניידעריי. ווי גוט, אַז זי האָט גאָלדענע הענט און קען נייען!

מען האָט אונדז געגעבן ברויט־קאַרטלעך. אָבער מיר קריגן אויף זיי קדחת. ווי מען זאָגט, נישט צום שטאַרבן און נישט צום לעבן.

ברויט — 125 גראַם אַ טאָג; אויף די איבעריקע פּראָדוקטן איז די נאָרמע אַ וועכנטלעכע: 80 גראַם גרויפּן, 50 גראַם צוקער, 50 גראַם בוימל און 30 גראַם זאַלץ. אַזוי שטייט געשריבן אין קאַרטל. אָבער נישט קיין בוימל און נישט קיין צוקער זעען מיר אין די אויגן נישט אָן. מען גיט נאָר ברויט און שוואַרצע אַרבעס אָנשטאָט גרויפּן.

די אָקופּאַנטן זשאַלעווען אונדז נישט נאָר עסן, אַפילו פּאַפּיר: אונדזערע קאַרטלעך זענען פאַרביקע און יעדע פאַרב באַדייט אַן אַנדער צאָל. אַ געל קאַרטל איז אַן איינפּערזאָניקע, אַ רויטס — אויף צוויי מענטשן, אַ ראָז — אויף דריי און אַ גרינס — אויף פיר.

פאַרשטייט זיך, אַז פון דעם, וואָס זיי גיבן, קאָן מען נישט לעבן, דעריבער זעט יעדערער, קומענדיק פון שטאָט, עפּעס־וואָס אַריינטראָגן מיט זיך (מען בייט אויס אויף אַ בגד אָדער מען קריגט פשוט פון פריינד אין שטאָט). נאָר דאָס האָט דערשמעקט פ. מורער פון „געביטסקאָמי־סאַריאַט“, האָט ער אויסגעהאָנגען אויפן טויער אַ נייע „שילד“, וואָס מעלדעט, אַז אַריינטראָגן אין געטאָ שפּייז און האָלץ איז שטרענג פאַר־באָטן. די טויער־וואַך, וועלכע באַשטייט פון איין שטאָטישן און עטלעכע געטאָ־פּאָליציאַנטן, מוז שטרענג אונטערזוכן יעדערן, וואָס גייט אַריין אין געטאָ. אויב מען געפינט עפּעס ביי עמעצן, מוז מען עס תיכף קאָנפיסקירן, און דעם זינדיקן אַליין איבערגעבן אין די הענט פון דער היטלעריסטישער מאַכט.

הייסט דאָס, דערפאַר, וואָס דו ווילסט אַריינטראָגן אין געטאָ אַ שטי־קעלע ברויט, קאָנסטו באַצאָלן מיטן לעבן.

*　　*
*

היינט איז אין שול דער ערשטער לערן־טאָג... כאָטש מיט אַ פאַר־שפּעטיקונג, אָבער די לימודים הייבן זיך פאָרט אָן. און איך בין נישט אין שול, נאָר דאָ...

מסתמא, איז שוין געווען דער קלונג. אַלע זענען אין קלאַס. אויף מיין באַנק איז אַ פּוסט אָרט. און דאָס אָרט פון א. ר. איז פּוסט. אָבער פאַרוואָס? פאַרוואָס איז אונדז פאַרווערט צו קומען אין שול און זיצן אויף די לימודים? פאַרוואָס האָט מען אונדז דאָ פאַרשפּאַרט און מען לאָזט נישט אַרויס אין שטאָט?

איך האָב מיט אייניקע טעג צוריק לאַנג גערעדט וועגן דעם מיט א. ר. דערמאָנט די שול, אונדזער קלאַס. א. ר. איז, דוכט מיר, געוואָרן אינגאַנצן אַן אַנדערער. די קליידער אין פלעקן, די נעגל שמוציק (אמת, ער אַרבעט. נאָר ווו — האָט ער נישט געזאָגט. מסתמא שעמט ער זיך). די האָר מאָדנע קורץ, אַפילו די אויגן זענען אַנדערע, ווי פאַרוואָלקנטע.

* *
*

גענס האָט אונדז איבערגעגעבן מורערס נייע פאַראָרדענונג: פאַכלייט דאַרפן וווינען אין ערשטן געטאָ, דאָס הייסט, אין אונדזער געטאָ, אַלע איבעריקע — אין צווייטן. אויף די אַרבעטס־שיינען פון פאַכלייט שטעלן די אַרבעטס־געבער אַ ספּעציעלן שטעמפּל. ביי וועמען עס איז נישטאָ אַזאַ שטעמפּל, מוז אַריבערציען זיך אין צווייטן געטאָ, און פאַרקערט — פאַכלייט, וואָס וווינען איצט אין צווייטן געטאָ, וועלן אַריבערגעפירט ווערן אין ערשטן.

צום גליק, האָט מען אויף דער מאַמעס שיין אַזאַ שטעמפּל אַוועקגעשטעלט: זי רעכנט זיך אַלס שניידערקע.

אין אונדזער דירה האָט מען איינעם נישט געשטעלט דאָס שטעמפּל. דער הויז־קאָמענדאַנט הייסט אים אַראָפּגיין מיט דער פאַמיליע און מיט די שטוב־חפצים אין הויף. דאָרטן האָבן זיך אָנגעקליבן נישט ווייניק מענטשן. אַלע זענען זייער אומעטיק, נידערשלאָגן. איך האָב אויף זיי שטאַרק רחמנות: טאַקע, נאָך נישט באַוויזן, נעבעך, אָנוואַרעמען די פיס אין איין אָרט, יאָגט מען שוין אין אַ צווייטן.

עס עפנט זיך דער טויער פון געטאָ. דאָרט וואַרטן שוין שטאָטישע פּאָליציאַנטן און פירן אַוועק.

* *
*

דאָס אַרויספירן פון אונדזער געטאָ די, וועלכע זענען נישט קיין פאַכלייט, געדויערט שוין עטלעכע טעג. יעדן אָוונט גייען די געטאָ־פּאָליציאַנטן איבער די דירות און קאָנטראָלירן די שיינען. די, וועלכע האָבן נישט דאָס נייטיקע שטעמפּל, טרייבן זיי אין צווייטן געטאָ.

קיין ריכטיקע ידיעות וועגן די אַריבערגעפירטע איז נישטאָ. עט־לעכע מענטשן האָבן יאָ געקראָגן בריוועלעך, אָבער זייער נישט קיין קלאָרע. און די אַריבערגעפירטע אַהער פון צווייטן געטאָ (אגב, זייער ווייניק) פאַרזיכערן, אַז די לעצטע טעג האָט מען אַהין נישט געבראַכט קיין איין מענטשן.

* *
*

אויפן פראָנט איז דערוויילע נישט גוט. אמת, פון היטלערס „בליץ־קריג" איז גאָרנישט אַרויס. די דייטשן האָבן זיך באַרימט, אַז זיי וועלן אין צוויי וואָכן אַרום זיין אין מאָסקווע. נאָכדעם האָבן זיי מיט דער זעלבער באַרימעריי אָפּגעלייגט דעם טערמין, אַפילו געזאָגט, אַז זיי גע־פינען זיך שוין אין די פאָרשטעט פון מאָסקווע. אָבער דאָס איז געווען אַ גרויסער ליגן, מען האָט זיי אָפּגעשטעלט. מאָסקווע וועט מען זיי, פאַרשטייט זיך, נישט אָפּגעבן. אָבער אָן אָנגריף האָבן זיי ווידער אָנ־געהויבן. אויך לענינגראַד איז אַרומגערינגלט. אַלץ איינס וועלן זיי ברעכן האַלדז־און־נאַקן!

* *
*

יום־כיפור. היינט איז עס אַ באַזונדערס אומעטיקער יום־טוב. אַלטע לייט פאַסטן. דאַווענען, בעטן ביים רבונו של עולם רחמים. אַן אומזיסטע טרחה: אויב עס וואָלט געווען אַ גאָט, וואָלט ער נישט דערלאָזט צו אַזעל־כע מערדערייען און שחיטות.

— אינמיטן טאָג האָבן זיך דערהערט אין די געסלעך ווילדע געשרייען — דאָס האָבן זיך אַהין אַריינגעריסן שיכורע סאָלדאַטן. די געסלעך זענען תיכף געוואָרן טויט, ווי אין געטאָ וואָלטן גאָר נישט געווען קיין לעבע־דיקע מענטשן. די סאָלדאַטן טראָגן זיך אַרום איבערן געטאָ, אַריין אין די הויפן, שרייען, שיסן אין דער לופט. די מאַמע, מירע און אַלע איבע־ריקע דערוואַקסענע פון אונדזער דירה זענען אויף דער אַרבעט... וואָס טוט מען? צי דען וועלן זיי אונדז אַוועקפירן? אויף זיי קאָן מען אַלץ גלויבן. מיר אַרבעטן דאָך נישט, דאַרפן זיי אונדז נישט האָבן. די קינדער

קוקן אויף מיר אַזוי, ווי איך וואָלט עפּעס וויסן, אָדער קאָנען זיי ראַטע־ווען... נאָר וואָס קאָן איך טאָן? איך האָב אַליין מורא. אָבער איך ווייז דאָס נישט אַרויס, איך באַרויִק זיי, זיי זאָלן נישט וויינען. די מאַמע זאָל כאָטש גיכער קומען!

די סאָלדאַטן האָבן זיך אָפּגעטראָגן. אינגיכן איז די מאַמע געקומען פון דער אַרבעט. עס איז פינצטער געוואָרן און מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן.

אין שלאָף האָב איך דערהערט עפּעס אַ רויש, ווי עס וואָלט צופאָרן אַ מאַשין. איך בין אויפגעשפּרונגען און, שפּרייזנדיק איבער די שלאָפנ־דיקע, צוגעגאַנגען צום פענצטער. כאָטש דאָס פענצטער, ווי אַלע, וואָס גייען אַרויס אויף די פרייע גאַסן, איז פאַרקלאַפּט, נאָר דורך אַ קליין שפּעלטעלע זעט זיך אַ שטיקעלע גאַס לעבן געטאָ־טויער.

פון צוגעפאָרענע לאַסט־אויטאָס שפּרינגען אַרויס סאָלדאַטן. זיי שטעלן זיך אויס. וועקן צי נישט? אפשר נישט שרעקן, זיי גייען דאָך נאָך דערווייל אינערגעץ נישט, שטייען ווי סטאַטועס.

שטיל. עס שלאָפט די שטאָט. די סאָלדאַטן רירן זיך נישט פון אָרט. אפשר פאַרגרעסערט מען אַלעמאָל אויף נאַכט די וואַך? די נעכט זענען דאָך איצט פינצטערע — ס'איז האַרבסט.

עס רוישן ווידער מאַשינעס. וויפל סאָלדאַטן!

אַ דערשראָקענע וועק איך אַלעמען. עס ווערט אַ פּאַניק. קינדער וויינען, מאַמעס קרעכצן, קיינער געפינט נישט זיינע זאַכן. איך דריי זיך אויף אַרום אַ האַלב נאַקעטע, טרייסל זיך פון שרעק און קעלט. און די סאָלדאַטן קלאַפּן שוין אין אונדזער טויער... זיי זענען שוין אויפן הויף! קריכן אויף די טרעפּ... קלאַפּן!.. קיינער עפנט נישט... זיי האַקן מיט די פויסטן, טראַסקען. אָט וועלן זיי איינברעכן די טיר!

אַ שכן גייט צו אויף די שפּיצפינגער צו דער טיר און זאָגט, אַז פון דער דירה האָט מען אַלעמען אַוועקגעפירט אין צווייטן געטאָ. געבליבן איז נאָר ער איינער, אַ פאַכמאַן פון דער פעלץ־פאַבריק „קאַילים“. זיי גלויבן אים, פאַרשטייט זיך, נישט און הייסן ווייזן דעם אַרבעטס־שיין. דער שכן רוקט אים אַרויס דורך אַ שפּעלטעלע אין טיר. די סאָלדאַטן באַקוקן, האַלטן אין די הענט און מיט אַ געלעכטער צערייסן זיי אים אויף שטיקלעך. אַליין גייען זיי אַוועק קלאַפּן אין אַ צווייטער דירה.

איך גיי ווידער צו צום פענצטער. דער טויער איז אָפן. פון געטאָ יאָגט מען מענטשן. מען שטעלט זיי אויס. אַלע מיט קינדער און פעק. איינער אַ מאַנצביל לויפט צוריק. ס'טוט אַ קנאַל אַ שאָס...

די גאַנצע מענטשן־מאַסע יאָגט מען אַוועק אויף זאַוואָלנע־גאַס, פון געטאָ טרייבט מען פרישע מענגעס, און מען שטעלט זיי ווידער אויס...

די מאַמע בעט מיך, איך זאָל נישט קוקן אין פענצטער. יאָ, ס'איז זייער שרעקלעך, אָבער אפשר וועל איך דאָרט באַלד אַליין שטיין. די מאַמע באַרואיקט: זי האָפט, אַז מען וועט אונדז נישט געפינען — דער זון פון דער שכנה איז אַרויס אויף די טרעפ, פון אויסווייניק פאַרקלאַפט די טיר מיט ברעטער, און דערנאָך דורכן פענצטער אַריינגעקראָכן צוריק. אפשר וועלן די מערדער מיינען, אַז דאָ איז נישט קיין דירה און קיינער איז דאָ נישטאָ.

ניין, זיי קלאַפן ווידער! אַפּנים, זיי גלויבן נישט... באַלד צעברעכן זיי שוין די טיר. ניין, זיי לאַכן: אָנשטאָט צו זוכן פאַר פאָנאַר יידן, קריכן זיי אין דער פינצטער זוכן מייז... אָנגעטראָפן אין אַ מויזן־לאָך... אַוועק...

פון טויער פירט מען אָפּ נאָך אַ גרויסע פאַרטיע. די סאָלדאַטן קריכן אַריין אין די מאַשינעס און פאָרן אַוועק.

* *

*

שטיל. דאָס געסעלע דרעמלט ווידער. אויבן, גאָר הויך, וווהין מיין בליק קאָן נישט דערגרייכן, שיינט די לבנה. זי באַלויכט די וועלט. מסתמא, אויך די, וועלכע שלעפן זיך איצט איינגעבויגענע, אומגליקלעכע און פאַרשמאַכטע. צי טראַכטן זיי וועגן אַנטלויפן? געוויס יאָ. אָבער דאָס איז אוממעגלעך: אַרום זיי איז פול מיט באַוואָפנטע סאָלדאַטן, די גאַסן זענען פוסט, טיר און טויער פאַרשלאָסן.

אָט איז די תּפיסה. עס עפענען זיך גרויסע, שווערע טויערן. זיי סקריפען מיט כעס: אַפּנים, נישט צופרידן, וואָס אַפילו ביינאַכט איז נישטאָ קיין רו. די מענטשן האָט מען אַריינגעיאָגט, ווי אַ טשערעדע פי, און די טויערן פאַרמאַכט.

* *
*

עס נעמט טאָגן. די מאַמע קלייבט זיך צו דער אַרבעט. אונדז הייסט זי לייגן זיך שלאָפֿן. אָבער ווי קאָן איך איינשלאָפֿן, אויב איך שטעל זיך דײַטלעך פֿאָר, ווי שרעקלעך איז איצט דאָרטן, אין תּפֿיסה... מענטשן לעבן זייער לעצטן טאָג. אַזויפֿיל מענטשן אין די קאַמערן, קאָרידאָרן, אַפֿילו אויפֿן הויף. עס רעגנט. און זיי זיצן אויף זייערע פּעקלעך, טוליענדיק צו זיך וויינענדיקע קינדער.

די מאַמע האָט זיך צוריקגעקערט פֿון דער אַרבעט.

...און יענע אין תּפֿיסה זיצן נאָך אַלץ.

שוין נאַכט. באַלד וועט מען זיי אַרויספֿירן.

מען הייסט זיי שוין, מסתּמא, זיך אויסשטעלן. מען שטופּט, מען שלאָגט.

עס עפֿענען זיך ברייט די טויערן. גרויסע מענגעס לאָזן זיך אין זייער לעצטן וועג. אונטער קלעפּ פֿון נאַהייקעס גייען מענטשן און גייען, אָן אַ סוף. אַ סך מענטשן. די סאָלדאַטן איז שוין נמאס געוואָרן צו שלאָגן.

די טויערן פֿאַרמאַכן זיך. די אויפֿזעער קוקן אַרום יעדעס ווינקעלע — צי איז עמעצער נישט פֿאַרבליבן. מאָדנע: אַפֿילו בלייבן אין תּפֿיסה איז אויך פֿאַרבאָטן.

עס מאַראַקעט אַ רעגן. און מענטשן גייען. לאַנגזאַם, קוים שלעפּנדיק די פֿיס. אַ גרויסע לוויה. מענטשן זענען זיך אַליין מקבר. ווייזט אויס, אָבער, אַז נישט אַלע פֿאַרשטייען דאָס.

אין אַ פֿענצטער באַווייזט זיך אַ פֿאַרשלאָפֿענער מענטש. ס'האָבן אים אויפֿגעוועקט די הילכיקע טריט אויפֿן פֿוסטן ברוק. דערזען די מענגע, ווערט ער תּיכף פֿאַרשוווּנדן. אפֿשר לייגט ער זיך צוריק, טוליעט זיך צו צום ווייכן קישן, וויקלט זיך אין דער וואַרעמער קאָלדרע און שלאָפֿט איין... צי וועט פֿאַרטרייבן זיין שלאָף דער געדאַנק, אַז איצט, ווען ער איז אַרומגעכאַפּט פֿון דעם זיסן דרעמל, פֿאַלן דאָרט, אין פּאָנאַר, טויזנטער מענטשן אין נאַסע פֿון רעגן און בלוט לייטיקע גריבער... איינער אויפֿן צווייטן, מיט הענט, פֿאַרוואָרפֿענע אויף הינטן, מיט פּנימער, אויסגעקרימטע פֿון ווייטיק און שרעק; מענער פֿאַלן

אויף קלייניקע קינדערלעך; יונגע פרויען, יינגלעך, זקנים — אַלע צוזאַמען, אַלע אין איין גרוב...

צי וועט אַ טראַכט טאָן דער פאַרשלאָפענער (פאַרוואָס זע איך אים אַזוי בולט אין מיין געדאַנק?), צי וועט ער אַ טראַכט טאָן, אַז ערשט מיט אַ האַלב יאָר צוריק, אַפילו מיט פיר חדשים צוריק זענען אָט די אַלע אַוועקגעיאָגטע צום טויט מענטשן געווען לערער, אַרבעטער, טאַטעס און מאַמעס, קינדער! זיי זענען געווען — מענטשן!

און אפשר איז דער פאַרשלאָפענער, וואָס האָט זיך באַוויזן אין פענצטער, פאַרשוווּנדן געוואָרן נישט אויס גלייכגילט, נאָר אויס ווייטיק? אפשר ליידט ער אַזוי ווי איך, ער וויל העלפן, נאָר... ווי קאָן איין מענטש פאַנאַנדעריאָגן אַזאַ באַוואָפנטע וואַך און ראַטעווען אַזאַ גרויסע מענגע? ער קאָן נישט, און דעריבער איז זיין ווייטיק צוויי מאָל אַזוי שטאַרק.

* *
*

ווייזט זיך אַרויס, אַז היינטיקע נאַכט איז דער לערער יאָנאַיטיס געווען ביים געטאָ-צוים. ער האָט געהערט, וואָס דאָ האָט זיך געטאָן פאַריקע נאַכט און מורא געהאַט, אַז די היטלעריסטן וועלן פאָרזעצן זייער בלוטיקע אַקציע. צוזאַמען מיט אַ באַקאַנטן, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן צו באַקומען אויף איין נאַכט אַ דערלויבעניש צו גיין אין דער פאַרווערטער צייט, איז ער אָפגעשטאַנען נישט ווייט פון אונ-דזער טויער — אויב מען וועט אונדז יאָגן, אפשר וועט זיך איינגעבן וויי-נישט-איז צו ראַטעווען.

* *
*

איך האָב זיך פאַרשריבן אין ביבליאָטעק. דאָס איז די געוועזענע סטראַשון-ביבליאָטעק, אָבער שוין אַ גוט אויסגעליידיקטע. די געסטאַפּאָ-לייט האָבן אַרויסגעפירט אַלע מער-ווייניקער ווערטפולע ביכער; די ווערק פון סאָוויעטישע מחברים האָבן זיי פשוט פאַרברענט. זיי האָבן אָנגעזאָגט, אַז זיי וועלן אָפט קומען קאָנטראָלירן. אויב זיי וועלן געפינען אַ בוך „מיט אַ קאָמוניסטישן אינהאַלט", וועלן זיי דערשיסן נישט נאָר

דעם פּערסאָנאַל, נאָר אויך אַזויפיל מענטשן, וויפל זיינען עס זענען פאַראַן אין דעם בוך.

כדי די פּאָליצעס פון ביבליאָטעק זאָלן נישט זיין פּוסט, האָט די געטאָ־מאַכט פאַרבאָטן צו האַלטן היימישע ביבליאָטעקן. אַלע מוזן זייערע ביכער אָפּגעבן אין ביבליאָטעק. און די אָנגעשטעלטע פון ביבליאָטעק קוקן שטרענג נאָך, אַז די לייענער זאָלן אומקערן די ביכער צו דער צייט, אויב עמעצער פאַרהאַלט אַ בוך, מאָנט מען אויף דורך דער געטאָ־פּאָליציי.

ס'איז פאַראַן אויך אַ לייענזאַל. אַן ענגער, אַ קליינער, אָבער זייער אַ גוטיקער: ווען אין איין צימער וווינען צו עטלעכע משפּחות, איז אין אַזאַ שטיקעניש נישט זייער אָנגענעם צו לייענען. און לייענען ווילט זיך! כאָטש אויף אַ ווײַלע פאַרגעסן, ווו דו ביסט...

אין ביבליאָטעק האָט זיך צוגעטוליעט אויך די אַדרעסן־ביוראָ. אין איינמעלדונגס־אַמט (מיר זענען אַפילו איינגעמאָלדן, ווי אין אַן אמתער שטאָט) האָט מען פאַרשריבן אַלע אַדרעסן, אַוועקגעזעצט אַ מיידל און זי זיצט, נעבעך, און גענעצט. די ערשטע טעג פלעגט נאָך עמעצער אַריינגיין דערוויסן זיך וועגן אַ פאַרפאַלענעם קרוב. איצט אָבער ווענדעט זיך צו איר שוין קיינער נישט: ווער עס לעבט, האָט זיך געטראָפן מיט זיינע קרובים אין דער ענגשאַפט, ווער עס איז נישטאָ — דעם וועט אויך די אַדרעסן־ביוראָ נישט געפינען.

* *
*

א. ר. האָט זיך דערוווסט די לעצטע נייעס: מאָסקווע האַלט זיך! מען באַשיצט זי זייער העלדיש, דערצו נישט בלויז דאָס מיליטער, נאָר אויך די באַפעלקערונג. אַפילו שילער העלפן גראָבן שוץ־גראָבנס. מיר וואָלטן אויך מיט גרוים פאַרגעניגן געהאָלפן, געגראָבן, ס'זאָל נאָר גיכער היטלער איינגעמען אַ מיתה־משונה.

* *
*

מען האָט אונדז געמאַכט איינשפּריצונגען קעגן אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן. אויף וויפל דאָס איז מעגלעך, זאָרגן די געטאָ־דאָקטוירים וועגן דעם געזונט פון די מענטשן.

אויף רודניצקי־גאַס 11, איז דאָ אַן אַמבולאַטאָריע, אויף שפּיטאָלנע־גאַס — אַפילו אַ שפּיטאָל. עטלעכע זאַלן זענען באַשטימט ספּעציעל פאַר אַנשטעקנדיקע קראַנקע; אויפן הויף, אין אַ קליין שטעלכל, האַלט מען משוגעים (גאָר נישט לאַנג צוריק זענען דאָס געווען פולשטענדיק נאָרמאַלע מענטשן!)

לעבן טויער פון שפּיטאָל איז אַ מתים־שטיבל, אַנטקעגן — אַן אַפּטייק. פאַרשטייט זיך, אײַנגאַנצן נישט ענלעך אויף אַן אמתער, דאָרטן שמעקט אַפילו נישט מיט רפואות; מען קאָן דאָרטן קריגן נאָר די סאַמע פּשוטע פּראָשקעס.

אין אַפּטייק נעמט מען אָן שפּייז־פּעקלעך און בריוו פאַר די קראַנ־קע, אין אַ צווייט צימערל שרייבט מען אויס דערלויבענישן צו מבקר־חולה זײַן די קראַנקע. מיט איין וואָרט, אַלץ ווי אין אַן אמתן שפּיטאָל, אָבער זייער אָרעם.

* *
*

בײַנאַכט האָבן אונדז ווידער אויפגעוועקט טריט פון סאָלדאַטישע שטיוול. מיר גיבן אַ קוק — בײַם טויער אַ גרויסע באַנדע היטלעריסטן. געכאַפּט אויף גיך זיך אָנטאָן. נאָר באַלד האָט זיך דערהערט אַ קאָמאַנדע, אַז די סאָלדאַטן זאָלן מאַרשירן אין צווייטן געטאָ.

הייסט עס, דאָרטן. איך שטעל זיך פאָר.

...עפּעס אין אַ דירה פּרווון די אויפגעוועקטע פון טומל מענטשן זיך באַהאַלטן. זיי עפענען דאָס טירעלע אין דיל און קריכן אַראָפּ אין דער מעלינע. נאָר אין דעם מאָמענט רייסן זיך אין צימער אַריין די מערדער. זיי האָבן באַמערקט.

...אויפן טיש אין אַ לײַכטער צאַנקט אַ ליכטעלע. נישט פאַרבעטע געלעגערס, איבערגעקערטע שטולן. די מערדער ראַבעווען — אונטער די מונדירן שלעפּן זיי אויף זיך אַרויף אָנצוגן, אין די בוזעמס רוקן זיי אַריין העמדער. ווען עס איז שוין נישטאָ, וואָהין צו שטופּן, עפענען זיי דעם קעלער, שפּרינגען אַראָפּ. מיט קעשענע־לעמפּעלעך באַלויכטן זיי די גאַסע, פאַרשימלטע ווענט און פאַרגליווערטע אין שרעק פּנימער. זיי באַפוילן, מען זאָל פאַר זיי, די הערשער פון אייראָפּע, זיך בוקן. זיי גייען אַרום צווישן די זיך בוקנדיקע, מאַכן חוזק, שמייסן מיט זייערע גאַהיי־

קעם איבער די רוקנס, הירזשען. זיך אַנגעזעטיקט מיטן בילד, יאָגן זיי די מענטשן פון קעלער.

...אויף דער גאַס פרווט אייגער נישט לאָזן זיך פירן. די באַנדיטן פאַרברעכן אים די הענט אַהינטער און שלעפּן צום עולם, זאָגנדיק, אַז מען דאַרף זיך נישט קעגנשטעלן, — מען פירט דאָך נאָר אַריבער אין אַן אַרבעטס־לאַגער. אָבער דער מענטש בריקעט זיך, בייסט זיך און צום סוף הויבט ער אָן לויפן. עס דעריאָגט אים אַ קויל...

עמעצער גיט אַ זיפץ — ער האָט נישט געדאַרפט לויפן. אפשר פירט מען טאַקע אין אַ לאַגער?

אַ שוואַרצע אָקטאָבער־נאַכט באַגלייט זיי אַרויס פון שטאָט...

*         *
*

דאָס צווייטע געטאָ האָט מען היינטיקע נאַכט אינגאַנצן ליקווידירט. דאָרטן זענען געוועזן אַן ערך נײַן טויזנט מענטשן...

באַגינען האָט מען נישט ווייט פון אונדזער געטאָ געפונען אַ קימפּעטאָרין, וועלכע האָט, מסתמא, געפּויזעט אַהער פון יענעם געטאָ. זי האָט נישט דערפּויזעט. זי איז געשטאָרבן, געבווירנדיק אויפן ברוק. און דאָס ניי־געבווירענע מיידעלע, אַ געזונטס און שרייענדיקס, האָט מען אַרייַנגעטראָגן אין געטאָ. מען האָט זי אַ נאָמען געגעבן געטעלע.

*         *
*

די, וועלכע אַרבעטן אין דער „קאילים“־פאַבריק, זעצט מען אַרוים פון געטאָ. אין שטאָט, נישט ווייט פון פאַבריק, וועט פאַר זיי זיין אַ באַזונדער בלאָק. ער וועט אויך זיין אָפּגעצוימט, אָבער מענטשן האַלטן, אַז קיין אַקציעס וועלן מסתמא דאָרט נישט זיין. דער דירעקטאָר פון דער „קאילים“־פאַבריק האָט כלומרשט אַרויסגעקראָגן אַ באַפעל, מען זאָל נישט טשעפּען די אַרבעטער פון זיין פאַבריק. דערווייל פירט מען אַהין אַריבער נישט אַלעמען. ס'קלעקט נישט קיין אָרט. אָבער איינציקן וועט זייער דירעקטאָר קריגן דאָרטן גופא נאָך אַ שטוב.

* *
*

כאָטש געגעס האָט געמאָלדן, אַז די ציינוואוינער פון דעם געטאָ, דאָס הייסט, די פּאַבליים, דראָט מער גאָרנישט (אין דעם האָט אים כלומרשט פאַרזיכערט די דייטשישע מאַכט), אָבער קיינער גלויבט אים נישט. מענטשן רעדן שוין עטלעכע טעג וועגן עפּעס געלע שיינען. אונדזער שכן, דער אַרבעטער פון דער „קאילים"-פאַבריק, האָט שוין אַזאַ שיין געקראָגן. דער שיין שיידט זיך אונטער פונעם פריערדיקן נאָר דערמיט, וואָס ער איז געדרוקט אויף געלן פּאַפּיר און הייסט נישט „אויסווייז", נאָר „פּאַכאַרבייטער אויסווייז". אַזאַ שיין באַקומען נאָר גוטע פאַכלייט, דערצו אויך נישט אַלע, ווייל שיינען זענען פאַראַן סך-הכל 3.000 און אַרבעטער — 10.000. פאַר די אָנגעשטעלטע פון יודענראַט און פאַר די געטאָ-פּאָליציאַנטן האָט מען געבראַכט 400 שיינען. כאָטש זיי זענען נישט קיין פּאַכלייט, וועלן זיי פּאָרט כמעט אַלע באַקומען אַזעלכע שיינען, און פון די אמתע פאַכלייט — סך-הכל אַ פערטלחלק.

* *
*

די מאַמע האָט אַזאַ שיין באַקומען! פון די 230 מענטשן, וואָס אַרבעטן מיט איר צוזאַמען, האָבן די שיינען געקראָגן נאָר 80.

אין געטאָ איז עפּעס נישט רואיק. קיינער ווייסט גאָרנישט, נאָר אַלע רעדן, אַז היינטיקע נאַכט דאַרף מען זיך נישט לייגן שלאָפן.

שפּעט אין אָוונט האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז אַלע, וואָס האָבן באַקומען געלע שיינען, מוזן זיך רעגיסטרירן אין יודענראַט. רעגיסטרירן וועט מען די גאַנצע נאַכט, ביז 4 דעם זייגער אינדערפרי. מען דאַרף קומען צו דער רעגיסטראַציע מיט די פאַמיליען-מיטגלידער — מיט אַ מאַן אָדער מיט אַ ווייב און מיט קינדער ביז זעכצן יאָר. קינדער, וואָס זענען עלטער פון זעכצן יאָר, אויך פאָטערס און מוטערס, ברידער און שוועסטער וועט מען צו די שיינען נישט צושרייבן. אַז אויסנאַם ווערט דערלאָזט נאָר פאַר דער געטאָ-פּאָליציי און פאַר אַרבעטער פון וואַרשטאַטן, וועלכע געהערן צו דער געסטאַפּאָ.

צום גליק האָט מירע אויך געקראָגן אַ געלן שיין. איר איז דאָך שוין זיבעצן יאָר.

מאָרגן אינדערפרי וועלן אַלע, וואָס האָבן די געלע שיינען, מוזן אַרויסגיין צו דער אַרבעט מיט די צוגעשריבענע צום שיין פאַמיליע־מיטגלידער. אין געטאָ וועלן זיי מעגן צוריקקערן זיך נאָר אויפן צווייטן טאָג אין אָוונט. די, וועלכע האָבן נישט געקראָגן קיין געלן שיין, אויך זייערע משפּחות, בלייבן אין געטאָ...

די שטימונג איז אָנגעשטרענגט. די נערוועזקייט פון די מענטשן דערגרייכט די העכסטע מדרגה; מען אײַלט זיך רעגיסטרירן. די, וואָס האָבן נישט קיין געלע שיינען, זוכן אַזעלכע, צו וועמען מען קאָן זיך צו־שרייבן, אָדער כאָטש די קינדער צושרייבן. די, וועלכע האָבן שיינען, נעמען אָן גייע „קרובים", איבערהויפּט קינדער. ברידער וועלן צושרייבן זייערע שוועסטער אַלס זייערע ווייבער, טעכטער וועלן פאַרשרייבן אַלס מענער זייערע טאַטעס...

מיר גייען זיך רעגיסטרירן. דורך די פינצטערע געסלעך שלעפּן זיך מענטשן. אַלע אין איין ריכטונג. אַנדערע האַלטן אין די הענט, באַשיצנדיק פון ווינט, ברענענדיקע שטיקלעך ליכט, אַנדערע צינדן יעדע ווײַלע אָן אַ שוועבעלע, קוקן זיך איין אַ פּאָר טריט פאָרויס און שפּרייזן ווידער אין דער פינצטער דורך די בלאָטעס. עמעצער האָט פאַרלוירן אַ קינד, לויפט ער צוריק אַ דערשראָקענער און רופט עס.

יודענראַט. די ברייטע טרעפּ פון דער געוועזענער גימנאַזיע זענען פאַרפלייצט מיט מענטשן. אַלע שפּאַרן זיך אַהין, אויבן, צו די רעגיסטראַ־ציע־טישן. איינעם טרעט מען אָן אויפן פוס, אַ צווייטן קוועטשט מען צו א האַנט, ביי אַ דריטן איז דאָס קינד צוגעשפּאַרט געוואָרן צו דער וואַנט און שיעור נישט דערשטיקט. עס שטופּן זיך מענטשן פאַרשוויצטע, פאַר־חושכטע, כמעט אַלע וויינען. איינעם האָט מען נישט צוגעשריבן די מאַמע, דעם צווייטן — זיין זיבעצניאָריקן זון. די געטאָ־פּאָליציאַנטן פּרוּוון מאַכן אַן אָרדענונג, נאָר קיינער לייגט אויף זיי קיין אַכט נישט — אַז מען שפּירט אַזוי נאָענט דעם טויט, האָט מען נישט קיין מורא פאַר נואַהייקעס.

אַ כאַאָס, אַ טומל און געפּילדער. עס גלויבט זיך נישט, אַז סך־הכּל מיט אַ האַלב יאָר צוריק האָבן זיך איבער אָט די טרעפּ געטראָגן שילער. אין איינעם פון די געוועזענע קלאַסן, וווּ מענטשן ראַנגלען זיך אויס מיטן טויט, שטייט, ווי האַלטנדיק איבער אונדז די וואַך, אַן אַנאַטאָמישער סקעלעט. אויף די ווענט הענגען נאָך לאַנדקאַרטעס, עס שטייט זיך רואיק אין אַ ווינקל אַ פאַרשריבענער טאָוול. אָט ליגן אָנגעוואָרפן דעקאָראַציעס, קינדערשע באַלעט־קאָסטיומען. מיר דוכט, אַז קיינער באַמערקט זיי נישט.

איך אַליין האָב שוין אויך פֿאַרגעסן, אַז אַזעלכע זאַכן זענען נאָך ערגעץ־ווו פֿאַראַן. מאָדנע, דעם מענטשן דוכט זיך, אַז צוזאַמען מיט אים האָט זיך געביטן דאָס גאַנצע לעבן...

עס זענען זיך שוין די רעגיסטראַציע־טישן. צו דער מאַמען שטייט צו עפּעס אַ מאַנצביל, זי זאָל אים צושרייבן אַלס איר מאַן. די מאַמע האָט מורא. אָבער ער שווערט מיט כל השבועות, אַז אונדז וועט דאָס נישט שאַטן, און אים וועט זי ראַטעווען דאָס לעבן. ער בעט זיך, ער וויינט, די מאַמע זאָל אים נישט אָפּזאָגן. ער פֿרעגט, ווי הייסן מיר, ווער ווען איז געבוירן, ווי האַרף ער אַליין הייסן, טיילט מיט, ווו ער אַרבעט.

די מאַמע דערלאַנגט דער רעגיסטראַטאָרין איר שיין. יענע באַקוקט אונדז, פֿאַרשרייבט און דערלאַנגט דער מאַמען קליינע בלויע נומערלעך.

ווי עס גלאַנצן ביי דעם מאַנצביל די אויגן, ווען ער האָט אַריינגענומען אין האַנט זיין נומערל — דאָס לעבן! מיט וויפֿל ליבשאַפֿט מאַכט ער פֿאַר אונדז אַ וועג אויף די טרעפּ און הערט נישט אויף צו דאַנקען. וואָס מער ער דאַנקט, אַלץ שווערער איז צו הערן, וואָס דאָ איז געוואָרן מיט מענטשן! — פֿאַר אַ פּשוטער מענטשלעכער טובֿה דאַנקט מען אַזוי, ווי פֿאַר דער גרעסטער העלדנטאַט.

קוים זיך דערשלעפּט אין דער פֿינצטערער צוריק אַהיים. אין אונדזער דירה האָבן זיבעצן מענטשן נישט קיין שיינען און נומערלעך. זיי וועלן בלייבן דאָ. נאָר איינציקע האָבן צוגעשריבן זייערע קינדער צו פֿרעמדע מענטשן. איצט געזעגענען זיך די עלטערן... די קינדער וויינען, ווילן נישט גיין, די מאַמעס קלאָגן, קושן נאָך און נאָך אַ מאָל דאָס ליבע פּנימל, די הענטעלעך און שעפּטשען מיט האַרצווייטיק: „גיי, מיין טרייסט, מיט דער מומען און מיטן פֿעטער, פֿאָלג זיי... זיי האָבן דיך געראַטעוועט". נאָר... צי זענען די קינדער טאַקע געראַטעוועט?...

עס טאָגט. מיר וואַרטן אויפֿן הויף אויף דער מאַמעס צוגעשריבענעם מאַן (אָן דעם געלן שיין זענען נישט גילטיק די בלויע נומערלעך).

מיר גייען אַרויס אין גאַס. ביים באַריער איז אַ שטופּעריי. פּ. מורער און אַנדערע אָפֿיצירן קאָנטראָלירן שטרענג די שיינען, באַקוקן יעדן משפּחה־מיטגליד. די „אויסבראַקירטע" (דאָס הייסט די, וועמענס עלטער עס רופֿט אַרויס אַ חשד) יאָגן זיי אין הויף פֿון דער אַנטקעגנדיקער שטוב.

צום באַריער דערנעענטערט זיך אַ יונג מיידל. זי פֿירט פֿאַר דער האַנט אַ פּאָר אַלטע לייט — טאַטע־מאַמען. מורער נעמט איר שיין, הייסט איר דורכגיין, און די עלטערן שטופּט ער צו די „אויסבראַקירטע".

אָבער דאָס מיידל שלעפּט זיי צוריק און רייסט זיך מיט זיי אַרויסגיין. מורער לאָזט נישט. זי כאַפּט אַרויס פון זיין האַנט איר שיין און פירט דאָך דורך די עלטערן. מורער גיט זי אַ שטופּ צו דער וואַנט און כאַפּט אַרויס דעם פּיסטאָלעט...

ווען איך עפן די אויגן, ליגט זי שוין אין אַ לוזשע בלוט... און מורער זעצט קאַלטבלוטיק פאָר די קאָנטראָל.

קוים מיט צרות זענען מיר אויך דורכגעגאַנגען און צוזאַמען מיט אַ גרויסער גרופּע מענטשן זיך אַוועקגעשלעפּט צום „קאַיליס"-בלאָק. נאָר אין בלאָק לאָזט מען אונדז נישט אַריין, — שוין איבערפולט. די מענער בעטן זיך קוים איין, מען זאָל אונדז אַריינלאָזן כאָטש אין שטעלכל. מיר זעצן זיך אויף אונדזערע פּעקלעך ביי דער טיר. די אַרבעטער לאָזן זיך אין די אונטערנעמונגען.

עס מאַראַקעט אַ רעגן.

דאָרטן אין געטאָ גייט אויך דער זעלבער רעגן, מען הרגעט, מען טרייבט מענטשן.

שוין אָוונט. די פיס זענען געליימט פון זיצן. עס ווילט זיך אַזוי אויסציען זיי און כאָטש אויף אַ רגע אָנשפּאַרן דעם קאָפּ.

עס איז שוין שפּעט. און דער רעגן גייט נאָך אַלץ. ווי שווער עס איז! ווען וועט זיך עס ענדיקן?

פרומע מענטשן זאָגן, אַז די ערד וויל נישט צונעמען קיין אומשול-דיקע קרבנות, זי וואַרפט זיי אַרויס צוריק. אָבער די מאַמע זאָגט, אַז די זאַך איז אַ סך פּשוטער: פיל דערשאָסענע פאַלן אין גרוב נאָך לעבעדיקער-הייט. זיי ווערן דערשטיקט און דעריבער געשוואָלן. זיי זענען אין אַ גרוי-סער צאָל, שפּאַלט זיך דער שיכט ערד, מיט וועלכן מען פאַרשיט די גרי-בער, און אין די שפּאַלטן באַווייזט זיך אַ האַנט, אַ זייט, אַ שטיקל פּנים...

דערפאַר האָט מען איצט אויפגעהערט צו פאַרפולן די גריבער פון אונטן ביז אויבן. איידער מען פאַרשיט די גריבער, באַגיסט מען די קערפּערס מיט נישט געלאָשענעם קאַלך.

שרעקלעכע געדאַנקען פילן אָן דעם קאָפּ, זיי לאָזן נישט אַפילו איינ-דרעמלען, כאָטש שוין די צווייטע נאַכט, אַז איך שלאָף נישט.

ווידער טאָג. די מאַמע און אַנדערע זענען אַוועק צו דער אַרבעט.

איצט וואַרטן מיר, עס זאָל ווערן אָוונט, כדי קאָנען אומקערן זיך אַהיים.

די האַרבסט־טעג זענען קורצע. אָבער קיינער איילט זיך נישט: מען האָט מורא, אפשר האָט זיך נאָך דאָרטן נישט געענדיקט די אַקציע?

נאָר אָט זענען מיר ווידער אין געטאָ. א שרעקלעכע פוסטקייט. אויף די געסלעך וואַלגערן זיך אַוועקגעוואָרפענע פעק. פענצטער און טירן זע־נען צעעפנט. אונטער די פיס טרישטשען שפּליטערס פון אויסגעהאַקטע שויבן.

אונדזער דירה איז פוסט. קיינער פון די זיבעצן שכנים איז נישטאָ. אַלע זאַכן זענען באַדעקט מיט פוך, ווי מיט אַ שניי: די באַנדיטן האָבן צעשניטן די לעצטע קישנס.

און ווייטער וואָס? ווידער דאָס זעלבע? אויף ווי לאַנג?

*        *
*

די אָקופּאַנטן קריכן שוין אײַנגאַנצן פון די כלים. מסתמא דערפֿאַר, וואָס אויפן פראָנט איז בײַ זיי ביז גאָר נישט כשורה.

לויפן פון געטאָ ווערט אַלץ שווערער. די באַפעלקערונג איז אָנגע־שראָקן, האָט מורא צו אויסבאַהאַלטן די אַנטלאָפענע. אין די צייטונגען איז אָפּגעדרוקט מורערס אַ באַפעל: אויב מען וועט בײַ עמעצן געפינען אַ באַהאַלטענעם ייִדן, וועלן דערשאָסן אָדער אויפגעהאָנגען ווערן אַלע אײַנ־וווינער פון דער דירה. מען דערציילט, אַז עטלעכע שטאָטישע אײַנוווינער, וואָס זענען באַשולדיקט געוואָרן אין אויסבאַהאַלטן ייִדן, האָט מען שוין אויפגעהאָנגען אויפן קאַטעדראַלן פּלאַץ, בײַם ראָטהויז און אויף לוקיש־קער פּלאַץ.

ווער עס קאָן, אַנטלויפט אין די אַרומיקע שטעטלעך. מען זאָגט, אַז דאָרטן איז עטוואָס רויִקער.

מענטשן פאַרקויפן די לעצטע בעבעכעס און דינגען אַ לאַסט־אויטאָ. קינדער טראָגט מען אַרויס אין אַ רוקזאַק אָדער איבערגעטאָן אין בגדים פון דערוואַקסענע. נאָך דער אַרבעט קערן זיי זיך שוין נישט אום אין געטאָ. זיי באַהאַלטן זיך אין אַן אָפּגערעדט אָרט און וואַרטן, ביז עס ווערט פינצטער.

דערווײַל זענען נאָך פאַראַן זייער ווייניק מענטשן, וועמען דאָס האָט זיך אײַנגעגעבן: מען פאַרהאַלט אויף די וועגן.

רבונו של עולם, איז טאַקע נישטאָ קיין רעטונג?

* *
*

נאָך קיין פּולע וואָך נישט אַוועק זינט דער אַקציע מיט די געלע שיינען, און שוין — ווידער...

דאָס מאָל האָבן די אייגנטימער פון די געלע שיינען אַרויסגיין מיט זייערע משפּחות נישט אויף איין מעת־לעת, נאָר אויף גאַנצע דריי.

פרוי ראָזע, אונדזערע אַ באַקאַנטע, זאָגט, אַז זי וועט זיך נישט באַהאַלטן. פאַר דריי טעג וועט מען זי סיוויי געפינען. און אויב זי וועט על פּי נס אויך דאָס מאָל בלייבן לעבן, וועט מען זי צונעמען דאָס קומענדיקע מאָל.אַ וואָך פריער, אַ וואָך שפּעטער — אַלעמען וועט מען אומברענגען. אַזאַ איז זייער פּראָגראַם...

ווי שווידערלעך עס איז צו הערן, ווי פרוי ראָזע רעדט. די מאַמע איז אַפילו אין כעס אויף איר פאַר אַזעלכע רייד. ווי קאָן מען זאָגן, אַז מען איז מסכים צו שטאַרבן? זיצן און וואַרטן, ביז מען וועט קומען אַוועקפירן דיך צו דער שחיטה!...

אָבער דערפאַר גייט אין דער שכנותדיקער דירה אַ פיבערהאַפטע אַרבעט — מען גרייט אַ מעלינע. אין אַ קליין צימערל טראָגט מען קליינע פּעקעלעך מיט וועש, שטיקלעך ברויט, טעפּלעך מיט אָפּגעקאָכטע שוואַרצע אַרבעס. עס גייען אַריין די מענטשן. מען קוקט מיט מורא אויף אַ שכנה מיט אַ פּיצל קינד, צי וועט זיך עס, חלילה, נישט צעוויינען? וויפל מאָל האָט אַ קינדעריש געוויין אַרויסגעגעבן מעלינעס!

אַ יונג מיידל מיט אַ ברודער, צו וועלכן זי איז צוגעשריבן אַלס אַ ווייב, פירן אַריין אין דער מעלינע זייער טאַטע־מאַמע. די טיר פון צימערל פאַרמאַסקירן זיי מיט אַ גרויסן פּאַרצייטיקן בופעט, קלאַפּן אים צו צו דער וואַנט. אויף די פּאָליצעס לייגן זיי אויס דאָס געשיר פון דער גאַנצער דירה און אַ פלעשעלע בראָנפן, וועלכן זיי האָבן געהאַלטן ספּעציעל פאַר אַזאַ פאַל. אויב די מערדער וועלן זיך דערנענטערן, זאָל דער בראָנפן אָפּציען זייער אויפמערקזאַמקייט.

* *
*

מיר זענען ווידער אין געטאָ. צום אַלעמערשטן בין איך געלאָפן צו די דירה מיט דער מעלינע. זי איז חרוב... דער בופעט איז אָפּגערוקט פון וואַנט. דאָס קינד האָט, ווייזט אויס, זיך טאַקע צעוויינט.

כ'שטעל זיך פֿאָר, ווי דאָס איז פֿאָרגעקומען.

...דער ערשטער טאָג. אין צימערל איז שטיל, פֿינצטער. דאָס קינד שלאָפֿט. סאָלדאַטן גייען אַריין אין דירה, נישטערן און גייען אַוועק. פֿון גאַס הערן זיך געשרייען, שאָסן, אָבער די מענטשן אין צימערל דוכט זיך, אַז זיי זענען היגטער זיבערע ווענט.

שוין נאַכט. די מאַמע וועקט איר עופֿהלע, שפּילט זיך מיט אים, קאָרמעט, אַבי עס זאָל נישט שלאָפֿן, כּדי עס זאָל שלאָפֿן נאָר בייטאָג. אָבער ווי אויף צו להכעיס קלעפּן זיך אים די אייגעלעך, עס שלאָפֿט איין. וואָס וועט זיין בייטאָג?

פֿרימאָרגן. עס הערט זיך, ווי אין געטאָ מאַרשירן אַריין סאָלדאַטן. היינט, ווייזט אויס, זוכן זיי ענערגישער. און דאָס קינד שלאָפֿט נישט. זיך צוגעוויינט צו דער פֿינצטערניש, ווייל עס מער נישט ליגן רואיק — באַלבעט עפּעס אויף זיין לשון, שפּילט מיט די פֿינגערלעך פֿון זיינע פֿיס־לעך, לאַכט, און דאָרטן הינטער דער וואַנט, אין גרויסן צימער ווילדעווען סאָלדאַטן: זיי וואַרפֿן, שליידערן, קלאַפּן אין וואַנט! עפֿענען דעם בופֿעט! זיי לאַכן. געפֿונען שנאַפּס. זיי טרינקען און הירזשען. ווי לאַנג דאָס ציט זיך! זאָל כאָטש דאָס קינד נישט אָנהויבן וויינען! די מאַמע האַלט עס פֿעסט צוגעדריקט צום האַרצן, איר מויל איז איבער זיין מיילכעלע.

ענדלעך, האָבן די באַנדיטן זיך אָפּגעטראָגן. ס'איז אַוועק שוין דער צווייטער טאָג. געבליבן נאָך איין טאָג!...

און אָט איז דער דריטער, דער לעצטער טאָג. יעדע מינוט פֿאַלן אין דירה אַריין נייע סאָלדאַטן. היינט זענען זיי באַזונדערס אכזריותדיק. ווי בייזע היגט נישטערן זיי אין יעדן ווינקעלע. מען הערט שוין זייערע טריט. און דאָס קינד איז היינט זייער קאַפּריז. איז עס קראַנק געוואָרן? עס זאָל כאָטש נישט וויינען. עס וויינט! און זיי זענען שוין אויף די טרעפּ. גייען ווידער אַריין אין דער דירה... עמעצער פֿון די שכנים וואַרפֿט אַרויף אויפֿן קינד אַ קישן. די מוטער וויל אָפּוואַרפֿן דאָס קישן. נאָר אַלץ איז אומזיסט, די באַנדיטן האָבן שוין דערהערט... זיי רוקן אָפּ דעם בופֿעט און פֿאַלן אַריין אין צימערל.

און אָט אַלע, וואָס האָבן זיך דאָ באַהאַלטן, טרייבט מען קיין פּאָנאַר...

*            *
*

גענס זאָגט ווידער, אַז אויף ווייטער וועט זיין רואיק. ער האָט גערופן אַ פֿאַרזאַמלונג און געמאָלדן, אַז די דײַטשישע מאַכט האָט אים פֿאַרזיכערט: איצט, ווען אין געטאָ זענען געבליבן נאָר גוטע, זייער נייטיקע פֿאַר די דײַטשן פֿאַבלייט, וועט מען מער קיינעם נישט אָנרירן. מען דאַרף נאָר גוט און טיכטיק אַרבעטן, זיין געהאָרכזאַם. אויב מיר וועלן מיט אונדזער אַרבעט ברענגען נוצן און וועלן פֿלייסיק אויספֿילן אַלע באַפֿעלן, וועלן מיר בלייבן לעבן.

כ'האָב אַליין געזען, ווי איינער אַ מענטש האָט אויף אָט די רייד אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אויסגעשפּיגן און אַ געשריי געגעבן צו גענסן: „פֿאַשיסטישער פּאָפּוגײַ".

אויף דער זעלבער פֿאַרזאַמלונג האָט גענס געמאָלדן אויך וועגן דער נייער אָרדענונג: אין יעדער בריגאַדע דאַרף זיין אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכער בריגאַדיר — „קאָלאָנעפֿירער". ער איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דער גאַנצער בריגאַדע און מוז היטן, אַז, אַרויסגייענדיק צו דער אַרבעט, זאָל זיך צו זיין בריגאַדע נישט צושאַרן אַ זייטיקער מענטש, וועלכער וויל אויף אַזאַ אופֿן אַרויסגיין אין שטאָט. דער בריגאַדיר איז פֿאַראַנטוואָרטלעך אויך פֿאַר דער אָרדענונג, ווען מען גייט איבער די גאַסן פֿון שטאָט. ער מוז שטענדיק האָבן ביי זיך אַ רשימה פֿון אַלע אַרבעטער פֿון זיין בריגאַדע און קאָנטראָלירן, צי זענען אַלע געקומען צו דער אַרבעט. פֿון די, וועלכע האָבן נישט געאַרבעט, — פֿאָדערן אַ צעטל פֿון דאָקטער. וועגן אַזעלכע, וועלכע האָבן נישט געאַרבעט אָן אַ וויכטיקער סיבה, — מעלדן אין „ארבייטסאַמט" פֿון געטאָ. דער „ארבייטסאַמט" טיילט מיט וועגן דעם דער אַרבעטס־פּאָליציי, וועלכע זעצט אַריין דעם זינדיקן אויף נאַכט אין געטאָ־תּפֿיסה. אינדערפֿרי לאָזט מען אים אַרויס, נאָר מיט דעם תּנאַי, אַז ער וועט גלייך גיין צו דער אַרבעט.

אגב, פֿאַר דער אַרבעט „צאָלט מען". מאַנצבילן קריגן צו 1,20 מאַרק אַ טאָג, פֿרויען — צו 1 מאַרק, קינדער ביז זעכצן יאָר — צו 80 פֿעניג. די אָנגערופֿענע סומע געהערט דעם אַרבעטנדיקן. פּונקט אַזאַ סומע דאַרף דער אַרבעטסגעבער, חוץ דעם, אַריינטראָגן אין „געביטסקאָמיסאַריאַט".

זאָל אָבער קיינער נישט מיינען, אַז דעם גאַנצן פֿאַרדינסט באַקומט אויף זיינע הענט דער אַרבעטער. ניין, איצט ליגט אַרויף אויף דעם אָרעמען פֿאַרדינסט איר לאַפּע די געטאָ־מאַכט. 10 פּראָצענט נעמט צו דער שטייער־אַמט. אויב אין די ספּעציעלע שטייער־קאַרטלעך איז נישט אַריינגעשריבן, אַז דער שטייער איז באַצאָלט, גיט מען נישט אַרויס קיין

ברויט=קאַרטלעך. נאָך 10 פּראָצענט האַרף מען אַרײַנטראָגן אויף „ווינטער=הילף".

*   *
*

פון געטאָ זענען אַוועק אויך די איבעריקע אַרבעטער פון דער „קאַי=ליק"=פאַבריק: זייער דירעקטאָר האָט געקראָגן נאָך איין שטוב פאַר אַ בלאָק. צום באַדויערן, האָבן מיר נאָך געמוזט בלײַבן אין געטאָ, פאַר אונדז האָט קיין אָרט נישט געקלעקט. איך זאָג „צום באַדויערן", ווײַל אין די „קאַילים"=בלאָקן איז דערווײַל רואיק. אויך אין דער צײַט פון די פריעריקע אַקציעס, ווען דאָ האָט זיך געגאָסן בלוט און קיין פּאָנאַר האָט מען אַוועקגעטריבן בײַ זיבן טויזנט מענטשן, איז אין די „קאַילים"=בלאָקן געווען בלויז אַ לײַכטע קאָנטראָל.

אין געטאָ ווערן איצט אויך געעפנט בלאָקן. די, וועלכע אַרבעטן אין איין אָרט, וועלן וווינען אין איין שטוב. מענטשן זאָגן, אַז דאָס איז אַ שלעכטער סימן, ווײַל אויב מען וועט עמעצן אָפּזאָגן פון דער אַרבעט, וועט מען אים גלײַך אָפּפירן קיין פּאָנאַר. מען וועט זיך שוין נישט קאָנען באַהאַלטן. אַנדערע זאָגן, אַז דאָס איז אפשר נישט מער ווי דײַטשישער פּעדאַנטיזם, און ערגסטן פאַל — אַ נײַער מעטאָד צו זוכן די, וועלכע האָבן נישט קיין געלע שײַנען.

אויב אָבער זיי האָבן טאַקע באמת נאָר דאָס אין זין, איז אומזיסט זייער טרחה. די, וואָס האָבן נישט קיין שײַנען, זענען געבליבן אויף זייערע ערטער. די מענטשן האָבן זיך געמאַכט ענגער און לעבן צוזאַמען. ווען די „אומלעגאַלע" איז געראָנישט בײַשט באַוווסט נישט בלויז די היט=לעריסטן, נאָר אויך די געטאָ=פּאָליציאַנטן.

*   *
*

ווידער טרויעריקע נײַעס: קיין פּאָנאַר האָט מען אַוועקגעפירט זיי פאַמיליעס פון סאָוועטישע אָפיצירן, וועלכע מען האָט ביז איצט געהאַלטן אין צוויי הײַזער אויף סובאַטש=גאַס.

הײַנט האָט מען זײ געפֿירט. אײנע אַ פֿרױ האָט פֿון לאַסט־אױטאָ אַ געשרײ געטאָן צו אַ פֿאַרבײגײענדיקער געטאָ־בריגאַדע: „װוּ איז דער אַר־בעטס־ישוב פּאָנאַר? מען פֿירט אונדז אַהין אױף אַרבעט“.

אַ געװײנלעכער שװינדל, אַז מען פֿירט צו דער אַרבעט...

* *
*

ס'איז דאָ אַ באַפֿעל פֿון „געביטסקאָמיסאַריאַט“: ײדן איז פֿאַרבאָטן צו געבוירן קינדער. אַ פֿאָלק, װאָס איז פֿאַרמשפּט צו װערן פֿאַרניכטעט, טאָר נישט געבוירן קײן נײעם דור.

הײַנט פֿאַרבאָט מען צו האָבן נײַע קינדער, און מאָרגן װעט מען הרגענען די, װעלכע זענען שױן פֿאַראַן.

כאָטש אײן טאָג זאָל מען קאָנען אָפּלעבן אָן שרעק פֿאַרן טױט!

* *
*

פֿאָריקע נאַכט איז אין געטאָ װידער געװען אַן אַקציע. אַ געהײמע, אַ מאָדנע שטילע, דעריבער האָבן מיר זיך דערװוּסט װעגן איר ערשט הײַנט.

דאָס מאָל האָט דער טױט זיך אַרײַנגעריסן צו די פֿאַמיליעס פֿון די אַרבעטער פֿון די װאַרשטאַטן, װעלכע געהערן צו דער געסטאַפּאָ. כאָטש אַרבעטן בײ דער חיה אין נאָרע איז דאָפּלט שרעקלעך, אָבער דאָס האָט געהאַט אױך אַ מעלה: דעם בריגאַדיר האָט זיך אײַנגעגעבן אױסצובעטן אַ דערלױבעניש צוצושרײַבן צו די געלע שײַנען נישט נאָר װײַבער און קינדער, — אױך עלטערן, שװעסטער און ברידער. פֿאַרשטײט זיך, אַז כּדי צו ראַטעװען װאָס מער מענטשן, האָבן די אײגנטימער פֿון די געלע שײַנען צוגעשריבן צו זיך אַסך „קרובים“. די היטלעריסטן האָבן זיך איצט, װײַזט אױס, געכאַפּט, אַז בײ זײ האָבן זיך אָנגעקליבן צופֿיל אַרבעטער און צו גרױסע משפּחות.

אינמיטן נאַכט איז אין געטאָ שטיל אַרײַן אַ קלענערע גרופּע סאָל־דאַטן און אַװעק צו די בלאָקן, אין װעלכע עס האָבן געװױנט די אַרבעטער פֿון די געסטאַפּאָ־װאַרשטאַטן (סטראַשון־גאַס 3, און אַ האַלבע שטוב אױף

סטראַשון־גאַס 15). זיי האָבן שטיל אויפגעוועקט די מענטשן און איבער־געגעבן זיי דעם באַפעל פונעם געסטאַפּאָ־שעף נאָיגעבאָיער, מען זאָל פאַר־לאָזן דאָס געטאָ. דער העפלעכער טאָן האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז מען איז געקומען אַרויספירן די נויטיקע אַרבעטער פון געטאָ, ווייל עס דראָט דאָ מסתמא ווידער א געפאַר.

אין די דאָזיקע בלאָקן האָבן צופעליק געלעבט עטלעכע זייטיקע משפחות, וועלכע האָבן נישט באַוויזן איבערצוקלייבן זיך אין זייער בלאָק. איצט האָבן זיי זיך געשעצט גליקלעך און אַריינגעדרייט זיך צווישן די אַ'בעטער, וועלכע מען פירט אַרויס פון געטאָ.

די אַרויסגעפירטע מענטשן האָט מען געבראַכט אין לוקישקער תפיסה. דאָס האָט אָבער אויך נישט געשראָקן: בעת דער ערשטער „אַק־ציע פון די געלע שיינען", ווען מען האָט געדאַרפט א מעת־לעת זיין מיט די פאַמיליעס אויף די ארבעטס־שטעלעס, האָט מען זיי אויך געהאַט פאַר־מאַכט אויף נאַכט אין אַן אָפּטיילונג פון תפיסה.

אינדערפרי איז דאָ געקומען וויים מיט נאָך עטלעכע געסטאַפּאָ־לייט און געמאָלדן, אַז דער גרעסטער טייל ארבעטער איז רעדוצירט, דאָס הייסט אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. די, וועלכע בלייבן אַרבעטן, וועט ער אויסרופן לויט א רשימה. זיי וועלן זיך אומקערן אין געטאָ. אָבער אויך פאַר זיי זענען די פריערדיקע פּריווילעגיעס נישט גילטיק, — מיט זיי קאָנען אַרויסגיין נאָר ווייבער און קינדער ביז זעכצן יאָר. עלטערן, ברידער און אלע אָפּגעזאָגטע פון דער אַרבעט בלייבן דאָ.

אין געטאָ האָט זיך צוריקגעקערט אַ קליין הייפל מענטשן.

די איבעריקע האָט מען אפּנים אַוועקגעטריבן קיין פּאָנאַר...

* *

*

ס'איז ווידער נישט רואיק. די אייגנטימער פון די געלע שיינען דאַרפן אויספילן אנקעטעס. די מאַמע האָט שוין אויסגעפילט. פראַגן זענען דאָרט זייער פּשוטע: פאַמיליע, נאָמען, ווען געבוירן, פאַד, אַרבעטס־שטעלע, די נעמען פון די פאַמיליע־מיטגלידער, זייער שייכות צום אייגנטימער פון געלן שיין, זייער עלטער. מען רעדט, אַז די אָנגעוויזענע אין אנקעטע פאַ־מיליע־מיטגלידער (מען מעג אריינשרייבן אין אַנקעטע נאָר די, וועלכע האָבן בלויע נומערלעך) וועט מען געבן ראָזע שיינען.

וועט מען געבן אַלעמען אַזעלכע שיינען, צי מען וועט עפּעס אַנ־דערש צוטראַכטן?

*　　*
*

ראָזע שיינען גיט מען אַלעמען, אָבער נישט מיטאַמאָל — יעדן טאָג בלויז א געוויסער צאָל מענטשן.

די מאַמע האָט שוין געקראָגן פאַר אונדז ראָזע שיינען. איצט האָב איך אויך אַ דאָקומענט. אמת, ער איז, ווייזט אויס, נישט זייער קיין וואַזש־נער, ווייל ער איז גילטיק נאָר אין געטאָ און אונטערגעשריבן האָט אים סך־הכל גענס. אַפילו דער שטעמפּל אַן אָרטיקער — אַליין דער זעלבער מגן־דוד און אַן אויפשריפט אין דייטש: „פּאָליציי־קאָמענדאַטור. געטאָ. ווילנע".

מענטשן האָבן זיך געהאַט באַרואיקט: אויב מען גיט ראָזע שיינען אַלעמען, איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן.

אָבער נעכטן אין אָוונט איז פּלוצלינג געוואָרן א פּאַניק: מורער האָט באַפוילן ביז אינדערפרי ענדיקן אַרויסגעבן שיינען.

באַגינען האָבן אין געטאָ אַריינמאַרשירט סאָלדאַטן, זיך אויסגע־שטעלט אויף די געסלעך. זיי וואַרטן, ווייזט אויס, ביז אַלע אַרבעטער וועלן אַוועק אויף דער אַרבעט אין שטאָט. נאָר קיינער וויל נישט גיין. גענס מיט די פּאָליציאַנטן טרייבן איבערגוואַלד, זיי דערקלערן, אַז דאָ וועט זיין נאָר אַ קאָנטראָל. אויב אָבער מען וועט געפינען עמעצן מיט א געלן שיין, וואָס איז נישט אַרויס צו דער אַרבעט, וועט מען זיין שיין אַנולירן און זיין גאַנצע פאַמיליע צונעמען.

די מאַמע וויל בשום אופן נישט גיין. די שכנים פירן זי אַרויס כמעט מיט כוח.

און וואָס וועט זיין מיט אונדז? אפשר וועלן זיי כאַטש דאָס מאָל נישט אָפּנאַרן און באַגרענעצן זיך בלויז מיט אַ קאָנטראָל? סיוווי איז בימער: ביי אונדז אין דירה וווינט אַ פרוי מיט אַ מאַן, וועלכע האָבן נישט קיין ראָזע שיינען. דאָס קינד האָבן זיי צוגעשריבן צו איינעם, וואָס האָט אַ געלן שיין, און אַליין זיך אויסבאַהאַלטן בעתביידע פאָריקע אַקציעס אין אַ מעלינע פון באַקאַנטע. איצט קלייבט מען זיך די מעלינע פאַרבעסערן און מען האָט זי צייטווייליק פאַנאַנדערגענומען. דעריבער האָבן זיי נישט

ווי אהינצוטאָן זיך. זיי באַהאַלטן זיך כאָטש אין בעט. מיר האָבן זיי ביזן סאַמע האַלדז פאַרדעקט מיט קאָלדרעס און קישנס פון דער גאַנצער דירה, און פון אויבן נאָך אָנגעוואָרפן קליידער. די קעפּ וועלן מיר פאַרדעקן אין לעצטן מאָמענט, ווען ס'וועלן זיך שוין הערן די טריט פון די היטלעריסטן.

א שטילער ווינטערדיקער פרימאָרגן. אין דער לופט שוועבן זעלטענע שנייעלעך. זיי לייגן זיך אויף דער ערד ווי אַ דורכזיכטיקער צודעק. נאָך שווערע סאָלדאַטישע טריט קוועטשן זיי באַלד אַריין אין בלאָטע. פון אויבן קומען צו פליען נייע שנייעלעך און ווילן צודעקן סיי די בלאָטע, סיי דעם סימן פון שטיוול. אָבער אומזיסט זייער טרחה, — איצט טרעטן שוין אסך פיס: מען האָט אַוועקגעפירט אַ גרויסע מענגע מענטשן. געבליבן לעבן נאָך אַזעלכע שרעקלעכע צוויי אַקציעס, און איצט וועלן זיי אומקומען. ווער קאָן דאָס אויסמיידן פאָנאַר...

פלוצלינג האָבן מיר דערהערט טריט. די סאָלדאַטן זענען שוין אויפן הויף! שוין אויף די טרעפּ! זיי קלאַפּן אין טיר. ניין, נישט אין אונדזער טיר, אין דער שכנותדיקער. קיינער עפנט נישט. אָבער זיי רייסן זיך אַריין... א פרוי וויינט... די סאָלדאַטן הירזשען. זיי פירן עמעצן אַוועק...

זיי טראַסקען שוין אין אונדזער טיר! מיר כאַפּן די קישנס, פאַרדעקן, פאַרמאַסקירן די אויסבאַהאַלטענע. פון שרעק גיב איך זיך אַ זעץ אויפן בעט. אונטער מיר האָט זיך עפּעס אַ ריר געגעבן, מסתמא האָט איך זיי גוט צוגעקוועטשט.

די היטלעריסטן באַקוקן לאַנג יעדן שיין. זיי קלאַפּן אין די ווענט, רוקן אָפּ די שאַפע, נישטערן אין פאָדערצימער. וואַלגערן זיך אַריין אין שכנישן צימער. איך הויב אַ ביסעלע אויף אַ שטיקל קישן, כדי די באַהאַלטענע זאָלן קריגן כאָטש א טראָפּן לופט.

די באַנדיטן גייען אַרויס. מיר שליידערן אראָפּ די קישנס. אונדזערע שכנים ליגן, נעבעך, צעפּאַרעטע, פאַרשוויצטע, אָן אָטעם. מיר מינטערן זיי אָפּ מיט קאַלטן וואַסער, פרישן אָפּ, זיי קומען קוים צו־זיך. אָבער אינגאַנצן אַרויסקריכן פון בעט וואגן זיי נישט — טאָמער קומען די מערדער נאָכאַמאָל.

ביים געטאָ־טויער שטייען געדעקטע לאַסט־אויטאָס. דאָס מאָל פירן די הענקער זייערע קרבנות נישט צופוס, כדי מען זאָל נישט אנטלויפן, ווי דאָס געשעט אָפט. מערסטנס דעריאָגט דעם דרייסטן א קויל, אָבער ווען מען פירט אויף אַ אויטאָ, וועט מען שוין קיין קוילן נישט דאַרפן פטרן. מען וועט זיי ברענגען אין וואַלד. דאָרטן וועלן לאַנג הילכן שאָסן.

גאָכדעם וועט ווידער ווערן שטיל. און נאָר די ביימער וועלן, ווי פאַרשמוינטע אין טרויער, באַערן דעם אָנדענק פון די קדושים...

* *

*

אונדזער שכן האָט אויך געקראָגן א ראָזן שיין. ווייזט זיך אַרויס, אַז נאָך דעם, ווי מען האָט ארויסגעגעבן שיינען אַלע פאַמיליען־מיטגלידער, זענען נאָך געבליבן בלאַנקען. און אַזוי ווי מען דאַרף אַרבעטס־קראַפט, גיט מען אַרויס ראָזע שיינען אַלעמען, וועמען עס איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן בעת די לעצטע שרעקלעכע אַקציעס.

הייסט דאָס, מער וועט מען זיי נישט טשעפּען. אָט ווי נישט גערעכט ס'איז געווען פרוי ראָזע, וועלכע האָט צו גיך פאַרלוירן יעדע האָפענונג. אויב זי וואָלט זיך דעמלט באַהאַלטן, וואָלט מען זי אפשר נישט געפונען און איצט וואָלט זי געלעבט ווי מיר אַלע. הגם, ווי לאַנג? אָבער די לעבעדיקע קאָנען נאָך האָפן, און זי...

די נייע ראָזע שיינען זענען די זעלבע, ווי אונדזערע, אָבער לעבן נומער שטייט א בוכשטאַב „S“. דאָס הייסט, אז דער שיין איז נישט פאַר פאַמיליען־מיטגלידער, נאָר אַ „שוץ“־שיין. דאָרטן איז ארייננגעשריבן אויך דעם איינגטימערס פאַך. דעם שכנס ווייב האָט געקראָגן אַן איינפאכן, אַזוי ווי אונדזערן, שיין פון אַ פאַמיליע־מיטגליד.

מען האָט געמאָלדן, אַז אַרבעטן מוזן נישט בלויז יענע, וואָס האָבן באַקומען די שוץ־שיינען, נאָר אַלע איינוווינער פון געטאָ — פרויען, זקנים, קינדער. די, וועלכע ארבעטן, קריגן אויך אַ בלויען שיין, דאָס הייסט אַן אַרבעטס־ציינגעניש אַלס צוגאָב צום שוץ־שיין.

איך וויל אויך גיין אַרבעטן אין שטאָט. נאָר די מאַמע לאָזט נישט. זי זאָגט — כ'וועל דערפרוירן ווערן. און דערצו, ווי לאָזט מען די קינדער אַליין? איך שפּיר אָבער, אז באַלד וועט זי זיך אונטערגעבן: אירע און מירעס פאַרדינסטן זענען אַזוי קנאַפּ, אז נאָך אַ פּאָר רובל זענען זייער נייטיק, און דער עיקר אפשר וועל איך אויך קאָנען עפּעס ארייננטראָגן פון שטאָט.

* *

*

הוראַ! מען ברעכט די פאַשיסטן די ביינער! מען טרייבט זיי פון הינטער מאָסקווע! די רויטע אַרמיי האָט שוין באַפרייט די שטאָט קאַלינין. זיי האַלטן שמאָל! זיי פרירן, ווי הינט!

אַ שאָד נאָר, וואָס זיי ווילט זיך וואַרעם אָנטאָן אויף אונדזער חשבון. זיי האָבן געהייסן אָפּגעבן אַלע פעלצן, פוטערנע קראַגנס, פוטערנע היטלען און מאַנזשעטן. דאָס גאַנצע פוטערוואַרג מוז ווערן אַריינגעטראָגן אין יודענראַט ביז 5 אַזייגער אָוונט. פאַר נישט אויספּילן דעם דאָזיקן באַפעל — טויט-שטראָף!

מען מוז אָפּגעבן. אָבער די מענטשן אַרבעטן דאָך מערסטנס אויף דער גאַס. אויב ביז איצט האָבן געפרוירן נאָר יענע, וועלכע האָבן געהאַפּט. אַז ביז ווינטער וועט זיך ענדיקן די מלחמה און האָבן נישט מיטגענומען אין געטאָ די ווינטער-מאַנטלען, — וועלן איצט שוין פרירן אַלע. און ווי אויף צו להכעיס שטייען שווערע פרעסט, קיינער געדענקט גאָר נישט אַזאַ האַרבן ווינטער. און די אָקופּאַנטן רעכענען זיך דערמיט נישט — זיי קומען יעדן טאָג אַריין אין געטאָ, כאַפּן פרויען, אַפילו קינדער, און יאָגן ראַמען דעם שניי. די אַרבעט רעכנט זיך אַלס אַ צייטווייליקע, דעריבער גיט מען דערפאַר נישט קיין שיינען, אַפילו נישט דאָס מיזערנע געצאָלט. פּשוט, מען יאָגט אַרויס — און אַרבעט.

די מאַמע האָט אָפּגעטראָגן פון אונדזערע מאַנטלען די קראַגנס — און אַוועקגעטראָגן. זי זאָגט, אַז ביים יודענראַט שטייען לאַסט-אויטאָס, אין וועלכע מען לאָדט גאַנצע פּעק וואַרעמע היטלען, קראַגנס, מאַנטלען.

איך בין אַוועקגעלאָפן אַ קוק טאָן. יאָ, אָנגעלאָדענע אויטאָס פאָרן אַרויס פון געטאָ, און אויף זייער אָרט שטעלן זיך פוסטע.

* *
*

היינט האָב איך געהערט אַזאַ אַנעקדאָט: רויטאַרמייער האָבן געמיינט, אַז זיי האָבן פאַרכאַפּט אין געפאַנגענשאַפט אַ באַטאַליאָן ווייבער, — אויף די דייטשישע שינעלן האָבן זיך געבאָמבלט עקן פון פוקסן.

* *
*

וואָס וואָלטן מיר געטאָן אָן דעם לערער יאָנאַיטיס? מסתמא, נאָך מער געהונגערט. יענע וואָך האָט ער אונדז צוגעשיקט אַ ליימען טעפּל מיט שמאַלץ. דאָס האָט זיין מאַמע אים געשיקט פון דאָרף. אויבן, אונטערן פּאַפּיר, איז געלעגן אירס אַ בריוועלע. ער האָט דאָס אַפילו נישט באַמערקט. ווייזט אויס, אַז, נישט פונאַנדערוויקלענדיק דער מאַמעס מתנה, האָט ער זי גלייך איבערגעשיקט אונדז. די גאַנצע צרה, וואָס ער איז זייער נישט פאָרזיכטיק — נעכטן האָט ער געבראַכט צום סאַמע געטאָ=טויער דעם טאַטנס הארבסט=מאַנטל און איבערגעגעבן מירען. אַליין גייט ער אַרום אין צעריסענע שיך. די מאַמע האָט אים שוין וויפל מאָל געגעבן אָנטאָן דעם טאַטנס שיך, וועלכע זענען געבליבן ביי אים, נאָך לאַנגע איינרעדענישן האָט ער צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיי אָנטאָן, נאָר מיט אַ תנאי, אַז די מאַמע זאָל ביי אים נעמען געלט פאַר די שיך.

ווי געפעלט עס אייך!

*       *

*

ס'איז די לעצטע צייט עטוואָס שטילער. איך וועל פּרווון געניי באַשרייבן אונדזער לעבן.

אין געטאָ זענען אויך נישט אַלע מענטשן גלייך. ווער עס האָט מיטגענומען פון דער היים מער זאַכן, ווער עס באַקומט הילף פון קריסטלעכע פריינד, און ווער עס האָט נישט דאָס און נישט יענץ. די לעצטע באַקומען א מיזערנע הילף פון דער „סאָציאַלער פאַרזאָרגונג“ ביים יודענראַט: מען באַצאָלט פאַר זיי דירה=געלט (אַז מען טראָגט נישט אַריין קיין דירה=געלט, קריגט מען נישט קיין ברויט=קאַרטל), מען איז זיך משתדל וועגן פארקלענערן זיי די שטייערן, מען גיט זיי אַרויס אומזיסט בילעטן אין באָד אָדער טאַלאָנען אויף זופּ. פאַרשטייט זיך, אַז קריגן אַזאַ שטיצע איז נישט לייכט. די צאָל נויטבאַדערפטיקע איז זייער גרויס.

איינמאָל האָט די „סאָציאַלע פאַרזאָרגונג“ צוזאַמען מיט דער חברה „ווינטער=הילף“ דורכגעפירט אַ זאַמלונג פון בגדים. געבעטן דעם עולם זיך טיילן מיט ־י, וועלכע האָבן שוין אינגאַנצן גאָרנישט. און מענטשן טיילן זיך מיטן לעצטן...

די אויפגעקליבענע בגדים קריגן יתומים און די, וועלכע גייען שוין קרוע=בלוא, פרירן ביים ראַמען דעם שניי אויף די גאַסן, בעת דער ארבעט ביי דער באַן אָדער אויפן אַעראָדראָם.

אגב, אַרבעטן אויפֿן אַעראָדראָם איז אַן אמתער אומגליק. דאָרטן הערשט אַ שרעקלעכער היטלערישער סאַדיסט. זיין גרעסטער פאַרגעניגן איז — צילן זיך מיט דער ביקס אין אַ הונט, וואָס איז אַנגעטאָן אויפֿן קאָפּ, אָדער צווינגען פאַרמאַטערטע און דערפרווירענע מענטשן, זיי זאָלן נאָך דער אַרבעט ביז סאַמע נאַכט קריכן אויף די בייכער איבערן גאַנצן אַעראָדראָם.

* *
*

עס איז ווידער געווען אַן אַקציע. נישט קיין גרויסע, אָבער פאָרט אַן אַקציע.

ביינאַכט איז אין געטאָ אַריין אַ קליינע גרופּע סאָלדאַטן. ניכטערע, רואיקע. זיי האָבן געהייסן די געטאָ־פּאָליציאַנטן בלייבן אויף זייערע פּאָסטנס און אַליין זענען זיי זיך צעגאַנגען לויט ספּעציעלע אַדרעסן, וועלכע יעדערער פון זיי האָט געהאַט ביי זיך.

זיי האָבן שטיל און גאַנץ העפלעך געוועקט מענטשן, געהייסן מיט־נעמען מיט זיך וואַרעמע זאַכן און גערולדיק געוואַרט, ביז יענע וועלן זיך אָנטאָן און איינפּאַקן.

נאָר הינטערן טויער פון געטאָ, ווען מען האָט זיי גענומען יאָגן אויף די אויטאָס, האָבן די מענטשן פאַרשטאַנען זייער לאַגע...

ווייזט זיך אַרויס, אַז מורער האָט געהאַט געפאָדערט ביי געגנס נייע קרבנות. גענס האָט אויפגעשטעלט אַ רשימה פון מענטשן, וועלכע זענען אים נישט צום האַרצן אָדער נמאס געוואָרענע די פּאָליציאַנטן פון געטאָ, געגעבן די תליינים זייערע אַדרעסן און ביינאַכט האָבן זיך אין פּאָנאַר ווי־דער געלאָזט הערן שאָסן.

* *
*

כ'האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז אין געטאָ איז פאַראַן אַן אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע פון קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן. זייערע פאַמיליעס רופט קיינער נישט אָן. אָבער זיי זענען פאַראַן. אַ רושם האָבן געמאַכט זייערע גיי־יאָריקע אויפרופן. אמתע, געדרוקטע (אפשר אַפילו גופא אין געטאָ

געדרוקט). זיי רופן צו שטעלן א ווידערשטאַנד, נישט לאָזן זיך פירן, ווי שאָף צו דער שחיטה. זיי שרייבן, אַז אין פּאָנאַר ליגן שוין אונדזערע מאַמעס, ברידער, שוועסטער. גענוג קרבנות! מען דאַרף זיך שלאָגן!

די שטימונג איז געהויבן. מענטשן חזרן איבער די ווערטער פון דעם אויפרוף.

*  *
*

אָט איז שוין דאָס נייע, 1942 יאָר. מען הערט אַפילו נישט קיין ניי־יאָר־באַגריסונגען. אפשר איז דאָס שוין אונדזער לעצט יאָר. מען דערציילט, אַז היטלער האָט אין זיין ניי־יאָר־רעדע געזאָגט, אַז אין 1943 וועט מען אַ יידן שוין קאָנען זען נאָר אין מוזיי.

אויב מען וועט היטלערן נישט צעשמעטערן אויפן פראָנט, קאָן ער די דראָונגען אויספירן...

*  *
*

פּאָריקע נאַכט האָט אונדזער שכן גענעכטיקט אין דער געטאָ־תפיסה: ער האָט געפּרוווט דורכטראָגן דורכן טויער אין די קעשענעס עטלעכע קאַרטאָפל.

די געטאָ־תפיסה געפינט זיך אין הויף פון דער ביבליאָטעק, אויף סטראַשון־גאַס 6. פאַקטיש איז דאָס שוין לידסקער גאַס, אָבער פון יענער זייט איז אַלץ פאַרקלאַפּט, און דער אריינגאַנג איז דורכן הויף פון סטראַשון־גאַס.

אין תפיסה זענען פאַראַן עטלעכע קאַמערן. א טייל פון זיי זענען באַשטימט פאַר „קליינע פאַרברעכער", וועלכע זיצן דאָ פאַר נישט אַרויסגיין צו דער אַרבעט אָן אַ וויכטיקער סיבה, פאַר פּרוּוון עפּעס אַריינטראָגן אין געטאָ אָדער פאַר באַליידיקן אַ געטאָ־פּאָליציאַנט. די דאָזיקע קאַמערן זענען שטענדיק פול.

ס'איז דאָ אַ קאַמער אויך פאַר אַזעלכע, וועלכע זענען פאַרמשפּט צו זיצן אַ לענגערע צייט. אַהער פאַלט מען אריין פאַר גנבה און א. וו.

לכתחילה האָבן מענטשן געלאַכט פון דער תפיסה, אָבער איצט לאַכט

מען שוין נישט. פונדאַנען טרייבט מען אָפּט קיין פּאָנאַר. ווען מורער פאָדערט מענטשן צו פאַרניכטן, „ראַמט" געגנס קודם־כל אויס די געטאָ־תפיסה.

* *
*

כ'וועל באַשרייבן אונדזער „מלוכה־אָרדענונג".

אַנשטאַלטן זענען ביי אונדז פּאַראַן, ווי אין אַן אמתער מלוכה. אָבער דאָרטן זענען מיניסטעריומס, דעפּאַרטאַמענטן, קאָמיטעטן, דאָ — דער יודענראַט, זיינע אָפּטיילונגען און די געטאָ־פּאָליציי.

אויסער „אַרבייטסאַמט", „סאָציאַלער פאַרזאָרגונג", ביבליאָטעק, קראַנקן־הויז, וועגן וועלכע כ'האָב שוין געשריבן, זענען פּאַראַן דאָ אַסך אַנדערע אַנשטאַלטן.

דער דערנערונגס־אָפּטייל גיט אַרויס דורך די הויז־קאָמענדאַנטן ברויט־קאַרטלעך, צעשיקט איבער די קרעמלעך די פּראָדוקטן, וועלכע זענען באַשטימט פאַרן געטאָ, און קאָנטראָלירט, ווי די פּראָדוקטן ווערן פאַרטיילט.

דער „וווינונגס־אַמט" פאַרנעמט זיך מיט דירה־פראַגעס, ריכטיקער מיט פיצלעך צימערן און ווינקלען. אויב נאָך אַן אַקציע איז ערגעץ־ווו געוואָרן „געראַמער", פירט מען אַהין אַריבער (פאַרשטייט זיך, לויט אַן אָרדער) מענטשן, וועלכע לעבן אין אַ נאָך גרעסערער ענגשאַפט. דער „וווינונגס־אַמט" האָט רעמאָנט־בריגאַדעס, וועלכע קאָלכן אַן אַנדערשמאָל אויס די צימערן. אָבער זוכה זיין דערצו קאָנען, צום באַדויערן, בלויז די הויכגעשטעלטע פּאָליציאַנטן און אַנדערע פּריווילעגירטע.

פּאַראַן אין געטאָ נאָך אַנדערע אַנשטאַלטן: פאַר טעכנישע ענינים און פינאַנסן, פאַר אָנפירן מיט די וואַרשטאַטן, איינמעלדונגס־ביוראָ, אַפילו אַ קבורה־אָפּטייל. דאָס מוז מען האָבן. מענטשן שטאַרבן דאָך נישט נאָר פון אַ קויל. די שטאָט־מאַכט האָט אויסגעטיילט דעם געטאָ אַ קליאַטשע אַ פגירה און אַ קאַטאַפאַלק. כמעט יעדן באַגינען שלעפּט זיך איבערן געטאָ אַ טרויעריקע פּראָצעסיע — דער שוואַרצער קאַטאַפאַלק און אַ הייפעלע באַגלייטער. אויב מען פירט מיטאַמאָל אַרויס עטלעכע אָרונס, איז די צאָל באַגלייטער עפּוואָס אַ גרעסערע. די באַגלייטער דערגייען ביזן געטאָ־טויער, מען זעגנט זיך מיטן מת — ווער עס וויינט שטיל, ווער עס שרייט אויף

א קול. דערנאָך צעעפנט זיך דער טויער, שלינגט איין דעם קאַטאַפאַלק און פאַרמאַכט זיך ווידער. אַ ווײַלע הערט זיך נאָך, ווי עס קלאַפן די פאָר־קעוועס פון דער קליאַטשעס. דאָס איז אַלץ... איצט גיט דער פורמאַן אַ שמייס מיט דער בײַטש, און די קליאַטשע לויפט, וויפל כּוח זי האָט, דורך דער שטאָט. מען מוז באַווײַזן, ביז די שטאָט איז נאָך נישט אויפגעשטאַנען: אַפילו אַ טויטן "JUDE„ איז נישט אַלץ דערלויבט...

וועגן די קינדער אין געטאָ זאָרגט אַ ספּעציעלע קינדער־אָפּטיילונג. פּאָר יתומים זענען פאַראַן אינטערנאַטן. די קינדער זענען צעטיילט אויף גרופּעס, לויטן עלטער. די קלענערע לערנען זיך, די עלטערע אַרבעטן אין די געטאָ־וואַרשטאַטן אָדער אין ספּעציעלע טראַנספּאָרט־בריגאַדעס. אויב אַ ייִנגעלע, כאָטש א יתום, אַרבעט אין שטאָט, נעמט מען אים אין אינ־טערנאַט שוין נישט אָן. עס רעכנט זיך, אַז ער איז שוין אַ זעלבשטענדי־קער מענטש. כאָטש דער מענטש איז נאָך אַ קינד...

ס'זענען פאַראַן אויך צוויי שולן — אויף סטראַשון־גאַס און אויף שאַוולער. מען האָט זיי ספּעציעל אײַנגעאָרדנט וואָס ווײַטער פון טויער: ווען א געסטאַפּאָ־מאַן וועט אומגעריכט אַרײַן אין געטאָ, זאָל ער נישט וויסן, וויפל קינדער דאָ זענען נאָך פאַראַן, זאָל ער נישט זען, אַז זיי גע־פינען זיך אונטער עמעצנס אָן אויפזיכט. די לערער אַליין האָבן צונויפ־געשלעפּט טישן, בענק, אַפילו אַ טאָוול געפונען. זיי לערנען כּמעט אָן לאַבאָראַטאָרישער אַרבעט, ביאָלאָגיע אָן איין גרינסעלע, אָן ביכער, אָבער זיי לערנען.

יעדן טאָג, 12 אזייגער, פירט מען די קינדער אין קיך נאָך זופּ. זיי קומען קלאַפּנדיק מיט זייערע הילצערנע, באַצויגענע מיט שטאָף שיכעלעך און וואַרטן, ביז מען וועט זיי אַרײַנלאָזן. וועגן דעם מאָמענט האָבן זיי געטרוימט נעכטן דעם גאַנצן אָוונט און הײַנט דעם גאַנצן פרימאָרגן. זשעדנע אויסגעזופּט זייער פּאָרציע, אויסגעלעקט דאָס שיסעלע, גייען זיי אַרויס אומעטיקע און הויבן ווידער אָן צו וואַרטן אויפן מאָרגנדיקן טאָג, ווען מען וועט זיי ווידער ברענגען אַהער...

קינדער. בלײַבע פּנימלעך, אָנגעריבענע פון די הילצערנע קלומפּעס פיסעלעך. זיי זענען אויך דעם „פירערס" פֿײַנט. פון זיי דאַרף מען אויך „אָפּרייניקן אייראָפּע".

פאַר עלטערע קינדער איז פאַראַן אויך אַ גימנאַזיע. אָבער זי איז האַלב פּוסט. נישט דערפאַר, וואָס קינדער אין דעם עלטער זענען אין געטאָ ווייניקער איידער קליינע. ניין, פּשוט ווײַל זיי אַרבעטן. מען האַלט זיי שוין

נישט פאַר קינדער. איך פאַרגעס אויך אַז אַנדערשמאָל, אַז מיר גייט ערשט דאָס פופצנטע יאָר. בעסער וועגן דעם נישט טראַכטן, ווייל דאַן פאַרווילט זיך שטאַרק לערנען, רעדן וועגן שרייבער און פּאָעמעס, וועגן לענדער און פעלקער. איצט וואָלט איך שוין האָלט געהאַט אויך טעאָרעמעס, אַפילו פיזיק. אָבער... די מאַמע און מירע אַרבעטן, מען דאַרף אכטונג געבן אויף די קינדער און שטיין אין די רייען...

כאָטש מקנא זיין איז זייער נישט שיין, אָבער איך בין אַן אַנדערשמאָל מקנא דאָס קליינוואַרג, וואָס פאַרשטייט גאָרנישט...

* *
*

די טעג זענען אינדערפרי צעקלעפּט געוואָרן מעלדונגען, אַז דער צווייטער פּאָליציי=צירקל צוזאַמען מיט אַ גרופּע אַרטיסטן גרייט אַ קאָנצערט. לעבן די מעלדונגען האָבן אויף מאָרגן זיך באַוויזן צעטעלעך מיט רויטע אותיות: „אויף אַ בית=עולם זינגט מען נישט!“, „די פּאָליציאַנטן זענען זיכער מיט זייער לעבן, זיי זענען זאַט און אָנגעטאָן, מער ווי קאָנצערטן פעלט זיי נישט!“, „יידן, גייט נישט אויף זייערע קאָנצערטן!“, „איידער זיצן אויף די קאָנצערטן, טראַכט בעסער ווי שעדיקן דעם דייטש!“

אָבער דער קאָנצערט איז יאָ פאָרגעקומען, כאָטש אַן עולם איז געווען אַ גאַנץ קליינער.

איצט קלייבט זיך דער קולטור=אַמט עפענען אַ טעאַטער.

* *
*

פאָריקע נאַכט האָט מען באָמבאַרדירט.

מיר זענען שוין געשלאָפן, ווי פלוצלינג האָבן פון אַ שרעקלעכן אויפרייס גענומען ציטערן די שויבן. מיר זענען אויפגעשפרונגען פון שרעק, געמיינט, אַז מען רייסט אויף דאָס געטאָ. ס'האָט ווידער אַ טראַסק געטאָן. עמעצער האָט אַ געשריי געגעבן: „באָמבעס!“

הוראַ! מען באַפרייט אונדז! אָבער די מאַמע איז שטענדיק אַ ניכטערער מענטש. זי זאָגט, אַז מיט באָמבאַרדירן איין מאָל וועט מען די

פּאַשיסטן נישט איינברעכן. מילא, וועט מען באַמבאַרדירן נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל. דעם אוצר וועט זיי קיינער נישט זשאַלעווען.

גענס מיט זיינע פּאָליציאַנטן קריכן פון די כלים, — ווו זיי דערזעען אין אַ פענצטער אַ ברענענדיקן פּאַפּיראָס, וואַרפן זיי אַ שטיין. עס רייסן זיך באָמבעס, עס שיטן זיך שויבן, עס פייפן פּאָליציאַנטן — אַן אמתע איבערקערעניש.

מיטאַמאָל איז געוואָרן שטיל. די אַעראָפּלאַנען זענען אַוועקגעפלויגן און מיר זענען געבליבן אַליין, צווישן די געטאָ־ווענט, אין דעם פיינטס לאַפּעס.

די אַעראָפּלאַנען האָבן זיך ווידער אומגעקערט, ערגעץ ווייט האָט ווידער געגומען דונערן, דערנאָך איז ווייטער אָנגעקומען די גרויליקע שטילקייט...

איין באָמבע איז אַראָפּגעפאַלן נישט ווייט פון געטאָ.

בייטאָג איז אין געטאָ אַריינגעלאָפן אַ צעקאָכטער נאָיגעבאָיער. עמעצער האָט אים געזאָגט, אַז ביינאַכט זענען פון געטאָ אַרויסגעלאָזן געוואָרן צוויי ווייסע ראַקעטעס. הייסט דאָס, דאָ האָט מען געוווסט וועגן דעם, אַז עס וועלן קומען צו פליען אַעראָפּלאַנען און מען האָט געוואַרט אויף זיי; יידן האָבן געגעבן די באָלשעוויקעס אַ סימן, געהאָלפן זיך אָריענטירן, באַלויכטן די שטאָט. ער וועט נישט זוכן די שולדיקע. פאַר אַזאַ פאַראַט וועלן ענטפערן אַלע. ער אַליין, מיט זיינע אייגענע הענט, וועט אונטערציגדן דאָס געטאָ: „זאָלן די יידן, פלאַקערנדיק, לייכטן זייערע פריינד די קאָמוניסטן!“

*　　*
*

כ׳האָב שוין לאַנג גאָרנישט געשריבן. דאָס לעבן איז איינטאָניק: אויב מען רעדט נישט וועגן פּאָנאַר, רעדט מען וועגן עסן. עטלעכע מאָל האָב איך געזען א. ר. אָבער וועגן וואָס זאָל איך מיט אים רעדן? וועגן שול? וויפל קאָן מען לעבן מיט זכרונות? און איצט איז נישטאָ וועגן וואָס — ער אַרבעט, איך האָב זיך מיינע דאגות. וועגן זיי קאָן מען זיך טיילן מיט דער מאַמען, אָבער נישט מיט אים.

*　　*
*

שוין מערץ. באַלד פרילינג...

ס'איז ווידער זייער נישט רואיק: עס גייט אויס דער טערמין פון די געלע שיינען.

הארבסט, ווען מען האָט זיי אַרויסגעגעבן, האָבן די פינף מאָנאַטן פון זייער גילטיקייט אויסגעזען זייער לאַנג. דער 30 מערץ, האָט זיך געדוכט, איז נאָך זייער ווייט. מיר האָבן געהאָפט, אַז ביז דעם דאָזיקן טאָג וועט מען די היטלעריסטן שוין אפשר פאַרטרייבן. איצט דערנענ־טערט זיך דער טאָג און מען האָט די היטלעריסטן נאָך נישט פאַרטריבן.

יעדער איינער פרווט, ווי ער קאָן, דערוויסן זיך, וואָס וועט מיט אונדז זיין ווייטער? אָבער — קיינער ווייסט גאָרנישט. צי דען האָט עפּעס אַ געסטאַפּאָ־מאַן אָדער אַ מיטאַרבעטער פון „געביטסקאָמיסאַר־יאַט" זיך נישט אויסגערעדט פאַר עמעצן? אַזאַ געהיימקייט איז נישט קיין גוטער סימן...

כ'האָב זיך דערוווסט אַן אויסערגעוויינלעכע נייעס: אין געטאָ איז פאַראַן אַן אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע, וועלכע גרייט זיך קעמפן קעגן די אָקופּאַנטן. דאָס איז די פ.פ.אָ. — פאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַני־זאַציע. אירע מיטגלידער האָבן מיט די אייגענע הענט געמאַכט אַ מינע און אונטערגעלייגט זי אונטער די באַן־רעלסן לעבן ניי־ווילנע.

הוראַ!

אָבער רעדן וועגן דעם טאָר מען נישט. די מאַמע האָט אַפילו פאַר־באָטן צו פאַרשרייבן דאָס. נאָר ווי קאָן איך דורכלאָזן אַזאַ מאָמענט!

* *
*

די לעצטע דריי נעכט, איידער עס האָט זיך געענדיקט דער טערמין פון די געלע שיינען, זענען די מענער פון אונדזער דירה געשטאַנען לויט דער ריי אויף דער וואך, כדי אין פאַל פון אַן אַקציע זאָלן מיר נישט גע־טראָפן ווערן שלאָפנדיקע.

היינט, אין דער לעצטער נאַכט, שלאָפט שוין קיינער נישט.

די נאַכט איז כמעט אַ פרילינגדיקע, נאָר עפּעס אַ פאַרגליווערטע, אַ לעבנסלאָזע — עס איז פינצטער און פינצטער.

מיט מאַטערניש דערוואַרט זיך ביז טאָג. צו דער אַרבעט דאַרף מען גיין אָדער נישט? די געטאָ־פּאָליציאַנטן שרייען, פאַרשטייט זיך, אַז מיר

זאָלן, ווי שטענדיק, אַרויסגיין צו דער אַרבעט. נאָר פּלוצים האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די געסטאַפּאָ וועט גלייך פון דער אַרבעט יאָגן אין פּאָנאַר, און דאָס געטאָ וועט מען „רייניקן" בייטאָג.

די בריגאַדעס זענען זיך צעפאַלן: מען לויפט אהיים זיך באַהאַלטן, ראַטעווען, שטעלן אַ ווידערשטאַנד. די געטאָ־פּאָליציאַנטן כאַפּן מענטשן און יאָגן צו דער אַרבעט.

די מאַמע האָט מען אַרויסגעפירט פון שטוב כמעט איבערגוואַלד. איך האָב זיך באַהאַלטן אויפן הויף, מען זאָל נישט דאַרפן געזעגענען זיך.

דער טאָג איז אַוועק אין אַן אָנגעשטרענגטן וואַרטן. נאָר דערווייל האָט גאָרנישט נישט פּאַסירט. אפשר ביינאַכט?

מיר האָבן געדרעמלט אין די בגדים. די נאַכט איז אויך דורכגעגאַנגען רואיק. אפשר האָבן די פאַשיסטן פאַרגעסן, אז עס איז אויסגעגאַנגען דער טערמין?

* *
*

די שיינען פאַרלענגערט מען. ווידער נישט אַלעמען מיטאַמאָל, כדי עס זאָל נישט זיין קיין פּאַניק.

די מאַמע האָט איר שיין שוין פאַרלענגערט; מען האָט פשוט פאַר־שטראָכן די דאַטע 30.III.1942 און אוועקגעשטעלט אַ שטעמפּל 30.IV. סך־הכל אויף איין חודש... אָפּטימיסטן פאַרזיכערן, אַז פאַר דער צייט וועט מען אָפּדרוקן ארבעטס־ביכלעך, וועלכע מען וועט ארויסגעבן אָנ־שטאָט די געלע שיינען.

* *
*

דאָס מאָל האָבן די אָפּטימיסטן קיין טעות נישט געהאַט: די געלע שיינען בייט מען טאַקע אויף אַרבעטס־ביכלעך. איך האָב שוין געזען אַזאַ ביכל. דאָס איז אַ לענגלעך בלעטל פון האַרטן ראָזן פּאַפּיר, צונויפגעלייגט אין דרייען. אויף דער ערשטער זייט (ריכטיקער, אויפן טאָוול) — די פאַמיליע, נאָמען, וו און ווען געבוירן, ווין־אָרט (אויף דער פראגע איז שוין אָפּגעדרוקט אויך דער ענטפער: „ווילנע. געטאָ"), ספּעציאַליטעט,

פֿאַמיליען־צושטאַנד און א. וו. די צווײ אינעווייניקסטע זײַטן זענען באַ־שטימט אויף פאַרנאָטירונגען וועגן דער אַרבעט: וו און אויף וואָס פאַר אַן אַרבעט, ווען אָנגעקומען, ביז ווען געאַרבעט. ווייטער — באַמערקונגען פון דער געטאָ־מאַכט.

אַז אַלע אייגנטימער פון די געלע שײַנען וועלן באַקומען די אַרבעטס־ביכלעך, וועט מען אָנהייבן אַרויסגעבן זיי אויך יענע, וואָס האָבן בלויע שײַנען.

דער נאָמען „בלויע שײַנען" איז שוין, אגב, פאַרעלטערט. לעצטנס דרוקט מען די שײַנען אויף גרינעם און ווייסן פאַפּיר: אפנים עס קלעקט נישט קיין בלוי פאַפּיר.

*

*　　　*

איך האָב מיט דער מאַמען שוין לאַנג זיך אויפגערעדט, אז פרילינג [illegible] איך אַרבעטן. און איך אַרבעט שוין טאַקע: איך טראָג וואַסער.

ווען איך בין צום ערשטן מאָל אַרויס באַגינען פון געטאָ, האָב איך זיך דערשראָקן — אויף די גאַסן אָן א שיעור היטלעריסטן! כ'האָב זיך געשלעפּט צוזאַמען מיט דער גאַנצער בריגאַדע און מורא געהאַט אויפצו־הויבן די אויגן. און די גאַסן זענען אַזעלכע ברייטע, ריינע. דאָ איז אויך ליכטיקער איידער אין געטאָ.

כ'האָב געזען דעם לערער פון פראַנצויזיש באַקאַטיסן. אפשר האָב איך נישט געדאַרפט קוקן אויף אים, וואָלט ער זיך נישט באַגריסט. אויב עמעצער האָט דאָס באַמערקט, וועט דאָס אים קיין גוטס נישט ברענגען...

איך אַרבעט אויף די גערטנער פון אַן אַלטן רייכן מאַן. פאַלעוויטש הייסט ער. די גערטנער זענען גאַנץ ווײַט, ערגעץ לעבן קאַלוואַרייסקן מאַרק. דער בעל־הבית איז זייער א בייזער. גלייך אינעם ערשטן טאָג האָט ער אָנגעזאָגט, מיר זאָלן זיך נישט דערוועגן אַרויסצוטראָגן פונדאַנען קאַטש איין מערעלע. אויב מיר וועלן ביים יעטן אויפעסן אַ מערעלע אָדער אַן אוגערקע, וועט ער דאָס שענקען, נאָר אויב ער וועט כאַפּן, ווי מען טראָגט אַרויס קאַטש איין מערעלע, וועט ער באַלד מעלדן אין געסטאַפּאָ.

דערווייל איז נאָך נישטאָ וואָס צו יעטן און נישט וואָס צו עסן. מיר שלעפּן וואַסער צו באַגיסן. די ערשטע עמערס זענען געווען זייער

שווערע, און שלעפן דאַרף מען ווייט, ביז די לעצטע בײמן. אין גאַנצן איז דאָס אַ מהלך פון צוויי גאַסן.

כ'האָב געשלעפט פולע עמערס און זיך געאײַלט מיט פוסטע צוריק. די צייט איז קוים געקראָכן. מיטאָג־צייט האָבן די פוילישע פרויען, וואָס אַרבעטן נישט ווייט פון אונדז, זיך געזעצט עסן. איך האָב מיט אַלע כּוחות באַמיט זיך, זיי זאָלן נישט באַמערקן, ווי איך קוק אויף זיי, און זאָלן נישט מיינען, אַז איך בעטל. פאַרשטייט זיך, ווען זיי גיבן, וואָלט איך זיך נישט אָפּגעזאָגט.

אַביסל געזעסן, האָב איך זיך קוים אויפגעהויבן פון אָרט — עס האָט ווײ געטאָן דער גאַנצער קערפּער. די הענט האָבן זיך געטרייסלט, די עמערס זענען ווי געוואָרן שווערער. די אַרבעט איז געוואָרן אַן אמתע פּייניקונג. די זון איז אונטערגעגאַנגען זייער לאַנגזאַם.

אין אָוונט האָט די מאַמע נישט געקאָנט איינבעטן זיך ביי מיר, איך זאָל עפּעס עסן: ס'האָט מיר געאיבלט, ווײ געטאָן דער קאָפּ. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז דאָס בין איך פאַרשיכורט פון דער פרישער לופט. נאָר וואָס גייט מיר אָן די סיבה — מיר איז שלעכט, און פאַרטיק!

אינדערפרי האָב איך נישט געקאָנט אויפשטיין. די מאַמע האָט זיך געבעטן, דערקלערט מיר, אַז קוים אַרבעט איך, טאָר איך נישט דורכלאָזן קיין איין טאָג, ווייל מען וועט עס האַלטן פאַר סאַבאָטאַזש. זי האָט מיר, ווי אַ קליינינקע, געהאָלפן זיך אָנטאָן, און איך האָב געבליבן פון פאַר־דראָס, וואָס אַפילו די אייגענע מאַמע פאַרשטייט מיך נישט, שטעלט זיך נישט פאָר, ווי שווער מיר איז. די מאַמע האָט אַרויפגעצויגן אויף מיר דאָס העמד, דאָס קליידל און אַלץ געטרייסט, אַז נאָכן ערשטן טאָג פיזישע אַרבעט פילט מען זיך שטענדיק אַזוי מיד. דערנאָך גייט אַלץ אַריבער.

נעכטן האָב איך באמת געפילט זיך לייכטער, און היינט איז שוין כמעט צו פאַרליידן.

כדי מיר זאָל נישט זיין אַזוי אומעטיק בעת דער אַרבעט און די צייט זאָל לויפן גיכער, צייל איך די עמערס. היינט האָב איך אָנגעטראָגן 96 עמערס. 48 מאָל בין איך געגאַנגען מיט צוויי פולינקע עמערס וואַסער.

*　*
*

דער סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד האָט אונטערגעשריבן מיט ענגלאַנד און אַמעריקע אַן אָפּמאַך. מען האָט זיך צונויפֿגערעדט וועגן אַ געמיינזאַמען קאַמף קעגן היטלערן און זיינע שותּפֿים.

די נייעס וועגן דעם אָפּמאַך איז אַ זיכערע. בכלל זענען די אינפֿאָר־מאַציעס, וועלכע מיר האָבן וועגן פֿראָנט, ריכטיקע. די אומלעגאַלע קאָ־מוניסטישע אָרגאַניזאַציע פֿון געטאָ פֿאַרשפּרייט צווישן די אייגוויינער די אינפֿאָרמאַציעס פֿון סאָוויעטישן אינפֿאָרמביוראָ.

* *
*

לאַנג נישט געווען קיין נייע באַפֿעלן, איז נאָט אייך! דער הער בור־גאָמיסטער האָט באַפֿוילן, אַז יעדער אייגוויינער פֿון געטאָ זאָל אייגצאָלן אַ „קאָפּ־שטייער" פֿאַרן צווייטן האַלב־יאָר פֿון 1941. אינגיכן וועט מען דאַרפֿן צאָלן אויך פֿאַר דער ערשטער העלפֿט פֿון איצטיקן יאָר.

מיין קאָפּ ווערט „געשאַצט" אין 8 מאַרק. אפֿשר איז דאָס נישט טייער, נאָר ווו נעמט מען 8 מאַרק? פֿאַרקויפֿן איז שוין כמעט נישטאָ וואָס. אַפֿילו די קינדער פֿאַרשטייען דאָס. די שכנה האָט אַ פֿרעג געטאָן ביי ראובעלען, וואָס ער עסט, האָט ער געענטפֿערט: „דעם אַרבל פֿון דער מאַמעס נאַכט־העמד".

ס'אַראַ גליק, אַז אויף דער וועלט איז דאָ דער לערער יאָנאַיטיס...

* *
*

אַוועק אַ יאָר נאָך דער אָקופּאַציע פֿון ליטע. ווי אַלץ האָט זיך געענ־דערט! וויפֿל אומשולדיקע מענטשן זענען אומגעקומען! ווי נישט ענלעך איז דאָס יאָר אויף די פֿאָריקע. אָבער די איצטיקע טעג אין געטאָ, ווען עס זענען נישטאָ קיין אַקציעס, זענען ענלעך איינ̃ער אויפֿן אַנדערן.

...פֿריער באַגינען. פֿארשלאָפֿענע מענטשן קומען זיך צונויף אויף רודניצקי־גאַס, קלייבן זיך בריגאַדעסווייז. יינגעלעך מיט הילצערנע פּודע־לעך אויפֿן האַלדז, ווי הויזירער, שלייען זיך אַרום צווישן עולם און לייגן פֿאָר זייער סחורה: „סאַכאַרין! פּאַפּיראָסן! פּאַפּיראָסן! ווער דאַרף פּאַפּיראָסן? שטיינדעלעך פֿאַר צינד־מאַשינקעס!" פּרוּוען לייגן פֿאַר קאָרענע פּלעצלעך.

פון שטאָט קערן זיך אום עטלעכע קוימענקערערס. דאָס זענען די רייכסטע מענטשן פון געטאָ. ווען איך בין געווען אַ קליינינקע, האָב איך פאַר קוימענקערערס מורא געהאַט, נאָכדעם האָב איך אויף זיי רחמנות געהאַט, וואָס זיי זענען אייביק שמוציק, אויסגעשמירט אין סאַזשע, און איצט בין איך זיי פשוט מקנא — זיי זענען אַלעמאָל זאַט. אין שטאָט פעלן אויס קוימענקערערס, האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג זיך געמוזט ווענדן אין געסטאַפּאָ, מען זאָל דערלויבן נעמען קוימענקערערס פון געטאָ, און די קוימענקערערס זאָלן באַקומען די געהעריקע שיינען, וואָס דערלויבן זיי אָן אַ וואַך אַרומגיין איבער די גאַסן און אַפילו אַריינגיין אין די הייזער. ביי די קוימענקערערס אין די שיינען איז אָנגעשריבן, אַז דער דאָזיקער „JUDE“ מעג אַליין, אָן באַגלייטונג, גיין איבער די גאַסן. פאַר אויסרייניקן אַ קוימען גיבן גוטע מענטשן אָפּצועסן, אַנדערע גיבן נאָך עפּעס פאַר דער משפחה אויך. די טויער־וואַך קאָנטראָלירט נישט די שמוציקע קאַסטנס פון די קוימענקערערס, מחמת עס ווילט זיך נישט פאַטשקען די הענט. מורערן אין די הענט קאָנען זיי אויך נישט אַריינפאַלן, — די קוימענס רייניקן זיי גאָר פרי און קערן זיך אום אין געטאָ, ווען אַלע אַנדערע גייען ערשט אַרויס צו דער אַרבעט.

...צוביסלעך ווערט דאָס געטאָ פוסטער, — די בריגאַדעס גייען אַרויס צו דער אַרבעט. איצט באַווייזן זיך אין די געסלעך זעלטענע פאַרבייגייער — די אָנגעשטעלטע פון יודענראַט. זיי זענען אָנגעטאָן ריינער, אָבער זייערע געזיכטער זענען אַזוי בלאַס, ממש דורכזיכטיק.

עס נעמט הודען און פייפן די עלעקטרישע זעג. דאָס געטאָ לעבט ווידער אויף: עס הויבן אָן אַרבעטן די געטאָ־וואַרשטאַטן.

אין אָוונט קערן זיך אום די מידע אַרבעטער. עס פאַלט צו די נאַכט. עס ווערט טויט־שטיל ביזן קומענדיקן פרימאָרגן.

* *

*

ווען מיר זענען היינט געקומען פון דער אַרבעט, איז ביים טויער נאָך געווען רואיק. מיטאַמאָל איז געוואָרן אַ בהלה — די געטאָ־פּאָליציאַנטן האָבן גענומען טרייבן פון באַריער יענע, וועלכע זענען געקומען באַגעגענען די אָנקומענדיקע פון שטאָט, זיי האָבן אָפּגעשטעלט די באַוועגונג אין געטאָ. וואָס איז געשען? — ביים טויער האָט זיך באַוויזן מורער! ער

שטייט ביים אַריינגאַנג און קוקט, ווי די פּאָליציאַנטן פון דער טויער־וואַך פירן די קאָנטראָל. ווען אים געפעלט נישט, שטעלט ער זיך אַליין צו דער קאָנטראָל. ביי איינער א פרוי געפינט ער 20 פעניג (עס איז דערלויבט צו האָבן ביי זיך נאָר 10). ער באַפעלט, מען זאָל זי אַריינפירן אין צימער פון דער טויער־וואַך, אויסטאָן נאַקעט און געבן 25 שמיץ. עס שמייסן זי פינף פּאָליציאַנטן, יעדערער דערלאַנגט צו פינף שמיץ. ווען דעם סאַדיסט מורער באַפרידיקט עס נישט — ער נעמט זיך אַליין צו דער פייניקונג.

פאַרענדיקט מיט דער פרוי, וואָס איז שוין קוים אַ לעבעדיקע, קערט ער זיך אום צום טויער. די סאַדיסטישע תאווה האָט זיך אין אים צעברענט, ער זוכט נייע קרבנות.

ער באַמערקט, ווי ביי איינעם אַן עלטערן יידן שטעקט עפּעס פון אונטערן רעקל. דאָס איז אַ קעסעלע זופּ. מורער הייסט אים תיכף, דאָ אויפן אָרט, אויפעסן די גאַנצע זופּ. אויב דיר איז ווייניק דאָס, וואָס מען גיט דיר, זאָגט מורער, איז פלאַץ עסנדיק. דער מענטש הויבט אָן צו עסן. אָבער דאָס איז אים נישט לייכט: דער גוטער מענטש, וואָס האָט אים גענבן די זופּ, האָט אים פריער אָנגעקאָרמעט ביז זאַט, כדיי די זופּ זאָל עסן די משפחה. אָבער מורערן וועסטו דאָס נישט זאָגן. ער דראָעט, אַז אויב דער ייד וועט נישט אויסלעקן דאָס קעסעלע, וועט ער אים שיקן קיין פּאָנאַר. דער מענטש ווערגט זיך, נאָר ער שלינגט...

לסוף ווערט מורערן דאָס אַלץ נמאס. אויב ער געפינט עפּעס, זאָגט ער פשוט: „אויף לינקס“. זיינע העלפער יאָגן אַזאַ איינעם אַוועק אין תפיסה. מענטשן שטאַרבן דערפאַר, וואָס זיי האָבן געוואָלט ברענגען די קינדער אַ פּיצל ברויט.

* *

*

קיין צווייטער פראָנט איז נאָך נישטאָ. די היטלעריסטן נוצן דאָס אויס און גרייפן אָן. אין קרים גייען בלוטיקע שלאַכטן. העלדיש פאַרטיידיקט זיך סעוואַסטאָפּאָל.

אין געטאָ איז נישט פריילעך. עס איז שרעקלעך היים. ס'איז אוממעגלעך צו אַרבעטן. אַפילו עסן ווילט זיך שוין נישט אַזוי שטאַרק. און קיין ניכע באַפרייונג זעט זיך נאָך אַלץ נישט אָן. אמת, די ערד אונטער די אָקופּאַנטן ברענט. עס שאַפן זיך פאַרטיזאַנישע מחנות. כ'האָב געהערט,



מאַשע ראַלניקס שוועסטערל ראַיע (שטייט) און דאָס ברודערל רוויק (זיצט) —
ביידע אומגעקומען

אז אויך ביי אונדז אין געטאָ באַוואָפנט מען זיך. מיט איין וואָרט, מענטשן זיצן נישט מיט פאַרלייגטע הענט. אָבער אַלץ ווערט געמאַכט בסוד סודות.

* *
*

אַ נייע פּאַניק. בייטאָג זענען צום געטאָ צוגעפאָרן עטלעכע וועגענער. אין יעדן פון זיי זענען געזעסן צו צוויי מאַלדאַטן. זייער עלטסטער איז אַריין אין געטאָ און געבעטן, אַז געגם זאָל אויסטיילן עלטערע און אָפּגע־שוואַכטע מענטשן, וועלכע מען וועט „איינאָרדענען אויף אָפּרו הינטער דער שטאָט".

זקנים זענען אין געטאָ פאַרבליבן זייער ווייניק. זיי זענען כמעט אַלע אומגעקומען בעת די אַקציעס. דערפאַר האָבן זיך אָבער באַוויזן דאָ נייע זקנים — מענטשן, וועלכע זענען זייער פרי אַלט און שוואַך געוואָרן. איינע פון זיי לעבן מיט די משפּחות, אַנדערע — אין מושב־זקנים. דער מושב־זקנים — דאָס זענען עטלעכע פינצטערע, עיפּושדיקע צימערלעך, געדיכט אָנגעשטעלט מיט אייזערנע בעטלעך. די איינוווינער פון מושב־זקנים זע־נען כמעט צוגעשמידט צום בעט. די וואָס קריכן מיט מאַטערגיש אראָפּ פון די בעטן, זענען גיכער שאָטנס, איידער מענטשן.

לויט געגם באַפעל האָבן די געטאָ־פּאָליציאַנטן זיך אַ לאָז געטאָן צונויפנעמען די זקנים, דערביי, ווי די פּאָפּוגייען, איבערגעחזרט די פּלאַ־פּלעריי פון די היטלעריסטן, אַז מען דאַרף נישט מורא האָבן, אַז מען וועט זיי נאָר פירן קיין פּאָספּעשעק און דאָרט איינאָרדענען אויף דאַטשע. נאָר ווער גלויבט זיי?

אָנגעהויבן האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, פון מושב־זקנים. אַזוי ווי אַסך פון די זקנים קאָנען נישט שטיין אויף די פיס, זענען די וועגענער אַריינ־געפאָרן אין געטאָ. די פּאָליציאַנטן האָבן געטראָגן די אומבאַהאָלפענע לע־בעדיקע סקעלעטן און געלייגט זיי אין די וועגענער.

אַנדערע זקנים האָט מען געפירט פון די הייזער, וווּ זיי וווינען, די אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי אומגעריכט, אַז קיינער האָט נישט באַ־וויזן זיך צו באַהאַלטן.

די היטלעריסטן האָבן זיך געהאַלטן העפלעך: נישט געשריען, נישט געשלאָגן. אַפילו געהייסן, אַז די זקנים זאָלן באַגלייט ווערן דורך עטלעכע געטאָ־פּאָליציאַנטן און דורך אַ קראַנקן־שוועסטער. זיי האָבן צוגעזאָגט, אַז

די וועגענער וועלן זיך באַלד צוריק אומקערן, כדי באַזאָרגן די זקנים מיט א קעבער, מיט ברויט, טעפּ און געשיר.

וואָס זאָל דאָס באַדייטן?

די פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן באַגלייט די זקנים, באַשטעטיקן, אַז מען האָט די אַלטע לייט באמת געבראַכט קיין פּאָספּעשעק, און דאָרט איז אַלץ גרייט צום אָפּרו. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, א ליגן.

*  *
*

גיסים ונפלאות! די זקנים זענען באמת אין פּאָספּעשעק! מען האָדע־וועט זיי גראָד נישט שלעכט, מען שלאָגט נישט, מען פאָטאָגראַפירט זיי אַפילו. נאָר די קרובים פון די זקנים בעטן זיך ביי געגנסן, מען זאָל די אַלטע לייט צוריק ברענגען אין געטאָ. געגנס וויל דערפון אַפילו נישט הערן. ער פאַרזיכערט, אַז נאָך צוויי וואָכן רו וועט מען זיי אַלע, פרישע און געזונטע, ברענגען צוריק אין געטאָ.

*  *
*

פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט אָפּגענאַרט.

היינט אינדערפרי האָבן די היטלעריסטן געפאָדערט פון געגנסן, ער זאָל זיי צושיקן זיינע פּאָליציאַנטן, כדי אָפּפירן די זקנים צוריק אין געטאָ. צוליב מעכנישע סיבות קאָן מען זיי נישט האַלטן אַזוי לאַנג, ווי עס איז געווען פאָרויסגעזען.

די פּאָליציאַנטן זענען געקומען קיין פּאָספּעשעק, אַריינגעזעצט די אַלטע לייט אין לאַסט־אויטאָס. די אויטאָס זענען געקומען אין שטאָט, אָבער אין געטאָ אַריין זענען זיי נישט פאַרפאָרן...

וואָס ווייטער איז געוואָרן קלאָרער, וווהין מען פירט די אַלטע לייט.

דאָס מאָל האָבן געצייטערט אויך די געטאָ־פּאָליציאַנטן — באַגלייטן ביזן קבר האָבן זיי מורא. מערדער האָבן, ווי באַוווסט, פיינט צו לאָזן לע־בעדיקע עדות.

נאָר די פּאָליציאַנטן האָבן זיך אומגעקערט אַליין. די העכער הונדערט זקנים זענען פאַרשניטן געוואָרן...

צוליב וואָס איז נויטיק געווען אָט די טראַגיקאָמעדיע מיטן „אָפּרו־
הויז“, האָבן מיר נישט געקאָנט פאַרשטיין. אלנפאַלס, די פאַשיסטן האָבן
געוואָלט עמעצן פאַרבלענדן די אויגן.

* *
*

שוין באַלד האַרבסט. די אָקופּאַנטן האָבן באַשלאָסן צו באַזאָרגן זיך
מיט הייצוואַרג. אויף האַקן וואַלד פאָדערן זיי, פאַרשטייט זיך, מען זאָל
געבן מענטשן פון געטאָ. זיי זאָגן אַפילו צו, אַז א העלפט פונעם אָנגע־
האַקטן האָלץ וועט באַקומען דאָס געטאָ. וואָס פלייסיקער די מענטשן
וועלן אַרבעטן, אַלץ מער האָלץ וועט באַקומען דאָס געטאָ.

גענס האָט געמאָלדן, אַז אַרויסגיין האַקן וואַלד וועלן מוזן יענע אַלע
מענער, וועלכע זענען פאַרעגיסטרירט אין „ארבייטסאמט“ און זענען
איצט פריי פון אַרבעט. דער עולם איז אָבער זייער אָנגעשראָקן און
גלויבט נישט, אַז מען וועט פירן האַקן וואַלד, מען וויל זיך פון דעם
אַרויסדרייען. גאָר עס העלפט גאָרנישט. מען זאָגט, אז אַפילו די אָנגע־
שטעלטע פון יודענראַט וועלן מוזן אָפּאַרבעטן אין וואַלד אַ געוויסע צאָל
טעג. דאָס וואָלט גראָד געווען גוט, זאָלן זיי אויך פאַרזוכן דעם טעם פון
שווערער פראַצע.

אָבער די היטלעריסטן איילן זיך נישט אַזוי צו שיקן אין וואַלד.
מענטשן זאָגן, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל די וועלדער זענען פול מיט
פּאַרטיזאַנער, וועלכע רייסן אויף בריקן, לאָזן אראָפּ פון די רעלסן צוגן.
די היטלעריסטן האָבן מורא, אַז די מענטשן פון געטאָ וועלן זיך פאַראיי־
ניקן מיט די פּאַרטיזאַנער.

* *
*

די היטלעריסטן האָבן קיין ברירה נישט — זיי שיקן פאָרט מענטשן
פון געטאָ. אמת, גענס האָט באַקומען אַ באַפעל, אַז מען זאָל שיקן מיט
זיי געטאָ־פּאָליציאַנטן, וועלכע זאָלן אַכטונג געבן, אַז די האָלצהעקער זאָלן
זיך נישט פאַרבינדן מיט פּאַרטיזאַנער. ביי דער קלענסטער פאַרבינדונג,
וועט דאָס גאַנצע געטאָ גיין „קאַפּוט“.

נעכטן אָוונט האָבן די געטאָ־פּאָליציאַנטן ביז שפּעט אין דער נאַכט
פונאַנדערגעטראָגן מודעות צו אַלע יענע, וואָס דאַרפן פאָרן אין וואַלד.

עס איז געוואָרן א פּאַניק. מענטשן לויפן זיך באַהאַלטן. די געטאָ־פּאָליציאַנטן כאַפּן זיי, און בעת־מעשה חזרן זיי איבער געגנס ווערטער, אַז די מורא איז איבעריק, אַז מען פירט בלויז האַקן וואַלד. וואָרעם אויב נישט, צוליב וואָס זשע שיקט מען מיט די האַלצהעקער געטאָ־פּאָליציאַנטן און אַפילו א דינסטלייטער? פאַרשטייט זיך, אַז אויף אַזאַ אַרגומענט לייגט קיינער קיין אַכט נישט — כדי אָפּנאַרן דעם עולם, וועלן די היטלעריסטן דען זשאַלעווען עטלעכע געטאָ־פּאָליציאַנטן?

עמעצער האָט געלאָזט א קלאַנג, אַז מען פירט נישט האַקן וואַלד, נאָר אָפּרייניקן די פעלדער פון מינעס.

צו צרות איז מען שוין אָבער געוווינט, גייט מען צום „אַרבייטסאַמט". די מענטשן זעען אויס נישט ווי האַלצהעקער, נאָר גיכער ווי שאָטנס אויפן בית־עולם. אייניקע טראָגן מיט זיך קליינע פעקלעך, אָבער די מערהייט האָט קיין שום זאַך מיט זיך נישט מיטגענומען. צוליב וואָס שלעפּן מיט זיך זאַכן, זאָלן זיי בעסער בלייבן ביי דער משפחה, וועט מען די זאַכן אויסבייטן אויף ברויט.

12 אַזייגער. אין געטאָ פאָרן אַריין די ערשטע צען וועגענער. אויף יעדערן — א סאָלדאַט. ווייבער הויבן אָן צו וויינען און קלאָגן. די געטאָ־פּאָליציאַנטן יאָגן זיי אַוועק.

עס עפנט זיך דער טויער און אינגיכן פאַרמאַכט ער זיך ווידער...

* *
*

די אַוועקגעפירטע מענטשן אַרבעטן טאַקע באמת אין וואַלד. עטלעכע פרויען האָבן געקראָגן בריוולעך פון זייערע מענער (א דאָרפישער פויער האָט אַריינגערוקט א פאַרבייגייענדיקער בריגאַדע).

אַלע לויפן צו די גליקלעכע לייענען אָט די בריוועלעך.

* *
*

גיטע (איך אַרבעט מיט איר צוזאַמען אויף די גערטנער) רעדט מיר שוין לאַנג איין, איך זאָל זיך פאַרשרייבן אין כאָר. זי זאָגט, אַז דאָרטן איז זייער אינטערעסאַנט. דער עיקר, אַז מען זינגט, פאַרגעסט מען כאָטש אויף אַ ווײַלע וועגן אַלץ.

די טעג ביז איך דאָרטן געווען. דער אָנפירער פון כאָר דורמאַשקין האָט פאַרהערט מיין שטים, געפרווט מיין געהער, דעם זכרון און געהייסן גלייך בלייבן אויף דער רעפעטיציע. אָבער דער כאָר, ווייזט זיך אַרויס, זינגט אין העברעיש, און איך פאַרשטיי קיין וואָרט נישט העברעיש.

די כאָריסטן דערציילן, אַז פון אָנהויב איז זייער שווער געווען. נאָך יעדער אַקציע פלעגט פעלן אַ טייל מענטשן. און מען האָט געדאַרפט זוכן נייע. דאָס איז גאָר נישט קיין לייכטע זאַך: מענטשן גייען אין כאָר נישט גערן, מען טענהט, אַז מען איז מיד, אַז די היימישע לאָזן נישט, און אסך זענען פשוט אין טרויער. נישט זעלטן, איבערהויפט נאָך אַן אַקציע, פלעגט מען וואַרפן אין די שויבן שטיינער און פאָדערן, מען זאָל נישט זינגען. דער כאָר האָט אַפילו נישט געהאַט וווּ צו רעפעטירן — יעדעס מאָל פלעגט מען זיך אויפקלייבן אין אַן אַנדער אָרט. און פאָרט פלעגן די רע-פעטיציעס פאָרקומען צוויי מאָל אין וואָך — דינסטיק און פרייטיק. איצט האָט דער כאָר שוין צוויי צימערן (אויף סטראַשון-גאַס 12), א פיאַנע און אַפילו אַן אוניפאָרם.

אגב, דורמאַשקינס כאָר איז נישט דער איינציקער. פאַראַן נאָך אַ כאָר, א יידישער. מיט אים פירט אָן סלעפ. אין יידישן כאָר זינגט די וואונדערבאַרע סאָליסטין — ליובע לעוויצקאַיאַ, וואָס איז ביז דער מלחמה געווען א סאָליסטין אין ראַדיאָ.

דורמאַשקין האָט געשאַפן אויך א סימפאָנישן אָרקעסטער. אָנגעקומען איז דאָס אים נישט לייכט: ערשטנס, זענען אין געטאָ טאַקע געבליבן זייער ווייניק מוזיקאַנטן. דער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שכל צו פאַרשרייבן זיך פאַר אַ סטאָליער, גלעזער אָדער כאָטש שוסטער און האָט זיך שטאָלץ אָנגערופן מוזיקאַנט, — איז שוין לאַנג אין פאָנאַר. און די, וועלכע האָבן איצט אַ נייע מלאכה, באַמיען זיך צו ווערן גוטע פאַכלייט, מען זאָל זיי נישט אַרויסיאָגן פון דער אַרבעט. אין אַזאַ לאַגע זענען די פינגער פאַר-גרעבט, נישט געהאָרכזאַם. און בכלל, ווי קאָן מען נאָך צוועלף שעה שווע-רער אַרבעט האַלטן א פידל אין האַנט? און דער, וואָס קאָן יאָ, האָט קיין פידל נישט. אויב ער האָט יאָ געהאַט, האָט ער אים שוין לאַנג אויסגעביטן אויף ברויט.

נאָר עס איז א כלל: וואָס מער שוועריקייטן, אַלץ מער ענטוזיאַזם. אַן אָרקעסטער האָט מען ווי-נישט-איז דווקא יאָ צונויפגעקליבן. נאָטן קריגט דורמאַשקין דורך גוטע מענטשן אין דער פילהאַרמאָניע. איצט גרייט דער אָרקעסטער צוזאַמען מיטן כאָר בעטהאָווענס ניינטע סימפאָניע.

ווייזט זיך אַרויס, אַז דער טעקסט פֿון פֿערטן טייל פֿון דער סימפֿאָניע איז אַן אָדע פֿון שילערן אונטערן נאָמען „צו פֿרייד". מען האָט מיר איבער=געזעצט איר אינהאַלט. דאָרטן ווערט געזאָגט, אַז אַלע מענטשן זענען ברידער. אַוודאי אַזוי... אַ שאָד נאָר, וואָס די היטלעריסטן ווייסן עס נישט...

* *
*

הײַנטיקער טאָג האָט געקאָנט זײַן דער לעצטער אין מײַן לעבן. אינ=דערפֿרי בין איך, ווי געוויינטלעך, אַרויס צו דער אַרבעט. בײַטאָג האָב איך אויך גאָרנישט נישט פֿאָרויסגעפֿילט. אדרבא, געהאַט אַפֿילו, קאָן מען זאָגן, אַ גוטע שטימונג. מיר האָט זיך איינגעגעבן אויסבײַטן דער מאַמעס בלוזקע אויף מעל.

אָנגעשאָטן די מעל אין געשטעפּטע „גאָרסעטן", האָב איך געוואַרט אויפֿן אָוונט, ווען כ'וועל זיי אָנטאָן אונטערן קלייד, פֿאַרגאַרטלען זיך מיט אַ רימענדל, כ'זאָל נישט אויסזען צו גראָב, און דורכשמוגלען דאָס דורכן „געטאָ"=טויער.

גייענדיק פֿון דער אַרבעט, האָט איינער אַ פֿאַרבייגייער שטיל אַ זאָג געטאָן צו אונדז, מיר זאָלן אין געטאָ נישט גיין — דאָרט איז אומ=רואיק.

מיר האָבן זיך פֿאַרלוירן. וואָס טוט מען? וווּהין גייט מען? און וואָס קומט פֿאָר אין געטאָ? אַן אַקציע? דער בריגאַדיר הייסט גיין, ווײַל אונדזער שטיין צערודערטע קאָן אַרויסרופֿן אַ חשד.

מיר שלעפּן זיך קוים פֿאָרויס. אייניגע ראַטן, מיר זאָלן זיך אומקערן צו דער אַרבעט. אַנדערע טענהן, אַז דאָס איז אַ זיכערער זעלבסטמאָרד — עס איז שוין אָוונט און מיר גייען נישט אין געטאָ, נאָר אין אַ פֿאַרקערטער ריכטונג.

נאָך אַ דורכגייער וואָרנט אונדז, אַז מיר זאָלן נישט גיין: ביים טויער אונטערזוכט מען זייער שטאַרק.

הייסט עס, מורער. די, וואָס האָבן זיך נישט געקליבן אַריינשמוגלען עפּעס אין געטאָ אומלעגאַל, האָבן זיך באַרואיקט. יענע, ווידער, וואָס טראָגן יאָ עפּעס פֿאַרבאָטנס, באַמיען זיך אומבאַמערקטערהייט אויסליי=דיקן פֿון די קעשענעס אַ באַהאַלטענעם קאַרטאָפֿל, צי עפּעס ענלעכס. נאָר

ווי זאָל איך אַהינטאָן די מעל? איך קאָן דאָך נישט אויסטאָן זיך אינ־
מיטן גאַס.

דאָס געטאָ איז שוין גאָר נאָענט... מען מוז תיכף עפּעס צוטראַכטן, באַלד וועט זיין צו שפּעט... ווען מען וועט פירן קיין פּאָנאַר, וועל איך בשום אופן נישט קאָנען זיך מוחל זיין, למאי איך האָב דורכגעלאָזט אַזאַ מאָמענט.

גיטע בעט מיך, איך זאָל אראָפּרייסן פון איר רוקן די געלע לאַטע, זי וועט אין געטאָ אַריין נישט גיין. וועל איך אויך נישט גיין... צוזאַמען מיט איר בין איך דרייסט ארויף אויפן טראָטואר. עס כאַפּט א פּחד... גיטע נעמט מיך אונטערן אָרעם און מיר שטעלן טריט. אָפּגעגאַנגען א קליין שטיקל — אָט איז קאָוונער גאַס. דאָרטן איז אַ סכנה: אַסך פאַרבייגייער. מיר קערן זיך אום צוריק, דורך עפּעס אַ דורכגאַנג קומען מיר אַרויס אויף גרויס־סטעפּאַנער גאַס. אָבער זי איז זייער קורץ, באַלד זענען מיר ווידער אויף קאָוונער גאַס. מיר גייען נאָכאַמאָל צוריק. פונווייטן זעט זיך דאָס געטאָ. ביים טויער איז נאָך אַלץ אַ ריי...

געמאַכט דעם זעלבן קרייז. נאָר וויפל קאָן מען זיך אַזוי אַרומדרייען? אויב עמעצער וועט באַמערקן, וועט ער גלייך פאַרשטיין. מיר זענען אַרי־בער די קאָוונער גאַס און אַוועק דורך עפּעס אומבאַקאַנטע געסלעך.

ס'איז געוואָרן פינצטער. באַלד וועט מען שוין, מסתמא, אינגאַנצן נישט אַריינלאָזן אין געטאָ. אפשר האָבן זיך שוין אַלע בריגאַדעס אומגע־קערט פון דער אַרבעט און מיר וועלן בכלל נישט האָבן מיט וועמען אַריינ־צוגיין? מען מוז גיין...

מיר קוקן זיך אָנגעשטרענגט איין און, אויב מיר האָבן קיין טעות נישט, איז ביים טויער נאָך אַלץ פול מיט מענטשן, נאָר די לאַגע איז שוין דאָרט, ווייזט אויס, אַביסל רואיקער. מיר דערנעענטערן זיך. ווילן זיך אַריינכאַפּן אין אַ פאַרבייגייענדיקער בריגאַדע, נאָר מען לאָזט אונדז נישט, — ווער וועט דאָס ריזיקירן צוליב אונדז מיטן לעבן. גייענדיק אַזוי פאַרביי די בריגאַדעס, דערצו מיט איין פוס אויפן טראָטואַר, מיטן צווייטן אויפן ברוק, — זענען מיר צוגעקומען כמעט האַרט צום געטאָ. גיטע גיט מיך אַ שלעפּ פאַרן אַרבל, מיר שטעלן זיך מיט ביידע פיס אויפן טראָ־טואַר און שפּאַנען אַוועק פאַרביי געטאָ, אַזוי ווי מיר האָבן צו דעם קיין שייכות נישט.

מיר שלעפּן זיך ווידער דורך די פינצטערע געסלעך. די פענצטער זענען פאַרהאַנגען. מיר גייען כמעט טאַפּנדיק די ווענט. און ווידער קומען

מיר ארוים אויף זאוואלניע גאַס. פונוויטן מיטן ברוק דערנעענטערט זיך אַ מענגע מענטשן. מסתמא, אונדזערע אַ בריגאַדע. גיטע שעפּטשעט, אַז מיט אָט דער בריגאַדע מוזן מיר שוין אומבאַדינגט אַריין אין געטאָ. אַנישט ריזיקירן מיר צו בלייבן אין גאַס אויף אַ גאַנצער נאַכט און דאָס הייסט — אַריינפאַלן אין לוקישקער תפיסה.

ווען די בריגאַדע האָט זיך דערנעענטערט, האָבן מיר זיך אַריינגע־שטופּט צווישן די מענטשן. דער עולם איז דאָ געווען פיל פריינדלעכער. אַנדערע האָבן אַפילו יאָ געבורטשעט, אַז מיר זענען „משוגענע קעפּ“, אָבער דערוווסט זיך די סיבה פון אונדזער „שפּאַציר“, האָבן זיי אונדז אַריינגענומען אין סאַמע מיט און צוגעזאָגט פאַרשטעלן פון דער געטאָ־פּאָליציי. ווען מיר זענען געווען לעבן טויער, האָט איינער אַפילו געפּרוווט אַרויפלייגן מיר אויפן פלייצע אַ האַנט, עס זאָל זיך נישט זען, אַז איך בין אַן לאַטעס.

מורער איז ביים טויער שוין טאַקע נישט געווען. דערפאַר אָבער האָבן זיך געסטאַרעט די פּאָליציאַנטן. זיי האָבן געפונען און צוגענומען מיין מעל, וואָס איז מיט אַזאַ ריזיקע אויסגעהיט געוואָרן...

די מאַמע מאַכט פון דעם גישט קיין שטאַרקן ווען; גוט, וואָס איך בין אַליין געקומען גאַנץ... זי האָט שוין נישט געוווסט וואָס איבערצו־טראַכטן וועגן מיר.

ערשט איצט האָב איך זיך דערוווסט, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. פאַרנאַכט, אין דער צייט, ווען דער עולם האָט זיך צוריקגעקערט פון דער אַרבעט, איז צום טויער האַסטיק צוגעפאָרן מורער. אַריינגעלאָפן אין שפּייכלער, ווו מען לייגט צונויף די צוגענומענע ביים טויער פּראָדוקטן, און אַ קוק געגעבן, וויפל און וואָס עס איז קאָנפיסקירט, איז ער ארויס־געלאָפן צוריק און אָנגעבראָכן די ביינער עטלעכע געטאָ־פּאָליציאַנטן, פאַרוואָס זיי קאָנטראָלירן שלעכט.

אין געטאָ האָט זיך אויפגעהויבן אַ שרעקלעכע פּאַניק. מענטשן זע־נען דערשראָקן, פאַרלוירן. איינע נאָך דער אַנדערער פירט מען אָפּ אין געטאָ־תפיסה גרופּעס „פאַרזינדיקטע“. פרויען דערזעען צווישן די פאַר־האַלטענע זייערע מענער און ברידער. שרייען זיי, קלאָגן, שילטן. אַלע זענען געווען אין טויט־שרעק פון מורערס דראָונג, אַז ער וועט נישט דערלאָזן, מען זאָל נישט אויספילן זיינע באַפעלן. ער האָט דאָך פאַרבאָטן אַריינ־

ברענגען אין געטאָ פּראָדוקטן פון אויסן און אָט די „Verdamte juden"[1] זענען עובר אויף זיין פאַרבאָט. כדי ווי געהעריק אָנצולערנען זיי, וועלן דערשאָסן ווערן הונדערט ספּעקוליאַנטן!

* * *

אַ טייל פון די פאַרהאַלטענע האָט מען פונדעסטוועגן ביינאַכט אַרויס־געלאָזט. דערשאָסן האָט מען צען פרויען, וועלכע האָבן געאַרבעט אין נייע־ווילייקע און זענען אַריינגעפאַלן אין די הענט צו מורערן אַליין. זיי האָט מען אָוועקגעפירט. דער עלטערער פון דער וואַך האָט זיך אַפילו אונטער־געשריבן, אַז ער האָט זיי איבערגענומען ביים לייטער פון געטאָ־תפיסה און איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן צושטעלן זיי אין פּאָנאַר...

* * *

עס איז שוין אָנגעקומען דער נאָוועמבער־חודש. עס איז קאַלט, כמעט ווינטער. צי וועלן מיר אויסהאַלטן, אַפילו אָן אַקציעס?

איין טרייסט — דעם ווינטער וועט היטלער שוין געוויס איינעמען א מיתה־משונה. די היטלעריסטן כאַפּן גוטע קלעפּ. ווי לאַנג דויערן עס די קאַמפן ביי דער וואָלגע, און די וואָלגע־שטאָט קאָנען זיי נישט איינגעמען. ווי העלדיש די רויטאַרמייער באַשיצן יעדעס שטיקל גאַס, יעדע שטוב.

די פאַשיסטן האַלטן שמאָל נישט נאָר אויפן פראָנט. איינער א מענטש האָט מיר דערציילט שטרענג בסוד, אַז די געטאָ־פּאַרטיזאַנער, די מיטגלי־דער פון פ.פּ.אָ., באַוואָפענען זיך. דאָס געווער טראָגט מען אַריין, פאַר־שטייט זיך, נישט דורכן טויער, נאָר דורך די קאַנאַליזאַציע־רערן, אונטערן צודעק פון האָלץ און אַפילו אין טרונעס.

דערזעלבער מענטש האָט מיר געזאָגט, אַז אַזעלכע געטאָ־פּאַרטיזאַ־נער איז פאַראַן נאָך זייער ווייניק, אָבער אין דעם איז שולדיק גענס. ער רעדט איין די מענטשן, אַז בלויז דורך געהאָרכזאַמקייט און גוטער ארבעט קאָן מען זיך ראַטעווען פון פּאָנאַר. נאָר אויב די מאַכט וועט זיך דערוויסן, אַז אין געטאָ איז פאַראַן כאָטש איין פּאַרטיזאנער, — וועט מען תיכף אויפרייסן דאָס גאַנצע געטאָ.

---

[1] פאַרפלוכטע יידן.

* *
*

אייערנעכטן האָט מען געבראַכט אין געטאָ א שווער פאַרוואונדעטן אין בויך דעם דינסטלייטער פון דער געטאָ־פּאָליציי שליאָסבערגן, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן האַקן וואַלד. גלייך איז אין שפּיטאָל געקומען גענס. בעת זייער שמועס איז אין פּאַלאַטע קיינער נישט געווען. נאָר מענטשן רעדן, אז געשאָסן אין אים האָבן די יידן, איבער וועלכע ער איז געווען דינסטלייטער. שליאָסבערג האָט זיי געהאַלטן אין איין דראָען, אז ער וועט דערציילן גענסן וועגן זייער פאַרבינדונג מיט די פּאַרטיזאַנער פון די אַרומיקע וועלדער, אַז זיי קלייבן זיך אַליין אוועקגיין אין וואַלד. האָט מען גע־פונען פאַר נייטיק צו „באַרואיקן“ אים.

* *
*

גענס איז שוין אָפיציעל דער „פירער“ פון געטאָ. ביז איצט האָט עס זיך פאָרמעל גערעכנט, אַז עס זענען דאָ פאַראַן צוויי מאַכט־אָרגאַנען: דער יודענראַט מיט זיין פּאָרזיצער א. פריד און די פּאָליציי מיט איר שעף י. גענס (כאָטש פאַקטיש האָט אויך פריער געהערשט גענס אַליין). איצט איז אָפיציעל געמאָלדן, אַז גענס איז באַשטימט אַלס מושל פון געטאָ און מעג פירן דאָס געטאָ, ווי ער פאַרשטייט. קורץ, ער איז דער „פירער“ פון געטאָ.

אַלס פּאָליציי־שעף איז באַשטימט געוואָרן דעסלער (ביז איצט געווען קאָמענדאַנט פון צווייטן פּאָליציי־צירקל). א. פריד וועט זיין גענס שטעלפאַרטרעטער פאַר אַדמיניסטראַטיווע ענינים.

* *
*

גיטע האָט מיר דערציילט אסך אינטערעסאַנטעס וועגן איינער א קאָמיוגיסטקע סאָניע מאדייסקער. מיט א פאַלשן פּאַס, אַלס א פּוילישמיידל, האָט זי געדאַרפט אַריבערגיין די פראָנט־ליניע און קומען קיין וועליקע לוקי. מען האָט זי געכאַפּט. אויפן פאַרהער האָט זי געשוויגן. מען

האָט זי פֿאַרמשפּט צום טויט. אין דעם לעצטן אָוונט איז איר געלונגען אַרויסצורייסן זיך פֿון די פֿאַשיסטישע נעגל.

סאָניע מאַדייסקער האָט זיך צוריקגעקערט קיין ווילנע און לעבט דאָ אומלעגאַל. זי האָט נישט מורא פֿאַר קיין שום געפֿאַר, זי העלפֿט איינשאַפֿן געווער, זי קומט אין געטאָ, האַלט אונטער פֿאַרבינדונגען מיט די אומלעגאַלע שטאָטישע קאָמוניסטן.

*          *
*

ס'איז ווידער נישט פֿריילעך: מורער האָט גענומען קאָנטראָלירן די געטאָ־דירות.

יענע וואָך איז ער פּלוצלינג אַריין אין געטאָ און פֿאַרגאַנגען אין ערשטן הויף. מיטן פֿוס געעפֿנט די נאָענטסטע טיר, האָט ער זיך אַריינגעריסן אין אַ דירה און איז צוגעפֿאַלן צו אַ פּראָדוקטן־פּאָליצע. געפֿונען אויף איר נאָר אַ ברעקל ברויט, האָט ער געהייסן ווייזן, וואָס קאָכט זיך אין טעפּל. זיך איבערצייגט, אַז דאָרטן איז נאָר וואַסער מיט געציילטע גרויפּן, איז ער צוגעלאָפֿן צו דער שאַפֿע, — צי זענען פֿאַראַן קליידער אָן געלע לאַטעס. אַ בייזער דערפֿאַר, וואָס ער האָט גאָרנישט נישט געפֿונען, איז ער אַריין אין אַ צווייטער דירה. נאָר אויך דאָרט האָט ער קיין פֿאַרבאָטענע שפּייז נישט געטראָפֿן.

מיט שטלעכע טעג צוריק האָט ער זיך ווידער געלאָזט אויף אַן „אינספּעקציע". אין איין דירה האָט ער צופֿעליק באַמערקט אויפֿן פֿענצטער אַ שטיקל פֿאַרטריקנטע ליפּן־פֿאַרב. האָט ער צעממיתט אַ פֿרוי, וואָס האָט זיך אים גראָד אונטערגערוקט אונטער דער האַנט.

גלייך האָט מען אויף די גאַסן אויסגעהאַנגען געגנס באַפֿעל (דוכט זיך, שוין דער צווייטער אַזאַ), אַז פֿרויען איז פֿאַרבאָטן צו טראָגן צירונג (צי דען זענען אין געטאָ נאָך פֿאַראַן פֿרויען, וואָס פֿאַרמאָגן דאָס) און באַנוצן קאָסמעטיק.

איצט קאָנטראָלירן אויך די געטאָ־פּאָליציאַנטן אין אונדזערע דירות די פּאָליצעס, טעפּלעך און שאַפֿעס.

אויב ביז איצט האָט מען געדאַרפֿט „מעלינעס" נאָר פֿאַר מענטשן, דאַרף מען זיי איצט אויך פֿאַר שפּייז.

מיינע נאָטיצן און לידער האָב איך אויך באַהאַלטן. מאָמער געפינט מען זיי, איז אַן אומגליק — מען וועט אונדז אַלעמען צונעמען. די מאַמע זאָגט, אַז נישט אַלץ דאַרף מען פאַרשרייבן. דאָס וויכטיקסטע אויסחזרן אויף אויסווייניק און פאַרגעדענקען, ווייל עס קאָן זייער זיין, אַז מען וועט דאָס פאַרשריבענע מוזן פאַרניכטן. אויב מורער וועט אויך ווייטער זוכן אין די דירות, קלייבט זי זיך נישט ריזיקירן מיט אונדזערע קעפּ צוליב מיינע נאָטיצן. כ'קען שוין במילא כמעט אַלץ אויף אויסווייניק. ביז איך געפין, אויף מיין שיינער אַרבעט, א שטיקל פּאַפּיר, קומט מיר אויס צו „פאַרשרייבן" אין קאָפּ און אויסחזרן, כדי נישט צו פאַרגעסן.

* *
*

מען האָט אַביסל פאַרגרעסערט דעם געטאָ־שטח. אָפּגעגעבן אונדז נאָך עטלעכע הייזער אויף יאַטקעווער גאַס און פאַראייניקט זי מיט כטראַשון־גאַס. עס איז אונדז צוגעקומען דאָס אַשמענער געסל. מען האָט אונדז אויך „געשאָנקען" עטלעכע האַלבע הייזער, וועלכע גרענעצן פון הינטן מיטן געטאָ. זייערע פאַסאַדן גייען אַרויס מחוץ דעם געטאָ. דער ריבער האָט דאָס געטאָ געקראָגן נאָר צו האַלבע הויפן אויף דער דייטשער גאַס — פון נומער 21 ביזן נומער 31. אין אָט די שטיקלעך הייזער האָט מען אַריבערגעפירט יענע אַלע, וואָס זייערע דירות האָבן גע־גרענעצט מיט די געטאָ־וואַרשטאַטן. אַריינגיין אין אָט די הויפן קאָן מען נאָר דורך די לעכער אין די ווענט.

מיר ווינען איצט אויף דייטשער גאַס, נומ. 31. אונדזער האַלבער הויף איז אָפּגעטיילט פון דער צווייטער העלפט, וואָס געפינט זיך מחוץ דעם געטאָ, מיט א געמויערטער וואַנט. אין דער וואַנט איז נישטאָ אַפילו קיין שפּעלטעלע דורך וועלכן מיר זאָלן עפּעס זען, וואָס עס טוט זיך אויף דער פאַרבאָטענער העלפט הויף. אַפילו דעם באַלקאָן צעטיילט א דיקע וואַנט. אין אונדזער רשות איז נאָר אַ קוואַדראַט פון ברוק און א שטיקל הימל צווישן די הויכע ווענט. מיר זענען ווי פאַרשפּאַרט אין אַ גרויסן, טרוקענעם ברונעם. די אָקופּאַנטן האָבן זייער שטרענג קאָנטראָ־לירט, אַז די קעלערס און בוידעמס זאָלן אויך ווערן פאַרמויערט.

אין הויף, וווּ מיר האָבן פריער געוווינט, האָט מען אַריבערגעפירט די שלאָסעריי. אויף רודניצקי־גאַס 6, האָט מען פאַרברייטערט די סטאָ־

ליער־וואַרשטאַטן, געעפנט אַ שניידער־וואַרשטאַט און אַ שטריקער־וואַר־
שטאַט. לאַסט־אויטאָס פירן אַריין אין געטאָ בערג צעריסענע און פאַר־
בלוטיקטע שינעלן, הענטשקעס, שקאַרפעטן, וועש און פירן אַרויס ריינע,
פאַרלאַטעטע.

עס זענען פאַרברייטערט אויך די שוסטער־וואַרשטאַטן, איבערהויפּט די אָפּטיילונג פון „מאַנילאַ"־טופליעס. דאָ מאַכט מען פון מאַניל־גראָז דאַמען־שיכלעך. זיי זענען פילפאַרביקע און שיינע. ווען גענס פירט אי־בערן געטאָ פאַרשידענע געסטאַפּאָ־קאָמיסיעס, ווייזט ער זיי שטענדיק די אָפּטיילונג פון „מאַנילאַ"־טופליעס, וווּ עס שטייען שטענדיק עטלעכע צענדליק פאָר שענסטע טופליעס פאַר מתנות. ווען ער קומט מיט די דייטשן אין וואַרשטאַט, פרעגט ער מיט אַ חניפהדיקער שטים, וועלכע טופליעס געפעלן די הערן צומבעסטן און וווהין באַפעלן זיי ברענגען די טופליעס אַלס אַ קליינעם סווועניר פון געטאָ.

פאַראַן דאָ אויך כעמישע לאַבאָראַטאָריעס, וווּ מען אַרבעט אויס שמירעכצן אויף פוצן שיך, ציינער, אַפילו זייף פון פערדישע ביינער. די פּראָדוקציע נעמט צו די שטאָט־פאַרוואַלטונג.

מען האָט דאָ, אין געטאָ, געעפנט אויך אַ זייגערמאַכעריי — נישט פאַר אונדז, פאַרשטייט זיך, נאָר פאַר די היטלעריסטן. מיר האָבן שוין כמעט פאַרגעסן, ווי אַ זייגער זעט אויס. אָבער רעמאָנטירן אַלטע זייגערס איז נישט אינטערעסאַנט. לויטן פּראָיעקט פון איינעם אַן אינזשעניער האָט אַ גרופּע ספּעציאַליסטן געמאַכט אַן עלעקטרישן זייגער פאַרן געטאָ — מען האָט אים אויפגעהאַנגען אין מיטן גאַס.

* *
*

איך אַרבעט שוין מער נישט ביי פאָלעווישן אויף די גערטנער. ער האָט אונדז אָפּגעזאָגט. אויף ווינטער דאַרף ער אונדז נישט.

איך אַרבעט אַלס אויפראַמערין אין די קאַזאַרמעס אויף ברייטער גאַס. כ'מוז ראַמען אַ גאַנצן שטאָק — די סאָלדאַטישע און די אָפיצירישע שלאָף־צימערן, די קאַנצעלאַריע, דאָס עסצימער, די קאָרידאָרן און טרעפּ. אַן אַנדערש מאָל שיקט מען מיך אויך אין קיך שיילן קאַרטאָפל.

די אַרבעט איז זייער אַ שווערע, אָבער זי „לוינט". אַמאָל בלייבט פון די סאָלדאַטן צו ביסלעך זופּ, גיס איך דאָס צונויף אין אַ קעסעלע, פאַר־

באַנדאַזשיר די האַנט, בינד זי צו מיט אַ טיכעלע צום האַלדז, און אונ־טערן אָרעם באַהאַלט איך דאָס קעסעלע זופּ. אויב ביים געטאָ־טויער הויבט אָן אַ פּאָליציאַנט זוכן, הויב איך זיך אָן קרימען, אַז די האַנט טוט זייער וויי. יעדן מאָל סטאַרע איך זיך צו־ריינצופאַלן צו אַן אַנדער פּאָליציאַנט, מען זאָל מיך נישט פאַרגעדענקען.

שוין דריי מאָל האָט מיר אָפּגעגליקט אויף אַזאַ אופן דורכצוטראָגן אַ קעסעלע זופּ דורכן געטאָ־טויער.

*           *
*

היינט האָב איך זיך דערוווסט זייער אַ טרויעריקע ידיעה. איך האָב נאָך וועגן דעם אַפילו דער מאַמען נישט דערציילט.

ווען מיר האָבן אין די קאַזאַרמעס געשיילט קאַרטאָפל, האָט דעם קע־כער זיך פאַרוואָלט אַ צאַפּ טאָן אונדזער בלוט. דאָס איז אַ פאַרעטער, וועלכער האָט דעזערטירט פון דער רויטער ארמיי און דינט ביי די דייטשן. איינער פון אונדז האָט ער אכזריותדיק געשלאָגן דערפאַר, וואָס זי האָט זיך געווענדעט צו אים נישט אקוראַט אַזוי, ווי ער האָט באַפוילן, — „געערטער הער קאָך“. אַ צווייטער האָט ער געצווונגען, זי זאָל אַרויפשטעלן אויף דער פּליטע אַ גרויסן קעסל קאַרטאָפל, וועלכן עס הויבן געוויינלעך אויף צוויי סאָלדאַטן. זי האָט, פארשטייט זיך, נישט געקאָנט אויפהויבן אַזאַ משא, האָט ער זי אויך געשלאָגן אָן רחמנות. דערנאָך איז אים איינ־געפאַלן צו נעמען אונדז אויפן „פאַרהער“: ווו ווער איז געבוירן, ווו ווער האָט געלעבט, וואָס געטאָן ביז דער מלחמה. דערהערט, אַז ביז 1940 האָבן מיר געוווינט אין פּלונגע, איז ער פריילעך געוואָרן. ווייזט זיך אַרויס, ער האָט פאַר דער מלחמה געדינט אין דער אַרמיי צוזאַמען מיט איינעם פון פּלונגע — בנימין שער. איצט איז ער שוין אויף יענער־וועלט. אין דעם שבת, וואָס ערב דער מלחמה, האָט מען בנימינען געשיקט פון פּאָליגאָן קיין ווילנע, ער זאָל ברענגען עלעקטרישן דראָט (ער איז געווען אַן עלעק־טראָמאָנטער). מען האָט אים פאַרהאַלטן אין שטאָט, און דינסטיק האָבן פאַרעטער אים דערהרגעט אַלס קאָמיוניסט און באַגראָבן אין קאַזאַרמע אויפן הויף.

בנימין איז געווען דעם טאַטנס אַ שוועסטערקינד...

*            *
*

אין אָוונט האָבן מיר איבערגעלעבט גרויסע שרעק: די מאַמע האָט לאַנג נישט צוריקגעקערט זיך פון דער אַרבעט. מיר האָבן שוין געקליבן זיך לויפן צו עמעצן פון איר בריגאַדע דערוויסן זיך, וואָס האָט פּאַסירט, נאָר זי איז אַליין געקומען. נאָך דער אַרבעט איז זי אָן די לאַטעס אַוועק אויף דער אַלטער דירה, אפשר וועט זי קאָנען פון דאָרטן עפּעס ברענגען. זי האָט אונדז נישט געזאָגט, כדי מיר זאָלן זיך נישט באַומרואיקן. נאָר די ריזיקע איז געווען אומזיסט — זי האָט אויף דער אַלטער דירה שוין קיין זאַך נישט געפונען.

*            *
*

כ'האָב געמיינט, אז קיין צווייטן ווינטער וועלן מיר נישט אויסהאַלטן, נאָר פונדעסטוועגן לעבן מיר. מיר זענען נאָך מער אויסגעשעפּט, הונגעריק, אָפּגעריסן, דערפאַר אָבער שוין נישט אַזעלכע צעשראָקענע און נישט דערשלאָגענע. דאָס הייסט נישט, אז מיר האָבן שוין קיין מורא נישט פאַר גייע אַקציעס. ניין, די געפאַר איז נאָך גרויס, נאָר מיר רעדן שוין איצט נישט נאָר וועגן דעם. די הויפּט-טעמע פון אונדזערע רייד זענען די דורכפאַלן פון די היטלעריסטן אויפן פראָנט, וועגן די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער און וועגן פּ.פּ.אָ. אין געטאָ גופא.

ווען איך הער אַזעלכע רייד, דוכט מיר אויס, אַז די פרייהייט איז שוין נעענטער, רעאַלער. כ'הייב אָן צו פאַנטאַזירן, ווי וועט אַלץ פאָרקומען אויף דער וואָר, וויאַזוי מיר וועלן ווערן באַפרייט, אומקערן זיך אהיים, טרעפן זיך מיטן פּאַפּאַ.

אַך, ווי דערלעבט מען דאָס שוין!...

*            *
*

מען האָט דערשאָסן די זינגערין ליובע לעוויצקאַיאַ. אַזוי האָט באַפוילן מורער. זי איז אומגעקומען צוליב אָנדערהאַלבן קילאָ ארבעס, וועלכע זי האָט געוואָלט אַריינטראָגן אין געטאָ.

פאַרבײפאָרנדיק, האָט מורער דערזען, ווי ליובע לעוויצקאַיאַ און סטופעל גייען אין געטאָ. ער האָט זיי אָפּגעשטעלט און געהייסן באַווייזן, וואָס זיי טראָגן. ביי לעוויצקען האָט ער געפונען אַרבעס, ביי סטופעלן — קאַרטאָפל. ער האָט באַפוילן, מען זאָל זיי אָפּפירן אין לוקישקער תּפיסה.

דעם אַרעסט פון לעוויצקאַיאַ האָבן איבערגעלעבט אַלע.

מען דערציילט, אַז זי האָט אין תּפיסה געזונגען. אַפילו די בייזע און פאַרכמורעטע אויפזעער האָבן איר דאָס נישט פאַרבאָטן. זי האָט אַלץ גע־האָפט, אַז מען וועט זי ראַטעווען. אָבער די טעג זענען געגאַנגען, די כּוחות זענען אויסגעשעפּט געוואָרן און געענדיקט האָט זיך אויך די האָפענונג.

אין תּפיסה האָט זי זיך געמאַטערט נישט לאַנג — אַפילו קיין צוויי וואָכן נישט. ווי נאָר עס האָט זיך צונויפגעקליבן אַ קליינע גרופּע אַזעלכע „פאַרברעכער“, האָבן די פאַשיסטן זיי אַוועקגעפירט קיין פּאָנאַר.

געפירט האָט מען זיי אויף אַן אָפענעם לאַסט־אויטאָ. ליובע האָט דעם גאַנצן וועג געזונגען. פאָרנדיק דורך די גאַסן, האָט די וואַך זי געשלאָגן, זי זאָל אויפהערן זינגען. אָבער ס׳איז נישט געווען אַזאַ קראַפט, וואָס זאָל קאָנען איינשטילן איר פלוצלינג קרעפטיק געוואָרענע שטים. זי האָט גע־זונגען! איין ליד געענדיקט, האָט זי אָנגעהויבן אַ צווייט ליד — און אַזוי דעם גאַנצן וועג. אַפילו ביי דער אָפענער גרוב האָט זי געזונגען איר באַ־ליבט ליד „צוויי טייבעלעך ווייסע“. נאָר ענדיקן דאָס ליד האָט זי נישט באַוויזן...

*    *
*

די היטלעריסטן האָבן דערקלערט טרויער! דריי טעג מוזן זיין פאַר־מאַכט אַלע טעאַטערן, קינאָס, רעסטאָראַנען א. א. וו.

הוראַ!!! זיי טרויערן נאָך זייערע דיוויזיעס, וועלכע מען האָט צע־קלאַפּט ביי דער וואָלגע. אוי, ווי עס ווילט זיך גיין טאַנצן! דאָס האַרץ פרייט זיך — דערלעבט דעם טרויער פון די אָקופּאַנטן!

און די לענינגראַדער בלאָקאַדע האָט מען שוין, ווייזט זיך אַרויס, אויך דורכגעריסן! איצט וועט מען אָנהויבן זיי יאָגן, געבן קלעפּ. דערצו איז ערשט אָנהויב פעברואַר. זיי וועלן זיך נאָך אָנפּרירן אויך!

*   *
*

פון די קאַזאַרמעס האָט מען מיר אָפּגעזאָגט. איצט אַרבעט איך אויף דער מעבל־פאַבריק „ווילגיום“ אַלס פוצעריו. פון באַגינען ביז ביינאַכט פאָליר איך נאַרטעס. פאָלימור גיט מען ווייניק, אָבער די נאַרטעס מוזן גלאַנצן. „רייב“ איך זיי אַ גאַנצן טאָג.

יעגע וואָך האָט מען אויף אַלע פענצטער, טישן און וואַרשטאַטן פּו־נאַנדערגעלייגט אויפרופן. די אָקופּאַנטן אַגיטירן די יוגנט, זי זאָל פאָרן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. אין די אויפרופן זענען אָפּגעדרוקט פאָטאָ־גראַפּיעס פון שיינע צימערן מיט ווייס־געדעקטע בעטן און זייִדענע גאַר־דינען אויף די פענצטער. אונטער די פאָטאָגראַפּיעס שטייט געשריבן, אַז אַזוי לעבן אַלע, וואָס קומען פונדאַנען קיין דייטשלאַנד. אָבער קיינער פון די אַרבעטער איילט זיך נישט צו רעגיסטרירן. דער מייסטער דער־ציילט, אַז אויף מאָרגן נאָך די אויפרופן האָבן זיך באַוויזן אַנדערע, אומ־לעגאַלע. אין זיי איז געשריבן, אַז אַלע צוזאָגענישן פון די פאַשיסטן — איז אַ דורכאויסיקער ליגן.די יוגנט פון ליטע זאָל נישט גלויבן און נישט פאָרן קיין דייטשלאַנד, נאָר בלייבן אין ליטע און קעמפן פאַר פרייהייט.

*   *
*

די היטלעריסטן יאָגט מען! שוין באַפרייט וואָראָניעזש, כאַרקאָוו, ראָסטאָוו און אסך אַנדערע שטעט.

*   *
*

מערץ. דער ערשטער פרילינג־חודש. נאָר דאָ איז נאָך קאַלט און שמוציק. אויפן הארצן איז שווער, כאָטש עס פרייען די פאַרלוסטן פון די פאַשיסטן. אָבער אַז איך גיב אַ טראַכט, אַז מיר זענען נאָך אַזוי ווייט פון פראָנט, און יעדער טאָג קאָן ברענגען אַן אומגליק, — ווערן אויסגעלאָשן די האָפענונגען. אפּנים, אַז מען דאַרף זיין זייער אַ שטאַרקער מענטש, אַז מען זאָל שטענדיק גלויבן. נישט בלויז דאַן, ווען עס גייען גוטע נייעסן פון

פראָנט, נאָך שמענדיק, אַפילו איצט, ווען מען האָט אונדז ווידער דערני־דעריקט, צוגעגליכן צו הינט, אויפגעהאָנגען אויפן האַלדז א נומערל.

אין געסטאַפּאָ האָט מען, אפּנים, באַשלאָסן, אַז מיר זענען צו ווייניק געצייכנט, אַז לאַטעס און שיינען זענען פאַר אַזעלכע „געפערלעכע עלע־מענטן“ נאָך נישט גענוג. האָט מען געהייסן דורכפירן א קאָנטראָל־רעגיס־טראַציע (לויט די פריערדיקע ידיעות) און אַרויסגעבן „פּעסער“ מיט בלעבענע נומערן.

דער „פּאַס“ איז אַ שטיקל געל, הארט פּאַפּיר, צונויפגעלייגט אין צווייען. דאָרטן איז פאַרשריבן די פאַמיליע, נאָמען, פאָטערס נאָמען, יאָר און אָרט פון געבוירן, פאַמיליען־לאַגע, די פאַרב פון די אויגן און האָר, דער אָוואַל פון פּנים, דער וווקס. דאָ גופא אן אָפּדרוק פון די פינגער, ווי ביי פאַרברעכערס.

דאָס נומערל איז קיילעכדיק, אויסגעשניטן פון בלעך. די ברעגעס זענען שלעכט ארומגעשניטן. אינמיטן אַ מגן־דוד, אין די דריי ווינקלען זיינע שטייען דריי אותיות — „וו“, „ג“ (ווילנער געטאָ) און „וו“ אָדער „מ“ (ווייב אָדער מאַן). אויבן — צוויי לעכעלעך אויף דורכציען א שטריקל.

מענער און פרויען האָט מען רעגיסטרירט באַזונדער. די נומערן פון די „פּעסער“ הייבן זיך אָן סיי ביי די מענער, סיי ביי די פרויען פון דער ציפער 1. פרויען איז אין געטאָ מיט אַ פּאָר טויזנט מער איידער מענער.

דעם אַזויגערופענעם פּאַס מוז מען שטענדיק האַלטן ביי זיך. און דאָס נומערל טאָר מען בכלל נישט אראָפּנעמען פון האַלדז — נישט ביי־טאָג און נישט ביינאַכט. די פּאָליציאַנטן פון דער טויער־וואַך מוזן שטרענג קאָנטראָלירן, צי האָבן אַלע די בלעכלעך ביים אַרויסגיין צו דער ארבעט און קומען אין געטאָ.

מיר האָט דאָס פארשאָלטענע בלעכל גלייך דעם ערשטן טאָג צערייצט די הויט. אויסער דעם האָט דאָס בלעכל גענומען שוואַרץ ווערן. די מאַמע האָט מיר אויסגעלערנט מאַכן פון אַ שטיקל שטאָף אַ קליינעם פוטליאַר. ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר זענען נישט די איינציקע חכמים. איינער אַן אָפּיציר האָט דאָס באַמערקט, האָט ער זיך צעשריען: „פערפלוכטע יודען“, די גאַנצע פעל איז שוין באַלד נישט ווייערע, היטן זיי גאָר די הויט!

נאָר וואָס זאָל מען טאָן, אויב דאָס בלעכל רייצט די הויט און עס טוט וויי? האָט מען זיך אן אַנדער עצה געגעבן — געמאַכט א נייעם פּאַ־סאָן פוטליאַר, וואָס איז פון אויבן נישט פארנייט. אויב עמעצער פאָדערט

באַווייזן דאָס נומערל, דאַרף מען אַ צי טאָן פאַרן שטריקל, נעמט עס זיך אַרויס, און דער פּוטליאַר בלייבט אין בוזים.

*  *
*

איך בין געווען אויף אַן אינטערעסאַנטן אָוונט פון ריטמישער פּלאַס־טיק. קליינע מיידעלעך האָבן אויסגעפירט איבונגען פון ריטמישער פּלאַס־טיק, עלטערע מיידעלעך האָבן געטאַנצט. מיר איז זייער געפעלן געוואָרן זייער טאַנץ „די ברוגזע כלה“. אָבער דעם שטאַרקסטן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דער טאַנץ „די געלע לאַטע“, געשאַפן און געשטעלט דורך דער באַלעטמייסטערין נינאַ גערשטיין. איך קאָן אים נישט פאַרגעסן — ער שטייט מיר פאַר די אויגן.

...אויף דער סצענע לויפט אַרויס אַ קליין מיידעלע. זי טאַנצט פריילעך, זאָרגלאָז, שוועבט, ווי אַ שיינער שמעטערלינג. מיטאַמאָל ווערט פינצטער. פון אויבן קריכט אַראָפּ אַ ריזיקע געלע לאַטע. די מוזיק אַ טרויעריקע. דאָס מיידעלע דערשרעקט זיך. אויפן פאָן פון שוואַרצן פאַרהאַנג זעט די לאַטע אויס ווי אַ גרויסער לויערנדיקער שפּין. דאָס מיידעלע וויל אַנט־לויפן, זיך אַרויסרייסן. עס וואַרפט זיך, בעט, סטראַשעט, אָבער אַלץ אומ־זיסט — דאָס מיידעלע פאַלט, ווי אַן אונטערגעשאָסענע... פינקטלעכער וואָלט געווען, ווען מען זאָל ווייזן דעם האַקנקרייץ, אָבער אַלע פאַרשטייען דעם שכל: גראָד טאַקע דער האַקנקרייץ האָט אונדז געצוווּנגען צו טראָגן די געלע לאַטע.

*  *
*

אין די ארומיקע שטעטלעך (אשמיאַן, מיכאַלישקי און אנד.) זענען געווען אַקציעס. מען האָט דערשאָסן אַרום דריי טויזנט מענטשן.

גאָך דריי טויזנט... שוין הונדערטער טויזנטער דערמאָרדעטע!

*  *
*

אין אַט די שטעטלעך ליקווידירט מען איינגאַנצן די געטאָס. די היט־לעריסטן האַלטן, אַז איצט, ווען אין די אַרומיקע וועלדער איז פול מיט

פּאַרטיזאַנער, װעלן די ייִדן, װאָס װױנען נישט װײַט פֿון די װעלדער, אין די קלײנע שטעטלעך, געװיס זוכן אַ פֿאַרבינדונג מיט די פּאַרטיזאַנער. דע־ריבער האָבן זײ באַשלאָסן צונױפֿנעמען די ייִדן אין װילנער און קאָװ־נער געטאָס.

װײַזט אױס, אַז דאָס מאָל זאָגן זײ אַן אמת — מען האָט שױן אַפֿילו געשיקט געטאָ־פּאָליציאַנטן, װעלכע װעלן דאַרפֿן דורכפֿירן די רעגיס־טראַציע.

* *
*

נעכטן האָט מען געװעקגעשיקט אין װילנער און קאָװנער געטאָס נאָך פּאָליציאַנטן. זײער אױפֿגאַבע איז — אַריבערפֿירן אַהין די מענטשן.

הײַנט האָט זיך באַװיזן די ערשטע פּאַרטיע. מען האָט זײ געבראַכט אױף װעגענער, װעלכע זענען געפֿאָרן אין אַ לאַנגער רײ. אױף יעדן צװײטן װאָגן — אַ באַװאָפֿנטער היטלעריסט.

בײַם אַרײַנפֿאָרן אין געטאָ צײלט מען. אױסער דעם, לאָזט מען נישט אַרײַן אַלע אָנגעקומענע מיטאַמאָל, נאָר גרופּעסװײַז. די איבעריקע האַלט מען נישט װײַט פֿון געטאָ, אױפֿן קאַרמעליטער פּלאַץ.

* *
*

מען האָט אָפּגענאַרט!...

פֿון אַלע ייִדן, װעלכע מען האָט אַװעקגעפֿירט קײן קאָװנע, האָבן זיך געראַטעװעט בלױז עטלעכע. זײ האָבן זיך אומלעגאַל אַרײַנגעכאַפּט אין געטאָ און דערצײלט דעם גרױליקן אמת. געפֿירט האָט מען זײ מיט דער באַן. אין די װאַגאָנען זענען די מענטשן געזעסן רואיק. מען האָט נאָך גערעדט װעגן דעם, װי װעט זיך לעבן אין קאָװנע? װען די צוקונפֿט איז אומבאַװוּסט, זעט זי אױס ענלעך אױף דער פֿאַרגאַנגענהײט, און די פֿאַר־גאַנגענהײט אין די זכרונות זעט אַלעמאָל אױס בעסער, װי עס איז געװען אינדעראמתן.

פּלוצלונג האָט דער צוג פֿאַרלאַנגזאַמט זײַן גאַנג. אַ װאַלד! היטלע־ריסטן בײַ אָפֿענע גריבער!



די איבערגעבליבענע ביים לעבן עלטערע שוועסטער פון מאַשע ראָלניק
(די איצטיקע פאַמיליע ליסאַוסקענע)

איינע וואַרפֿן זיך ברעכן די קראַטן פֿון די פֿענצטערלעך, אַנדערע שרייען, פּויקן מיט די פֿויסטן אין די ווענט. אין עטלעכע וואַגאָנען, וווּ ביי די טירן איז געזעסן אַ וואַך פֿון סאָלדאַטן, האָבן די מענער זיי אַראָפּגעשטופּט און גענומען שפּרינגען פֿון וואַגאָן, לויפֿן: ווער צום וואַלד, ווער — פֿאָרויס מיט דער באַן־ליניע, ווער — איבערן פֿעלד. די וואַך עפֿנט אַ שיסעריי. ס'קומען צו לויפֿן אויך די תלינים, וואָס האָבן געוואַרט ביי די שוין גרייטע גריבער. אָבער די מענטשן שפּרינגען דרייסט פֿון די וואַגאָנען און לויפֿן. יונגע, אַלטע, פֿרויען, קינדער — קיינער בלייבט נישט אין די וואַגאָנען. פֿאַרוואונדעטע פֿאַלן, געזונטע וואַרפֿן זיך אויף די סאָלדאַטן און רייסן פֿון זייערע הענט די ביקסן, ווערגן זיי, אָבער זיי פֿאַלן אומגעשאָסענע. די פֿאַרוואונדעטע קאָרטשען זיך פֿון ווייטיק, שרייען און רופֿן הילף. די סאָלדאַטן שילטן, בינדן איבער איינער דעם צווייטן די צעביסענע הענט, יאָגן זיך נאָך די אומגליקלעכע, פֿאַרטשעפּען זיך אין פֿאַרוואונדעטע און טויטע, שטעכן מיט די פּיקעס אין וועמען זיי טרעפֿן. און פֿון די וואַגאָנען הערן נישט אויף צו שפּרינגען אַלץ נייע און נייע מענטשן. אַ סאָלדאַט באַפֿעלט דעם מאַשיניסט, ער זאָל אַוועקלאָזן דעם צוג, נאָר די מענטשן שפּרינגען פֿון די זיך באַוועגנדיקע וואַגאָנען, אַ סך פֿון זיי פֿאַלן אונטער די רעדער, צעברעכן זיך די פֿיס, נאָר פֿון די וואַגאָנען שפּרינגט מען אַלץ...

געענדיקט מיט אַלע אַנטלאָפֿענע, שלעפּן די סאָלדאַטן אַרויס פֿון די וואַגאָנען אַ הייפֿעלע זקנים און פֿרויען, וועלכע האָבן זיך פֿאַרוקט אין די ווינקלען, און יאָגן צו די גריבער. אין וואַלד הילכן ווידער שאָסן.

די רעלסן זענען פֿאַרוואַלגערט מיט הרוגים. די גראָבנס זענען פֿול. אַפֿילו ווייט־ווייט אויפֿן פֿעלד, וווּהין נאָר דאָס אויג דערלאַנגט, ליגן הרוגים. אַקאָרשט זענען דאָס געווען לעבנסלוסטיקע יונגע מענער, שיינע פֿרויען, קינדערלעך... די מערדער גייען אַרום צווישן די הרוגים, באַטראַכטן זיי, גיבן וועמען אַ בריק מיטן פֿוס, וועמען אַ זעץ מיט דער ביקס־קאָלבע, וועמען אַ האַסטיקן דריי־איבער, כדי זיך איבערצייגן, אַז דער קרבן איז שוין טויט. אויף וועמען עס פֿאַלט אַ חשד, אַז ער לעבט נאָך, יאָגט מען אים אַריין אין בויך די פּיקע. זיי נישטערן אין די קעשענעס, אין די אַוועקגעוואָרפֿענע פּעקלעך. ווי נאָר זיי דערזעען עפּעס ווערטפֿולס, רוקן זיי עס גלייך צו זיך אין בוזעם.

די סאָלדאַטן זענען אַוועקגעפאָרן. ס'איז געבליבן נאָר אַ וואַך, וואָס דאַרף היטן די מתים...

נאַכט... די ערד אָטעמט שווער: עס דריקן זי די קערפּערס פון אומ־שולדיקע מענטשן.

*   *
*

אינדערפרי האָט געגס באַקומען אַ באַפעל, ער זאָל אַרויסשיקן קיין פּאָנאַר 25 געטאָ־פּאָליציאַנטן, וועלכע זאָלן צונויפקלייבן די הרוגים און אַריינוואַרפן זיי אין די גריבער.

די אויפגאַבע האָט מען דער געטאָ־פּאָליציי איבערגעגעבן גאַנץ אָפן, כדי דער עולם זאָל וויסן: שטעלן אַ ווידערשטאַנד אָדער אַנטלויפן איז אוממעגלעך...

די געטאָ־פּאָליציאַנטן האָט מען אַוועקגעפירט אונטער אַ פאַרשטאַרק־טער וואַך. זיי זענען שטאַרק דערשראָקן און דערשלאָגן: טראָגן מתים איז נישט בלויז אַ נישט אָנגענעמע מלאכה, נאָר זייער אַ געפערלעכע — ווער ווייסט, צי מען וועט זיך אומקערן לעבעדיקע — די פאַשיסטן האָבן נישט ליב, ווען עס בלייבן איבער עדות פון זייערע פאַרברעכנס...

*   *
*

פאַרנאַכט זענען אין געטאָ אַריינגעפאָרן עטלעכע פורן מ ט די זאַכן פון די דערשאָסענע.

אַלע ווייסן מיר, אַז פאַרן דערשיסן צווינגט מען די מענטשן אויס־טאָן זיך נאַקעט, אַז די זאַכן פירט מען אַוועק פון פּאָנאַר. אָבער מען פלעגט זיי קיינמאָל נישט ברענגען אין געטאָ, מיר פלעגן זיי נישט זען. און אַז מען זעט נישט מיט די אייגענע אויגן, לעבט מען אַזוי נישט איבער.

דער וואָגן מיט די זאַכן פאָרט איבערן שמאָלן ברוק. די בגדים שאָקלען זיך, ווי לעבעדיקע... אָט הענגט אַראָפּ אַן אַרבל. נעכטן אינ־דערפרי האָט אַ מענטש ביים אָנטאָן זיך אַריינגעשטעקט אין דעם אַרבל זיין האַנט, און איצט איז די האַנט אַ פאַרגליווערטע, אַ טויטע... אָט

ליגט אַ קינדעריש מאַנטעלע... וויפֿל יאָר איז געווען דעם קינד, וואָס האָט עס געטראָגן? אַ היטל. עס דוכט זיך, אַז עס פֿאַרדעקט אַן אַראָפּגעהאַקטן קאָפּ. דאָס היטל גליטשט זיך... אונטער דעם שטעקט אַ שוך...

עס ווילט זיך וויינען, וואָיען, בייסן, שרייען. נאָך נעכטן, ערשט נעכטן האָבן אונטער די בגדים געקלאַפּט לעבעדיקע הערצער! ערשט נעכטן זענען דאָס געווען לעבעדיקע מענטשן! און היינט? זיי זענען שוין נישטאָ. מען האָט זיי דערהרגעט! איר הערט — דערהרגעט!

די געטאָ=פּאָליציאַנטן האָבן זיך אומגעקערט שפּעט אין אָוונט. זיי זענען אויס פֿינצטער. איינעם האָט מען געבראַכט אָן באַוווסטזיין: אַז אַ צעקאַליעטשעטן מת מיט אַ צעשמעטערטן קאָפּ האָט ער דערקענט זיין מאַמען...

זיי דערציילן כמעט גאָרנישט, די פּאָליציאַנטן. זיי זאָגן נאָר, אַז הרוגים זענען דאָרט זייער אַ סך, נישט אַלע האָט מען שוין באַוויזן צונויפֿקלייבן. מאָרגן וועט מען דאַרפֿן ווידער פֿאָרן...

* *
*

אויף צונויפֿקלייבן די איבעריקע הרוגים האָט מען געשיקט 25 אַנדערע געטאָ=פּאָליציאַנטן.

דאָס געטאָ איז אין טרויער...

* *
*

מורגן רופֿט מען אָפּ פֿון ווילנע. מע ווינטשט אים, אַז אויפֿן וועג צום נייעם אָרט זאָל ער איינגעמען אַ מיתה=משונה.

ווען וועט מען באַשטימען אויף זיין אָרט — דאָס ווייסט דערוויל קיינער נישט.

* *
*

אויף מורערס אָרט וועט זיין קיטעל, וואָס איז שוין באַוווסט מיט זיין היהשער אכזריות, מיטן ליקווידירן עטלעכע געטאָס און אַרבעטסלאַגערן.

אַזוי אַרום קאָן מען זיך ריכטן אויף נאָך ערגערע אַקציעס און גזרות, איידער מורערס...

אין געטאָ האָט זיך גענומען רודערן: איינע טראַכטן, וויאַזוי אַרויס־גיין און וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער, אַנדערע זוכן פריינד אין שטאָט, ביי וועמען זיי וועלן אפשר קאָנען זיך אויסבאַהאַלטן, די דריטע גרייטן מע־לינעס אין געטאָ גופא.

* *
*

פאַר זיין אָפּפאָרן פון ווילנע איז מורער געקומען אין געטאָ. מיר האָבן זיך געריכט, אַז זיין געזעגענען וועט „באַקרוינט" ווערן מיט קרבנות. צום גליק, איז דאָס גראָד נישט געשען. מען ווייסט אפילו נישט, נאָך וואָס איז ער געקומען, צי נישט אַמאָל נאָך דער לעצטער מתנה?

* *
*

די שטימונג איז אַ שרעקלעכע: קיטעל קלייבט זיך אָנהייבן זיין הערשאַפט מיט דער קאַסטראַציע פון די מענער.

אָפּטימיסטן פרווון איינשמועסן, אַז אויף דער אייגענער פּאַראַנט־וואָרטלעכקייט וועט קיטעל דאָס נישט טאָן, ער וועט אָנפרעגן בערלין, און ביז ער וועט קריגן דעם ענטפער, קאָן זיך נאָך אַלץ ענדערן.

קיינער גלויבט נישט די טרייסטער און אַלע זענען אין אַ זייער געדריקטן צושטאַנד.

* *
*

כ'האָב שוין לאַנג גאָרנישט פאַרשריבן. צי די היצן זענען שולדיק, צי די שטימונג. אמת, עס איז אויך קיין באַזונדערע נייעס נישט געווען איצט שרייב איך באַגינען נאָך זייער אַן אומרואיקער און שלאָפלאָזיגער נאַכט. מיר ווייסן נישט, וואָס וועט אונדז ברענגען דער קומענדיקער טאָג.

אפשר שרייב איך דאָס לעצטע מאָל. קיטעל וואָרנט, אַז ער וועט ליק=
ווידירן דאָס געטאָ. כ׳וועל פּרוּוון באַשרייבן אַלץ לויטן סדר, ווי עס איז
פאָרגעקומען.

די נאַכט האָט זיך אָנגעהויבן זייער נישט רויִק. קיינער האָט
גאָרנישט נישט געוווסט, אָבער שוין דער פאַקט, אַז גענס האָט אַנולירט
אַלע דערלויבענישן צו גיין ביינאַכט און האָט באַפוילן, אַז קיינער, אוי=
סער די געטאָ=פּאָליציאַנטן, טאָר זיך היינטיקע נאַכט נישט באַווייזן אין
גאַס, האָט קיין גוטס נישט פאַרשפּראָכן.

אונדזער שכן האָט פאָרט געוואַגט אַרויסציגיין אין גאַס — מ׳מוז
דאַרף דאָך וויסן, וואָס עס טוט זיך.

מיר זענען געשטאַנען ביי די פענצטער און געוואָלט עפּעס אויפ=
כאַפּן, זיך דערוויסן, דערהערן, פאַרשטיין. ס׳האָבן זיך נאָר געהערט
פּייפערייען פון פּאָליציאַנטן, אַמאָל ווייטע, אַמאָל נאָענטע, אַ לויפעריי,
געשרייען. ס׳האָבן אָפּגעהילכט עטלעכע שאָסן. עמעצער האָט אַ געשריי
געטאָן און איז אַוועקגעלאָפן.

דער שכן האָט זיך אומגעקערט און געבראַכט זייער אַ טרויעריקע
ידיעה. מען האָט אויסגעשפּירט דעם אומלעגאַלן שטאָטישן קאָמיטעט
פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די שפּורן פירן אויך אין געטאָ. די
געסטאַפּאָ פאָדערט ביי גענסן, ער זאָל צושטעלן דעם מיטגליד פון שטאָט=
קאָם פון קאָמפּאַרטיי י. וויטענבערגן (ער איז דער אָנפירער פון פ.פ.אָ).

גענס האָט אַרויסגערופן וויטענבערגן צו זיך. נישט וויסנדיק, צוליב
וואָס מען רופט אים, איז וויטענבערג אַוועק. גענס האָט אים אַרעסטירט
און איבערגעגעבן די שטאָטישע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן שוין אויף אים
געוואַרט. ווען זיי האָבן וויטענבערגן געפירט דורכן געטאָ, זענען פּאַרטי=
זאַנער מיט געווער אין די הענט באַפאַלן די פּאָליציאַנטן, באַפרייט זייער
קאָמאַנדיר און אים באַהאַלטן. צווישן די, וועלכע האָבן באַפרייט וויטענ=
בערגן, איז געווען איינער מיט וואָנצעס[1], וועמען איך קען אין פּנים.
הייסט עס, ער איז אויך אַ מיטגליד פון פ.פ.אָ.!

גענס איז פונעם דורכפאַל געווען זייער צערודערט. צוזאַמען מיט
זיינע פּאָליציאַנטן איז ער אַרומגעלאָפן און גענישטערט אין יעדן ווינקעלע.
די געסטאַפּאָ האָט, משמעות, שטרענג געוואָרנט, אַז אויב מען וועט

[1] דאָס איז געווען י. קאַפּלינסקי, שפּעטער דער קאָמאַנדיר פון דער
פּאַרטיזאַנער=מחנה „פאַרן נצחון“.

נישט צושטעלן וויטענבערגן, וועלן זיי ליקווידירן דאָס געטאָ. הייסט עס, ס'וועט קומען אַ סוף אויך צו גענסן און זיינע פּאָליציאַנטן. דערפאַר קריכן זיי אַזוי פון דער הויט.

באַלד הייבט שוין אָן טאָגן. איך ענדיק שרייבן. אויף דער אַרבעט וועט מען אַרויסלאָזן, צי נישט?

*   *

*

כ'בין ערשט געקומען פון דער אַרבעט. טרויעריקע נייעס: וויטענבערג איז אין געסטאַפּאָ.

איצט האָב איך זיך דערוווּסט אויספירלעכער וועגן די געשעענישן פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט און הייַנטיקן טאָג.

ווען די געטאָ־פּאַרטיזאַנער האָבן זיך דערוווּסט וועגן וויטענבערגס אַרעסט, האָבן זיי פּראָקלאַמירט זייער פּאַראָל „ליזע רופט"[1], וואָס האָט באַדייט, אַז עס ווערט דערקלערט אַ תּיכּפדיקע מאָביליזאַציע פון אַלע מיטגלידער פון פּ. פּ. אָ.

אומזיסט האָט גענס געפּרוּווט געפינען וויטענבערגן. באַוואָפנטע געטאָ־פּאַרטיזאַנער האָבן אָפּגעטריבן די געטאָ־פּאָליציאַנטן יעדעס מאָל, ווען זיי פלעגן זיך דערנעענטערן צום הויז, וווּ זיי האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט.

גענס האָט באַשלאָסן בייטן די טאַקטיק. ער האָט באַפוילן צו וויסן געבן וויטענבערגן דעם אולטימאַטום פון געסטאַפּאָ: אָדער וויטענבערג אָדער דאָס גאַנצע געטאָ.

דער „פּאַרלאַמענטאַריער" האָט געבראַכט גענסן אַזאַ ענטפער: די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האַלט נישט, אַז מיט אַרויסגעבן וויטענבערגן וועט מען ראַטעווען דאָס געטאָ. אויב קיטעל האָט שוין גענומען רעדן וועגן אַ ליקווידאַציע, וועט די ליקווידאַציע סיי ווי פּאָרקומען. די פּאַרטיזאַנער וועלן אָבער שטעלן אַ ווידערשטאַנד. און וויטענבערג, זייער קאָמאַנדיר, וועט זיין צוזאַמען מיט זיי. ער וועט קעמפן קעגן די פאַשיסטן.

---

[1] אַ מיידל אַ מיטגליד פון פּ.פּ.אָ. מיטן נאָמען ליזע (איר פאַמיליע האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן פעסטצושטעלן) האָט מען פאַרהאַלטן ביים אַריינטראָגן אין געטאָ געווער. מען האָט זי דערשאָסן. איר נאָמען איז געוואָרן דער שלאַכט־פּאַראָל פון די פּאַרטיזאַנער.

אַלזאָ, וויטענבערגן וועט די געסטאַפּאָ נישט באַקומען.

די צייט איז געגאַנגען פאָרויס. גענס האָט ווידער געשיקט צו וויטענבערגן דעם פאַרבינדלער.

און פּלוצים האָט וויטענבערג געמאָלדן, אַז ער וועט גיין. ער וויל נישט, אַז צוליב אים זאָלן אומקומען צוואַנציק טויזנט מענטשן. ער האָט רואיק און באַשיידן געזעגנט זיך מיט די חברים, געבעטן, זיי זאָלן פאָרזעצן דעם קאַמף, און איז אַוועק צו גענסן, צו וועמען עס האָבן באַדאַרפט אָנקומען די געסטאַפּאָ-לייט.

פון יענער זייט געטאָ, לעבן טויער פון הויף, וווּ עס האָט געוווינט גענס, האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ פאַרמאַכטער אויטאָ פון געסטאַפּאָ [1]. גענס האָט אַרויסגעפירט וויטענבערגן, באַוואָפנטע סאָלדאַטן האָבן אים אַ כאַפּ געטאָן, אַריינגעוואָרפן אין אויטאָ און אַוועקגעפירט... וויטענבערגן וועט מען, מסתמא, פּייניקן און נאָכדעם דערשיסן.

כ'ווייס נישט, וויפל איך וועל לעבן, אָבער פאַר יעדער רגע לעבן וועל איך דאַרפן דאַנקבאַר זיין וויטענבערגן. היינט האָט ער מיך געראַטעוועט. נישט נאָר מיך — אויך די מאַמע, מירען, די קינדער, טויזנטער מאַמעס און קינדער...

* *
*

ווייזט זיך אַרויס, אַז וויטענבערג האָט געהאַט ביי זיך סם, און אין געסטאַפּאָ האָט ער זיך אָפּגעסמט.

דער שכן האַלט, אַז מען האָט, מסתמא, אויסגעשפּירט נישט דעם גאַנצן שטאָטישן אומלעגאַלן קאָמיטעט. אין אים גייען אָן ספק אַריין נאָך קאָמוניסטן פון געטאָ, און נישט בלויז וויטענבערג. אויב מען

1 גענס האָט געוווינט אויפן הויף פון דער פּאָליציי-קאָמענדאַטור. דער הויף האָט זיך געגרענעצט מיט קאָוונער גאַס, וואָס האָט זיך געפונען אויסערן געטאָ. דער טויער אויף דער גאַס איז, פאַרשטענדלעך, געווען פאַרמויערט, אָבער דאָס טירל פון טויער האָט מען, לויט גענס בקשה, איבערגעלאָזט. דער שליסל פון טירל איז געווען ביי גענסן. באַנוצן זיך מיט דעם אַרויסגאַנג האָט געמעגט נאָר ער אַליין. מורא האָבנדיק, אַז אויב מען וועט פירן וויטענבערגן דורכן געטאָ, וועט ווידער עפּעס פּאַסירן, האָט גענס אים אַרויסגעפירט געהיים, דורך דעם טירל.

פאַרט מער קיינעם נישט, איז אַ סימן, אַז וועגן די איבעריקע מיט־גלידער ווייסט מען נישט[1].

* *
*

אין וואַלד, צו די פּאַרטיזאַנער, איז אַרויס אַ גרויסע גרופּע מיט־גלידער פון דער געטאָ־אָרגאַניזאַציע פון פ. פּ. אָ. מערסטנס יונגע, וועמען מען האָט אין דער צייט פונעם געיעג נאָך וויטענבערגן געזען מיט געווער אין די הענט. פאַרבליבן אין געטאָ איז פאַר זיי איצט אַ דאָפּעלע סכנה[2].

* *
*

יעדער טאָג ברענגט נייעס. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס מענטשן גייען אַרויס אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער, האָט געגעבן געהייסן אַלע בריגאַדירן צושטעלן אין טויער־וואַך רשימות פון זייערע בריגאַדעס און יעדן טאָג, אינדערפרי און אין אָוונט, מעלדן, וויפל מענטשן גייען אַרויס פון געטאָ צו דער אַרבעט און וויפל קערן זיך אום צוריק.

מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט מען אין שטאָט פאַרהאַלטן דעם מיטגליד פון פ. פּ. אָ. סווירסקי. מען האָט ביי אים געפונען געווער און פאַרשפּאַרט אין לוקישקער תפיסה. פון געטאָ האָט מען אין תפיסה געבראַכט אויך זיינע צוויי שוועסטער. ווען די סאָלדאַטן זענען אַריין אין קאַמער נעמען דעם פאָטער, האָט די ייִנגערע טאָכטער זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים, אַרומגעאָרעמט מיט די הענטלעך זיין האַלדז און נישט

---

[1] מיטגלידער פון אומלעגאַלן שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט זענען געווען אויך דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פון געטאָ ב. שערש־נעווסקי און כ. באָראָווסקאַיאַ, וועלכע איז בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ צוזאַמען מיט אַ גרויסער גרופּע אַרויס דורך קאַנאַליזאַציע־רערן, אַוועק אין וואַלד און געוואָרן קאָמיסאַר פון דער פּאַרטיזאַנער־מחנה „פאַרן נצחון“.

[2] דאָס זענען געווען ב. שערשנעווסקי, ר. בוראַקיסקאַיאַ (סעקרעטאַר פון דער קאָמיוג־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ), די ברידער ל. און ג. גאָרדאָן, י. דוב־טשאַנסקי, ר. שערשניעווסקאַיאַ, י. מאַצקעוויטש און אַנד.

אָפּגעלאָזט. איינער פון די סאָלדאַטן האָט אויסגעשאָסן און דאָס קינד
איז געפאַלן טויט אויפן דיל. סווירסקין מיטן עלטערן טעכטערל האָט
מען אַוועקגעפירט קיין פּאָנאַר.
היינט באַגינען האָט אַ געטאָ=פּאָליציאַנט פון דער טויער=וואַך פאַר=
האַלטן אַ יונג, וואָס האָט געוואָלט אַריינטראָגן אין געטאָ געווער. דע־
יונג האָט געפּרוווט איינרעדן דעם פּאָליציאַנט, ער זאָל אים אָפּלאָזן, דערביי
געטענהט, אַז דאָס געווער איז באַשטימט פאַרן קאַמף קעגן די היטלע=
ריסטן און אין אָט דעם קאַמף זענען פאַראינטערעסירט אַלע: סוף=כל=
סוף וועלן דאָך די היטלעריסטן נישט שאַנעווען אויך די קעפּ פון די
געטאָ=פּאָליציאַנטן. דער פּאָליציאַנט האָט אָבער אפילו הערן נישט געוואָלט.
ער האָט גענומען שרייען, אַז צוליב אַזעלכע „שוויץ=קעפּ“ קאָן ליידן
דאָס גאַנצע געטאָ. אויב מען וואָלט לעבן רואיק, נישט שטעלן קיין
ווידערשטאַנדן, וואָלטן די דייטשן גאָרנישט נישט געטאָן. „מיט אַ רע=
וואָלווער קעגן אויטאָמאַטן און טאַנקען קאָן מען נישט גיין. פאַר אָט
דעם רעוואָלווער קאָן מען פאַרניכטן דאָס גאַנצע געטאָ“...
דערזען, אַז מיטן פּאָליציאַנט וועט ער נישט צונויפרעדן זיך, האָט
דער יונג אויסגעשאָסן אין אים און אין טומל פאַרשוווּנדן.
דעם פאַרוווּנדעטן פּאָליציאַנט האָט מען אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל.
גלייך איז אַהין געקומען די גאַנצע פני פון געטאָ. געהייסן די דאָקטוירים
טאָן אַלץ, וואָס עס איז נאָר מעגלעך, כדי ראַטעווען דעם פאַרוווּנדעטן.
אָבער ס'האָט גאָרנישט נישט געהאָלפן, און דער פּאָליציאַנט האָט זיך
געמוזט געזעגענען מיטן לעבן.

*  *
*

די גרויסע גרופּע מענטשן, וואָס איז אַרוים אין וואַלד, האָט ביים
מיצקונער בריק אָנגעטראָפן אויף דעם שונאס אַ לאָקערונג. עס האָט
זיך צעפלאַקערט אַ שלאַכט. ליידער, זענען די כוחות געווען שוין צו=
פיל נישט קיין גלייכע. פון דער גאַנצער גרופּע זענען געבליבן לעבן
בלויז עטלעכע מענטשן...
דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעשראָקן: אין וואַלד זענען אַרוים נייע
צוויי גרופּעס, מערסטנס בחורים. פאַר פאַמיליע=מענטשן איז דאָס צו
שווער.

* *
*

פאָריקע נאַכט האָבן מיר דערהערט, ווי מען קלאַפּט אין אונדזער דירה. דאָס זענען געקומען צוויי געסטאַ־פּאָליציאַנטן רופן אונדזער שכן קויפמאַן מיט זיין געזינד צו גענסן. קויפמאַן מיט זיין פרוי זענען אַוועק, און דאָס קינד האָבן זיי געלאָזן מיט דער באָבען. איינגיכן זענען די פּאָליציאַנטן ווידער געקומען און געזאָגט, אַז די עלטערן בעטן ברענגען דאָס קינד. די באָבע האָט עס וואַרעם איינגעוויקלט און אַוועקגעטראָגן.

אונדז איז באַפאַלן אַ פּחד: אויב מען שיקט אינמיטן נאַכט נאָכן קינד, הייסט דאָס, אַז דעם געסטאָ דראָט אַ געפאַר, און גענס וויל ראַטעווען זיינע מענטשן. קויפמאַן איז געווען בריגאַדיר פון די אַרבעטער, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט אין „הערעסבאַושטעלע", אַ מיטגליד פונעם „בריגאַדירן־ראַט", וועלכן גענס האָט געשאַפן, און אַ גוטער באַקאַנטער פון גענסן.

די באָבע איז געקומען צוריק, נאָר זי האָט אונדז גאָרנישט געקאָנט דערציילן. דאָס קינד האָט זי אָפּגעגעבן דער מוטער. זיי זיצן אין קרימינאַל־פּאָליציי, דאָרטן געפינען זיך נאָך עטלעכע בריגאַדירן מיט די געזינדן. צוליב וואָס האָט מען זיי אַרויסגערופן און מען האַלט זיי אין דער פּאָליציי, ווייסט קיינער נישט.

מיר האָבן קוים דערוואַרט זיך, עס זאָל ווערן טאָג. אויף די גאַסן איז רואיק, מענטשן קלייבן זיך אַרויסגיין צו דער אַרבעט. די בריגאַדעס, וועמענס בריגאַדירן מען האָט ביינאַכט אַרויסגערופן צו גענסן, וועלן גיין צו דער אַרבעט אָן זיי. עמעצער וועט פאַרבייטן אויף איין טאָג.

אין אָוונט, ווען כ'בין געקומען פון דער אַרבעט, האָב איך זיך אַלץ דערוווּסט...

ביינאַכט האָט מען אין קרימינאַל־פּאָליציי געבראַכט אַ גאַנצע גרופּע בריגאַדירן מיט די געזינדן. אַלע האָבן געוואַרט אויף גענסן, ווייל גערופן אַזוי האָט מען זיי אין זיין נאָמען. גענס איז אָבער נישט געקומען. אָנשטאָט אים איז געקומען דער קאָמענדאַנט פון דער אַרבעטס־פּאָליציי, טאָווביָן. דאָס האָט ער אָרגאַניזירט אָט די „נאַכט־שפּיל", דאָס האָט ער געשיקט ברענגען קויפמאַנס קינד.

באַגינען האָט טאָווביִן געזאָגט די בריגאַדירן, אַז גענס בעט זיי אַריבערגיין אין דער געטאָ=תפיסה. די בריגאַדירן האָבן גענומען זיך באַאומרואיקן, נאָר זעענדיק, אַז אין געטאָ איז שטיל, האָבן זיי אויפגעהערט צו שרעקן זיך. חוץ דעם, האָט דער קאָמענדאַנט פון דער געטאָ=תפיסה בייגעל זיי אויך פאַרזיכערט, אַז קיין סכנה דראָט זיי נישט.

מיטאַמאָל האָבן די בריגאַדירן דערהערט, ווי צו דער תפיסה איז פון דער שטאָט=זייט, פון לידסקער גאַס, צוגעפאָרן אַן אויטאָ[1]. אויף די טרעפ האָבן זיך צעהילכט די שווערע טריט פון סאָלדאַטן און די שטימען פון געטאָ=פּאָליציאַנטן. זיי האָבן עמעצן געיאָגט פון דער שכנותדיקער תפיסה=קאַמער. ערגעץ אויפן הויף האָט גערונערט אויך גענס שטים. די בריגאַדירן זענען געזעסן אין איינע שרעק.

ווען דער אויטאָ איז אָפּגעפאָרן, איז אין קאַמער פון די בריגאַדירן אַריינגעלאָפן אַ צופרידענער בייגעל. ער האָט זיי דערקלערט, אַז די געפאַר איז אַריבער. באַלד וועלן זיי קאָנען גיין אַהיים. ער האָט זיי דערציילט די סיבה פון דעם טומל.

קיטעל האָט געפאָדערט, מען זאָל דערשיסן אַלע בריגאַדירן, פון וועמענס בריגאַדעס ס'איז כאָטש איין מענטש אַוועק אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. נאָר די בריגאַדירן זענען געוועזן אייגענע מענטשן ביי גענסן, האָט ער אַנשטאָט די בריגאַדירן געשיקט צום שיסן אַנדערע. די בריגאַדירן וועלן אינגיכן גיין אַהיים.

פּלוצלונג האָט זיך ווידער דערהערט אַ הודזשעריי פון אַ צופאָרנדיקן אויטאָ. די אָנגעקומענע סאָלדאַטן האָבן גענומען קלאַפּן אין טירל!

בייגעל איז געוואָרן ווייס פון שרעק און געעפנט. אַ צערייצטער איז פאַרבייגעלאָפן קיטעל. ער האָט באַפוילן, גענס זאָל תיכף קומען אַהער.

קיטעל האָט זיך געבייזערט אויף אים, געזידלט, געדראָט, אַז ער וועט נישט דערלויבן, מען זאָל אים נאַרן. ער האָט געפאָדערט די אמתע בריגאַדירן.

---

[1] די תפיסה, ווי גענס הויף, האָט אויך געהאַט אַ באַזונדער טירל, וואָס פירט ארויס אין שטאָט. דער שליסל פון טירל איז געווען ביים תפיסה=קאָמענדאַנט. מיט דעם טירל פלעגט מען זיך באַנוצן זעלטן, ווען מען האָט באַדאַרפט איבערגעבן די אַרעסטאַנטן פון תפיסה אין געסטאַפּאָ בסוד פון די געטאָ=אײַנוווינער.

אין קאַמער פון די בריגאַדירן הערט מען אַלץ דייטלעך וואָרט אין וואָרט... געגנס הייסט אָפּשליסן די טיר...

קויפמאַנס פרוי לויפט צו צום פענצטער. עס איז דער צווייטער שטאָק, דאָס פענצטער איז פאַרקראַטעט. אונטן שטייט נאָך פון באַגינען די באָבע. די מאַמע שטופּט פאַרזיכטיק דורך דאָס קינד דורך די קראַטעס און, אַ געשריי געבנדיק: „זאָל דאָס קינד כאָטש בלייבן לעבן!“, לאָזט זי דאָס קינד פאַלן אויף דער באָבעס הענט. די באָבע כאַפּט אונטער דאָס וויינענדיקע אייניקל און באַגלייט צום טויט דעם זון מיט דער שנור...

פאַרנאַכט איז קיטעל געקומען אין געטאָ און געהייסן צונויפנעמען די גאַנצע באַפעלקערונג. ער האָט געמאָלדן, אַז מיט עטלעכע שעה צוריק זענען אין פּאָנאַר דערשאָסן געוואָרן 32 מענטשן — 11 בריגאַדירן און זייערע געזינדן. זיי האָבן געמוזט שטאַרבן דערפאַר, וואָס זיי האָבן שלעכט געהיט די מיטגלידער פון זייערע בריגאַדעס. זאָלן אַלע וויסן, אַז פון היינטיקן טאָג אָן וועלן פאַר יעדן איינעם, וואָס וועט אַוועקגיין אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער, דערשאָסן ווערן דאָס גאַנצע געזינד פונעם אַוועקגעגאַנגענעם, דער בריגאַדיר און אַנדערע יודען פון דער בריגאַדע... די מאַכט איז גוט אינפאָרמירט, ווער עס גייט אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער, ווייל אונטערוועגס כאַפּט מען זיי אַלע. זאָלן די היינט דערשאָסענע 32 מענטשן זיין אַ לערע פאַר אַלעמען. זאָלן די יודען קיינעם נישט באַשולדיקן: אויב זיי וואָלטן אַליין אויף אַזאַ אופן נישט פירן צו זייער טויט, וואָלטן זיי געקאָנט אַרבעטן און לעבן. און נאָך: ער, קיטעל, וועט נישט דולדן, מען זאָל אים נאַרן, ווי דאָס איז געווען היינט, ווען מען האָט אים אנשטאָט די אמתע בריגאַדירן אונטערגערוקט עפּעס זקנים.

ווען מען האָט די ערשטע גרופּע בלומרשטע „בריגאַדירן“ געפירט קיין פּאָנאַר, האָט עמעצער פון דער גרופּע אַ זאָג געטאָן, אַז זיי זענען גאָר קיין בריגאַדירן נישט. האָט זיך קיטעל צעקאָכט. די זקנים האָט ער געהייסן סייווי פירן קיין פּאָנאַר, נאָר אַליין האָט ער זיך צוריקגעקערט און געפאָדערט די אמתע בריגאַדירן.

* *
*

איבערן געטאָ גייען אַרום יינגלעך מיט פּלאַקאַטן, אין וועלכע עס איז געמאָלדן, אַז מאָרגן, זונטיק, דאַרפן אין זאַל פון טעאַטער קומען אַלע בריגאַדירן און אַרבעטער. געגנס וועט האַלטן אַ וויכטיקע רעדע.

* *
*

אין זיין רעדע האָט געגס נאָכאַמאָל דערציילט וועגן די בריגאַדירן. געפאָדערט, מען זאָל אַכטונג געבן איינער אויפן צווייטן. אויב עמעצער וועט אַוועק אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער, וועט מען דערשיסן נישט בלויז זיין געזינד און דעם בריגאַדיר, נאָר אויך די גאַנצע בריגאַדע. צוליב שטרענגער וואַכזאַמקייט ווערט יעדע בריגאַדע איינגעטיילט אין גרופּעס, צו צען מענטשן אין אַ גרופּע. פאַר יעדעס צענטל ווערט באַשטימט אַן עלטסטער, וואָס טראָגט פאַר אַלץ די אחריות. יעדער איינער, ביי וועמען עס קומט אויף אַ חשד, אַז עמעצער קלייבט זיך אַוועקגיין צו די פּאַרטיזאַנער, דאַרף תיכף מעלדן וועגן דעם. דערמיט וועט ער ראַטעווען סיי זיך, סיי די גאַנצע בריגאַדע.

* *
*

אונדזער בריגאַדע איז שוין צעטיילט אויף גרופּעס. גוט, וואָס איך בין נאָך צו יונג און קיינער האָט נישט פאָרגעלייגט מיין קאַנדידאַטור אַלס עלטסטע. קיינער וויל נישט נעמען אויף זיך אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

* *
*

דער חודש אויגוסט הייבט זיך אָן פון גוטע ידיעות: די פאַשיסטן האָבן זיך געמוזט אָפּטראָגן פון אָריאָל און בעלגאָראָד! אין מאָסקווע איז אין צוזאַמענהאַנג דערמיט געווען אַ סאַליוט.

* *
*

וויפל שטעט זענען שוין באַפרייט! ווי ווייט אָבער זיי אַלע זענען פון ווילנע. מען האַלט, אַז אַהער וועט די רויטע אַרמיי קאָנען קומען

בערך אין אַ האַלב יאָר אַרום, נישט פריער. גאַנצע זעקס חדשים... נײן, נײן, מען דאַרף נישט טראַכטן וועגן דעם. בעסער גלויבן, גלויבן!

* *
*

קיטעל איז פשוט אַ ווילדע חיה, נישט קײן מענטש! דער ערגסטער מענטש קאָן נישט זײן אַזאַ אכזר!

אין קענער טאָרף־לאַגער איז קיטעל געקומען אין אַ פּרעכטיקער שטימונג, מיט אַ גאַנצע סוויטע און אפילו מיט מתנות — פּאַפּיראָסן, טאַבעק און מאַרמעלאַד. די פּאַפּיראָסן און טאַבעק געהייסן פאַנאַנדער־געבן די בעסטע אַרבעטער, און די מאַרמעלאַד — זײערע קינדער. ער האָט באַקוקט דעם לאַגער, די אַרבעטס־ערטער, געפרעגט, צי אין לאַגער איז פאַראַן אַ פריזירער און האָט זיך בײ אים אָפּגעראַזירט.

דער לאַגער־עלטסטער און די אַרבעטער גופא האָבן נישט געקאָנט פאַרשטײן, וואָס קומט דאָ פאָר. עמעצער האָט געפרוווט זיך חכמענען, אַז די היטלעריסטן האַלטן שוין מסתמא ערגער ווי שמאָל, אויב זײ פאָרן צו יידן מיט מתנות. אָבער די מערהייט האָט גוט געדענקט, אַז אויך אין געטאָ פלעגט מען ערב אַן אַקציע אַרויסגעבן אויף די שפּײז־קאַרט־לעך בעסערע פּראָדוקטן. בײ זײ איז אויפגעקומען אַ חשד, אַז אפשר איז די מאַרמעלאַד אָפּגעסמט.

קיטעל האָט זיך געלאָזט רעדן, ער האָט אָפּטימיסטיש געענטפערט אויף עטלעכע ציטעריקע פראַגן וועגן דער צוקונפט פונעם לאַגער.

געענדיקט באַקוקן, האָט ער פאַראָרדנט אַלעמען זיך צונויפקומען אין שײער — ער וועט האַלטן אַ רעדע.

אין זײן רעדע האָט ער געהײסן פלײסיק אַרבעטן, דער עיקר — נישט פאַרבינדן זיך מיט די פּאַרטיזאַנער. די דײטשישע מאַכט, האָט ער געזאָגט, איז נישט פאַראינטערעסירט צו אומברענגען די יידן, פאַר־קערט: זי דאַרף האָבן אַרבעטס־קראַפט. וועט מען אַרבעטן, וועט מען לעבן! די דײטשישע מאַכט וועט זיך באַמיען צו פאַרבעסערן די אַרבעטס־באַדינגונגען, די באַזאָרגונג.

כאָטש זײנע רײד זענען געווען אומגלויבלעך, האָבן זײ בײ אײניקע אויפגעהויבן די שטימונג.

געענדיקט די רעדע, איז קיטעל אַוועק צו דער טיר. אַ פייף געטאָן — און ווי פון אונטער דער ערד זענען אויסגעוואָקסן סאָלדאַטן. דורכגעלאָזט אים, האָבן זיי פאַרשלאָסן די טיר. מענטשן האָבן זיך דערשראָקן, אָנגעהויבן שרייען, קלאַפּן אין די ווענט און אין טיר. נאָר קיינער האָט נישט געענטפערט. ס'איז געוואָרן אַ פּאַניק.

יעדערער שפּאַרט זיך צו דער טיר, ווי נאָר ער וואָלט זי קאָנען עפענען. אַלע שרייען, ליאַרעמען, שטופּן. אַנדערע פּרוון באַרואיקן דעם עולם, ליקווידירן די פּאַניק. זיי אַליין זענען באַהערשט פון אַ פּחד, נאָר זיי ווייזן דאָס נישט אַרויס. זיי טענהן: מסתמא האָט מען צייטווייליק איזאָלירט, מען וויל מאַכן אין לאַגער אַן אונטערזוכונג, קאָנטראָלירן, צי איז נישטאָ קיין געווער. אַנדערע, ווידער, שרעקן דעם עולם, אַז קיטעל וויל מסתמא אַרויספירן די משפּחות און איבערלאָזן אין לאַגער בלויז די, וואָס אַרבעטן. די פּאַניק פאַרשטאַרקט זיך, מען שרייט, מען יאָמערט. מענטשן פּרוון מיט די פּלייצעס צעעפענען די ריזיקע אייזערנע טיר פון שייער, מיט די פויסטן דורכברעכן אַ וואַנט. נאָר אַן אייזערנע טיר איז שטאַרקער פון פּלייצעס, די ווענט זענען טויב צו די קלעפּ פון פויסטן. טויב און דול זענען אויך די סאָלדאַטן, וועלכע היטן פון יענער זייט...

דורך די שפּאַלטן פון טיר און פון די ווענט האָט גענומען שפּאַרן אַ רויך. אַ שׂרפה!!! די געשרייען האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין ווילדע קולות. מענטשן קלעטערן איבערן באַלקן, ווילן אַנטלויפן דורכן דאַך.

דער רויך ווערט אַלץ געדיכטער. אַ יונגערמאַן נעמט אַרויס פון קעשענע אַ רעוואָלווער. אין אַן אַנדער צייט וואָלט מען נישט געלאָזן אים באַנוצן זיך מיט געווער, נאָר איצט הייסט מען אפילו. ער שיסט אויס אין דער לופט. איין מאָל. אַ צווייט מאָל. קיין ענטפער. ער האָט אויסגעשאָסן אַלע קוילן, נישט לאָזנדיק אפילו קיין איין קויל פאַר זיך...

עס באַווייזט זיך אַ פלאַם. ער פאַרברייטערט זיך, דערנעענטערט זיך. קעמפנדיק מיטן שטיקנדיקן רויך, שרייען מענטשן, רופן נאָך הילף: אפשר וועלן די פרויען, וואָס זענען געבליבן אין די באַראַקן, דערהערן און קומען ראַטעווען.

דער פלאַם ווערט עזותדיקער, גנבעט זיך אונטער אַלץ נעענטער. די, וואָס שטייען ביי די ווענט, ווילן אַנטלויפן פון פייער, זיי שטופּן זיך צום צענטער. נאָר ס'איז ענג, אַלע זענען צוגעשפּאַרט איינער צום צווייטן, נישטאָ וווּ זיך אַ קער צו טאָן. ביי אייניקע האָבן זיך שוין אָנגעצונדן די

קליידער, די האָר. קאָרטשענדיק זיך פון שרעקלעכן ווייטיק, שפּאַרן זיי זיך צום צענטער, אַהין, וווּ דער פלאַם דערגרייכט נאָך נישט. פון זיי צינדן זיך אָן אַנדערע. מען פּרוּווט לעשן איינער ביים צווייטן דאָס פייער. נאָר אומזיסט. עטלעכע מענטשן זענען שוין געפאַלן אָן באַוווּסטזיין. אויף זיי פאַלן אַנדערע. דער פלאַם צעבושעוועט זיך נאָך מער, איילט זיך אַלעמען אַרומכאַפּן, איינשלינגען, באַהאַלטן זיי אין זיין רויטער גיהנום־היץ.

אין דער זעלבער צייט דערהערן זיך ווילדע געשרייען פון די פרויען־באַראַקן, זיי בעטן הילף! זיי ברענען אויך! און קינדער, פּיצלעך קינדער!!! דעם שוין אַנטרינענדיקן באַוווּסטזיין שניידט דורך אַן אימהדיקער שוידער.

עס פאַלט איין דער דאַך, עס צעוואַלגערן זיך די ווענט, עס פלאַקערט אַ גרויסער שייטער פון מענטשן און קלעצער...

און קיטעל מיט זיין סוויטע שטייען זיך נישט ווייט אויפן בערגל און קוועלן פון דעם בילד...

ווען קיטעלן איז דערעסן געוואָרן צו קוקן, האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָ און איז אַוועקגעפאָרן. אָנגעזאָגט די סאָלדאַטן, זיי זאָלן אויפּפּאַסן, אַז דער פלאַם זאָל זיך נישט אַריבערוואַרפן אויף די נאָענטע ביימער, און זיי זאָלן פונדאַנען נישט אַוועק, ביז דער שייטער וועט נישט אויסגעלאָשן ווערן.

דער שייטער האָט געברענט לאַנג... נאָכדעם האָבן די סאָלדאַטן לאַנג געמישט דאָס אַש און די פאַרברענטע ביינער...

ווען די סאָלדאַטן זענען אַוועק, האָט דאָ געגומען הוליען דער ווינט. ער האָט דאָס אַש צעווייעט, געיאָגט אין דער לופט...

פון אָט דעם אימהדיקן גיהנום האָבן זיך געראַטעוועט בלויז צוויי מענטשן, זיי זענען צופעליק נישט אַריין אין שייער. דערזען די ציגרייטונגען פון די היטלעריסטן, זענען זיי אַנטלאָפן, זיך אַריינגעגנבעט אין געטאָ און אַלץ דערציילט.

* *

*

קיטעל האָט ליקווידירט אויך דעם רעשער טאָרף־לאַגער.

מען דערציילט, אַז נאָך אַ שלאַכט מיט די פּאַרטיזאַנער, האָבן די היטלעריסטן געפונען אין וואַלד אַ היטל, וווּ אינעם אונטערשלאַק איז

געלעגן אַן אַרבעטס־שיין אויפן נאָמען פון אַן אַרבעטער פון רעשער
טאָרף־לאַגער.

דעם לאַגער האָט קיטעל ליקווידירט פשוטער. אַלעמען דערשאָסן
און אויפן אָרט באַגראָבן...

* *

*

כ'האָב געהערט, אַז מען האָט דערשאָסן איינעם אַ מיטגליד פון
פ. פּ. אָ. — טיקטינער. ער האָט געהיים אַרויסגעטראָגן געווער פון דעם
פּאַשיסטישן סקלאַד אין בורבישאַק. ווען ער האָט דערפילט, אַז מען
האָט אים אַנטדעקט, האָט ער געפּרוווט לויפן, נאָר עס האָט אים דער־
יאָגט דעם שונאס אַ קויל.

וואָס וועט זיין ווייטער? די היטלעריסטן זעען דאָך זייער גוט, אַז
אין געטאָ זענען פאַרשפּאַרט שוין נישט קיין געהאָרכזאַמע, אַנגעשראָ־
קענע, שטילינקע מענטשעלעך, מיט וועלכע מען קאָן טאָן, וואָס מען
וויל. יעדער העפטלינג שטעלט איצט אַ ווידערשטאַנד. וויטענבערג,
פּ. פּ. אָ., דאָס מאַסנווייזע אַוועקגיין אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער, די
„קאָוונער אַקציע", ווען מענטשן האָבן אפילו מיט הוילע הענט זיך
געוואָרפן אויף דער וואַך...

קלאָר, אַז די היטלעריסטישע מאַכט וועט אַזאַ לאַגע נישט דולדן.
אמת, אייניקע פּרווון דערווייזן, אַז איצט כלומרשט האָבן די דייטשן
שוין נישט קיין רעכט אַליין, אויף אייגענעם איינזען, אָן דעם הסכם
פון דער העכערער מאַכט, ליקווידירן גרויסע געטאָס. נאָר די העכערע
מאַכט וועט אין אַזאַ דערלויבעניש נישט אָפּזאָגן. פאַר זיי איז קיין
חילוק נישט, צי איז דאָס דער קענער לאַגער, דער רעשער, צי דאָס
ווילנער געטאָ — אַלץ איינס.

וואָס וועט זיין?

דערווייל ציען די היטלעריסטן אַלץ ענגער צונויף די קייטן. זיי
האָבן פאַנאַנדערגעשיקט צו אַלע אונטערנעמער אַן אינסטרוקציע,
אונטערגעשריבן פונעם געביטס־קאָמיסאַר, ווי מען דאַרף זיך באַגיין
מיט די יודען, וואָס געפינען זיך ביי זיי אויף אַרבעט. ערשטנס, שטרענגע
אַכטונג געבן, אַז זיי זאָלן נישט אַרומגיין אָן די לאַטעס אָדער אין
שלעכט צוגענייטע לאַטעס. צווייטנס, נישט צעטיילן אויף קליינע גרו־

פעם און נישט שיקן זיי אויף אַרבעט אײַנציקווײַז. דריטנס, נישט אַרויס־לאָזן פון די אַרבעטס־לאָקאַלן, אפילו מיט אַ באַגלייטער. פערטנס, איזאָלירן די יודען פון אַלע איבעריקע אַרבעטער. פינפטנס, ביי דער קלענסטער אומגעהאָרכזאַמקייט אָדער אומצופרידנקייט תיכף מעלדן וועגן דעם דער דייטשישער מאַכט. ווייטער: פאַרבאָטן יעטוועדע פאַר־לייכטערונגען. אין יענע אַרבעטס־לאָקאַלן, וווּ עס זענען פאַראַן אַ קיך און אַז עס־זאַל, פאַרבאָטן די יודען צו באַנוצן זיך מיט זיי. פאַר נישט אויספילן די אַלע פאַראָרדענונגען, וועלן די אַרבעטסגעבער צוגעצויגן ווערן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

נישט געקוקט אויף קיין זאַך, גייט די יוגנט סייווי אין וואַלד אַריין צו די פאַרטיזאַנער.

* *

*

נעכטן איז צוזאַמען מיט דער בריגאַדע געקומען צו לויפן אין געטאָ זייער אַן איבערגעשראָקענער ייד, אַן אויסגעשמירטער און אין צעפליקטע בגדים. ער איז נעלם געוואָרן אין הויף פון רודניצקי־גאַס, 7 (דאָרט וווינען אַלע, וואָס אַרבעטן אויפן אַעראָדראָם).

ער האָט דערציילט, אַז אײַנמיטן טאָג איז זיין גרופּע פּלוצלינג אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ גרויסער וואַך. מען האָט געהייסן וואַרפן די אַרבעט און זיך אויסשטעלן. דערזען אַזא וואַך, האָבן מענטשן זיך דערשראָקן, אָבער אַנטלויפן איז געווען אוממעגלעך: די וואַך האָט זיי געדיכט אַרומגערינגלט. איינער אַ היטלעריסט האָט געזאָגט, אַז מען וועט זיי פירן קיין עסטלאַנד אויף אַרבעט.

אין אַזעלכע זאַכן גלויבט שוין קיינער נישט...

* *

*

ס'האָבן זיך נישט צוריקגעקערט פון דער אַרבעט נאָך עט־לעכע גרויסע בריגאַדעס. דאָס געטאָ זעט אויס ווי אַ בית־עולם.

* *

*

וואָס ווייטער, אַלץ ערגער, מען רעדט, אַז כמעט פון אַלע אונטער־גענומונגען וועט מען אָפּזאָגן די יידן. מען וועט לאָזן נאָר אין עטלעכע ערטער, און זייער ווייניק.

די אייביקע אָפּטימיסטן טענהן, אַז דאָס איז אוממעגלעך: כּל־זמן זיי האַלטן דאָס געטאָ, וועלן די אָקופּאַנטן צאַפּן פון דעם וואָס מער אַרבעטס־קראַפט. אויף ליקווידירן דאָס געטאָ דאַרפן זיי באַקומען אַ דערלויבעניש. דער פראָנט דערנעענטערט זיך גיך, ביז זיי וועלן קריגן די דערלויבעניש, וועט די רויטע אַרמיי שוין זיין אַזוי נאָענט, אַז די פאַשיסטן וועט נישט ליגן אין קאָפּ דאָס געטאָ, זיי וועלן טראַכטן, ווי מאַכט מען די פליטה מיט גאַנצע ביינער.

ווען דאָס זאָל טאַקע אַזוי זיין!

* *
*

דער „אַרבייטס־אַמט" האָט געקראָגן אַ רשימה פון די אונטערנע־מונגען, ווו מען זאָגט אָפּ אַלע יידן.

איך מיט דער מאַמען זענען שוין אויך אָן אַרבעט...

* *
*

היינט איז זייער אַ מאָדנער טאָג. אינדערפרי האָבן אַלע, לויט דער־געוווינהייט, זיך געקליבן אויף זייערע ערטער, פונוואַנען זיי גייען שטענ־דיק אַרויס אויף דער אַרבעט. מיר האָבן מיט קנאה געקוקט אויף די איינצלנע בריגאַדעס, וואָס גייען אויך היינט פונדעסטוועגן צו דער אַר־בעט.

דאָס געטאָ איז היינט אַ גאַנצן טאָג פול מיט מענטשן. פון די איינצלנע בריגאַדעס, וועלכע זענען אַוועק אויף אַרבעט, איז אין געטאָ נישט געוואָרן גרוימער. מיר זענען נישט געוווינט צו זען דאָ אין מיטן טאָג אַזויפיל מענטשן, איבערהויפּט מענער. נישטאָ וווהין צו גיין. נישטאָ וואָס צו טאָן, נישטאָ וואָס צו עסן.

אַלץ האָט אַ שיעור, אָבער נישט קיין אומגליקן. זיי ווייסן נישט פון קיין גרענעץ: עס האָט זיך געדוכט, אַז ערגער קאָן שוין נישט זיין. זעט איר דאָך, אַז עס קאָן דווקא יאָ זיין ערגער...

מאָרגן וועט שוין קיינער נישט אַרויסגיין צו דער אַרבעט: מען האָט אָפּגעזאָגט לחלוטין אַלעמען. דאָס געטאָ וועט זיין פאַרמאַכט, איזאָלירט פון דער גאַנצער וועלט.

* *
*

ביינאַכט איז געווען רואיק.

געגעס האָט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אַלע, וועלכע האָבן פריער גע־אַרבעט און ווילן אויך איצט אַרבעטן, וועלן איינגעאָרדנט ווערן אויף אַרבעט נישט אין שטאָט, נאָר אין געטאָ גופא. דאָס געטאָ האָט מען פאַרמאַכט נאָר צוליב דעם, כדי ס'זאָל נישט זיין קיין מעגלעכקייט אַוועקצוגיין צו די פּאַרטיזאַנער. עס פאַרברייטערן זיך די וואַרשטאַטן, איבערהויפּט די שטריקעריי און שניידעריי. עס וועלן אַרבעטן דריי שיכטן. מען האָט געבראַכט אַ סך שפּינעלן און וועש, וועלכע מען דאַרף גיך אויסוואַשן און צורעכט מאַכן. אין די וואַרשטאַטן נעמט מען אָן נייע מענטשן.

* *
*

איך אַרבעט אין די שטריקעריי־וואַרשטאַטן. זיי זענען זייער גרוי־סע — איבערן גאַנצן זאַל פון יודענראַט. עס שטייען לאַנגע רייען טישן. ביי יעדן טיש זיצן איינגעהויקערט איבער דער אַרבעט 20 פרויען. די עלט־סטע פון די טישן ברענגען אַ באַרג צעריסענע הענטשקעס און מיר שטריקן צו פינגער. אָדער האַלבע פינגער. מיר אַרבעטן אין דריי שיכטן.

גישטאָ וואָס צו עסן. אמת, אויף די קאַרטלעך גיט מען איצט אַרויס רעגולערער, נאָר זייער ווייניק! וואָס ווייטער, אַלץ שווערער ווערט צו ליידן הונגער.

מיר דוכט, אַז דאָס געטאָ איז איצט ענלעך צו אַן אַלטער מאַשין, פון וועלכער עס זענען אַרויסגעשרויפט אַלע שרויפן. ביז קיינער טשע־פּעט זי נישט, האַלט זי זיך. זאָל נאָר עמעצער צוהירן זיך צו איר, כאָטש מיט איין פינגער — וועט זי זיך צעשיטן.

* *
*

אינדערפרי, ווען מיר האָבן נאָרוואָס אָנגעהויבן די אַרבעט (די וואָך אַרבעט איך אין דער ערשטער שיכט), האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג,

# Bekanntmachung

Gemäss einer Anordnung des Herrn Gebietskommissars Wilna-Stadt sind sämtliche Juden verpflichtet, im Ghetto zu wohnen. Trotz dieser Anordnung kommt es immer wieder vor, dass Juden von ihrer Arbeitsstättte nicht zurückkehren, sondern bei dem Arbeitgeber übernachten. Einzelne Personen der einheimischen Bevölkerung gehen zum Teil so weit, dass sie Juden geheim aufnehmen und verbergen.

Ich fordere daher alle Einwohner Wilnas auf, alle Juden und Halbjuden, gleich ob getauft oder nicht getauft, welche sich noch ausserhalb des Ghettos befinden, bei dem zuständigen Polizeirevier zu melden.

Wird nach dem 30. 10. 1941 ein Jude ausserhalb des Ghettos in einer Wohnung angetroffen, so erfolgt strengste Bestrafung der Wohnungsinhaber.

Wilna, den 29. Oktober 1941.

**Der Gebietskommissar der Stadt Wilna.**
**I. A. Murer**

באַפֿעל פֿון מורערן וועגן דער שטרענגער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿון די, וועלכע וועלן אויסבאַהאַלטן ייִדן

אַז דאָס געטאָ איז אַרומגערינגלט. מיר האָבן געוואָרפן די אַרבעט און געוואָלט לויפן אהיים, אָבער דער עלטסטער פון דער שיכט האָט ניט אַרויסגעלאָזט. ער האָט פאַרמאַכט די טיר און געהייסן זיצן אויף די ערטער. ער וועט אַליין אַרויסגיין אויף דער גאַס און זיך אַלץ דערוויסן.

זיצן מיר אויף די ערטער. אַרבעטן, פאַרשטייט זיך, קאָנען מיר שוין ניט. מיר זענען דערשראָקן, פרווון טרעפן, וואַרפן בליקן אויף דער טיר.

דער עלטסטער איז געקומען. נאָך פונעם ערשטן קוק אויף אים האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז די קלאַנגען האָבן זיך באַשטעטיקט. מיר זענען זיך צעלאָפן איבער די היימען.

וואָס טוט מען? וווהין לויפט מען? פרווט מען זיך באַהאַלטן אין איין אָרט, דוכט זיך, אַז גראָד דאָ וועט מען געפינען, אַז אין אַן אַנדער אָרט וועט אפשר אָפגליקן.

שפעט! די סאָלדאַטן זענען שוין אין געטאָ. מיר זענען אַראָפגעלאָפן אין קעלער. דאָרט איז פייכט, טונקל. אין יעדער וואַנט — אַן אָפענע נישע, וואָס דינט אַלס אַריינגאַנג אין אַ צווייטן קעלער. די קעלערן ציען זיך, מסתמא, אונטער דער גאַנצער שטוב.

עס זענען זיך אַהער צונויפגעלאָפן מענטשן אויך פון אַנדערע דירות, זייער פיל מענטשן, ס'איז ענג, פינצטער, מיר באַוועגן זיך נאָך טאַפנדיק די ווענט. קינדער וויינען. מען הייסט אונדז גיין טיפער אין קעלער, ביים לייטער וועלן בלייבן נאָר עטלעכע מענער. זיי וועלן זיך צוהערן, וואָס עס טוט זיך אויבן.

אין דער פינצטערניש האָב איך פאַרלוירן די מאַמע און ראובען. זיי זענען, מסתמא, ערגעץ אין אַן אַנדער טייל פון די קעלערס. ראַיעלען האַלט איך פעסט פאַר דער האַנט, איך זאָל כאָטש זי ניט פאַרלירן. מירע איז געבליבן אויף דער אַרבעט, זי האָט זיך ניט אומגעקערט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די פאַניק.

מיר זענען מיד געוואָרן שטייענדיק. מיר האָבן זיך צוגעזעצט. ס'איז קאַלט, פייכט, אָבער די פיס וועלן כאָטש אָפרוען. ראַיעלען האָב איך אַוועקגעזעצט צו זיך אויפן שויס.

וואָס טוט זיך אויבן? ס'איז אַ ליקווידאַציע אָדער נאָר אַן אַקציע?

די צייט ציט זיך. שטיל.

מען האָט גענומען רעדן, אַז עמעצער וואָלט געדאַרפט אַרויסקריכן אויפן הויף און אַ קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך.

אין קעלער געפינט זיך אויך אַ געטאָ־פּאָליציאַנט. ער האָט זיך אונטערגעגעבן דער אַלגעמיינער פּאַניק און אויך באַהאַלטן זיך אין קע־לער. פאַר אים איז די קלענסטע סכנה אַרויסצוגיין פונדאַנען.

ער האָט זיך אַרומגערייניקט און צוגעזאָגט גלייך צוריקקערן זיך.

שוין אַוועק אַ פּאָר שעה, און ער איז נאָך אַלץ נישטאָ. אויב מען כאַפּט שוין פּאָליציאַנטן, הייסט דאָס, אַז עס גייט אַ ליקווידאַציע. שוין אָנגעקומען אונדזער סוף...

מיר דערהערן אַ קלאַפּ. קיינער ענטפערט נישט. דער קלאַפּ חזרט זיך איבער. יאָ, דאָס האָט זיך אומגעקערט דער פּאָליציאַנט.

מען עפנט אים. שטרענג אָפיציעל באַפוילט ער אַלעמען אַרויסגיין פון קעלער.

ביים אַרויסגאַנג שטייען נאָך צוויי יידישע פּאָליציאַנטן. פרויען און קינדער לאָזן זיי דורך, מענער פאַרהאַלטן זיי. זיי שרייען, מען זאָל נישט אַרויסווייזן קיין ווידערשטאַנד. מען וועט פירן קיין עסטלאַנד אויף אַרבעט. נאָר ווער גלויבט זיי?

עס הויבט זיך אויף אַ שרעקלעך געשריי און געוויין. מענער לויפן צוריק אין קעלער, פּאָליציאַנטן יאָגן זיך נאָך זיי, כאַפּן, טרייבן.

זיי האָבן אויפגעקליבן די מענער און אַוועקגעפירט.

איך גיי אַרויס אויפן גאַס. סאָלדאַטן זענען דאָ גאַנץ ווייניק, די פולע בעלי־בתים זענען די געטאָ־פּאָליציאַנטן. מען האָט געגעבן באַפוילן, ער זאָל אַליין אויפקלייבן די נייטיקע דריי טויזנט מענער. די גאַנצע פ.פּ.אָ. איז מאָביליזירט און געפינט זיך אין עטלעכע הויפן אויף סטראַשון־גאַס, א גרייטע צום קאַמף. די געטאָ־פּאָליציאַנטן ווייסן וועגן דעם, און אין אָט די הויפן גייען זיי נישט.

אויספילן דעם באַפעל פון די אָקופּאַנטן איז געווען נישט לייכט. אַלע מענער האָבן זיך באַהאַלטן. געגנט לויפט אַליין אַרום איבער די הויפן מיט אַ נאַקעטן קאָפּ, אָן אַ מאַנטל, און שרייט, אַז די מענער זאָלן פריי־וויליק אַרויסגיין פון זייערע מעלינעס. ער גאַראַנטירט, אַז מען וועט פירן קיין עסטלאַנד אויף אַרבעט. אויב די מענער וועלן נישט אַרויסגיין, וועט געשען אַן אומגליק מיטן גאַנצן געטאָ.

קיינער גייט נישט אַרויס — שוין לאַנג גלויבט מען אים נישט.

עס רוקט זיך אָן די נאַכט און עס איז נאָך אפילו קיין טויזנט מע־נער נישטאָ. געגנס קריכט פון די כלים, ער וואָרנט די פּאָליציאַנטן, אַז

אויב זיי וועלן נישט אויפקלייבן די נייטיקע צאָל, וועט ער זיי אַליין שיקן קיין ענגלאַנד.

די פּאָליציאַנטן ווילדעווען, לויפן, יאָגן, שרייען, שלאָגן. זיי זענען אַריינגעפאַלן אין בית-מדרש (אין אַ ווינקל-שטוב אויפן ראָג פון שאַוולער און יאַטקעווער גאַסן האָבן די יידן געמאַכט אַ שול) און אַרויסגעשלעפּט אַ צענדליק דאַווענדיקע זקנים. אַוועקגעיאָגט זיי צום טויער. דאָרטן איז געשטאַנען קיטעל. דערזען, וואָס פאַר אַ „סחורה" מען גיט אים, האָט ער אויסגעזידלט די פּאָליציאַנטן און געהייסן יאָגן די זקנים צוריק אין געטאָ.

די פּאָליציאַנטן דערציילן וועגן דעם אויף שריט און טריט. דאָס איז דאָך דער בעסטער באַווייז, אַז מען נעמט טאַקע אויף אַרבעט.

צום סוף טאָג איז זיי געלונגען אויפצוקלייבן בלויז טויזנט מיט דריי הונדערט מענטשן. און געהייסן האָט מען ברענגען דריי טויזנט...

עס האָט זיך דערהערט אַ פייף. די אַקציע איז געענדיקט. די פאַר-מאַטערטע פּאָליציאַנטן האָט מען אָפּגעלאָזט אַהיים. אָבער נאָר ביז מאָרגן אינדערפרי.

דאָס געטאָ איז געבליבן אַרומגערינגלט.
מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן אין די זאַכן.

* *
*

הייגט האָט זיך אַלץ איבערגעחזרט. אַ סך האָט מען אַוועקגעפירט, עטלעכע הונדערט זענען באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט.

עס איז שווער צו זאָגן, וויאַזוי האָבן די היטלעריסטן זיך דערוווּסט, אַז אין קעלער אויף סטראַשון-גאַס, 15, האָבן זיך באַהאַלטן אַ סך מע-נער. צוזאַמען מיט געגנסן זענען די פּאַשיסטן אַריין אין הויף, געמאָלדן דורך אַ הויכרעדער, אַז אַלע, וועלכע באַהאַלטן זיך אויס אין קעלער, מוזן תיכף אַרויס אין הויף. אין קעגנפאַל וועט מען זיי אויפרייסן! זאָלן די פרויען ראַטעווען זייערע מענער און ברידער, איינרעדן זיי אַרויסצו-גיין. די זעלבע ווערטער האָט איבערגעחזרט געגנס. אומזיסט. קיינער האָט זיך נישט באַוויזן. דער עלטסטער פון די פּאַשיסטן האָט געהייסן אַלע פרויען אין פאַרלויף פון פינף מינוט פאַרלאָזן דאָס הויז. די סאָלדאַטן האָבן געגומען גרייטן אַן אויפרייס. דינאַמיט האָבן זיי פאַרלייגט אונטער דער לינקער זייט פון טויער, דאָרטן, וו עס געפינט זיך דער קעלער.

צווישן די פֿרויען איז געוואָרן אַ שרעקלעכער טומל. איינע האָבן זיך געאײַלט וואָס גיכער אַרויסלויפֿן פֿון הויף, אַנדערע האָבן געפּרוווט שטערן די סאָלדאַטן אינעם גרייטן דעם אויפֿרייס, די דריטע זענען געלאָפֿן צום קעלער און צוריק: אָדער געשריִען, אַז די מענער זאָלן אַרויסגיין, אָדער געהייסן זיי בלײַבן. די מער רואיקע פֿרויען האָבן זיך אויסגעשטעלט בײַם אַרײַנגאַנג אין קעלער, געטריבן די פּאַניקמאַכעריגס. זיי האָבן געטענהט, אַז דער קעלער איז אַ טיפֿער, אַ בעטאָנירטער, דער אויפֿרייס וועט אים נישט שאַטן.

דערזען, אַז די סאָלדאַטן לויפֿן שוין פֿון הויף, האָבן אויך די פֿרויען זיך געלאָזט לויפֿן.

עס האָט זיך דערהערט אַ דונערנדיקער קלאַפּ. איך בין געשטאַנען גאַנץ ווײַט און דאָך שיעור נישט טויב געוואָרן. די געמויערטע וואַנט האָט זיך אַ בוק געטאָן און איז אײַנגעפֿאַלן. עס האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ וואָלקן שטויב. ווען ער האָט זיך אַ ביסעלע צעשטרייט, האָבן מיר דערזען חורבות. פֿון אַ האַלבער שטוב איז קיין זכר נישט געבליבן, ווי זי וואָלט פֿריער נישט געווען.

די פֿרויען זענען גלײַך צוגעלאָפֿן צו די חורבות, אָפּגראָבן דעם אַרײַנגאַנג אין קעלער. יעדע פֿון זיי האָט געשלעפּט, וואָס זי האָט געקאָנט: ציגל, ברעטער, דראָטן. צום הויף האָבן געאײַלט אַלץ נײַע און נײַע פֿרויען. איך בין אַוועקגעלאָפֿן אין שטוב, אָנזאָגן דער מאַמען, ווו איך געפֿין זיך, און גלײַך געקומען צוריק העלפֿן.

אין איין אָרט האָבן מיר אָנגעטאַפּט אַ מענטשלעכן גוף. ס'האָט זיך באַוויזן אַ פֿוס פֿון אַ פֿרוי. גראָבנדיק ווײַטער, האָבן מיר געפֿונען אַ קינדעריש פּיסעלע. אַ שוידער איז מיר אַדורך איבערן לײַב און איך בין אַרויסגעלאָפֿן אין גאַס. איך האָב זיך אומגעקערט צוריק ערשט דעמאָלט, ווען מען האָט דעם געפֿונענעם גוף און די באַזונדערע טיילן פֿון מענטשלעכן קערפּער אײַנגעוויקלט אין אַ לײַלעך און אַוועקגעטראָגן אין מתים=שטיבל.

פּלוצים איז הינטער אונדז אויסגעוואָקסן אַ סאָלדאַט. ער האָט פֿאַרבאָטן צו גראָבן. אויב די מענטשן האָבן נישט געוואָלט אויספֿילן דעם דײַטשישן באַפֿעל, מוזן זיי שטאַרבן. ער וועט שיסן אין יעדן, ווער עס וועט וואַגן זיך דערנעענטערן, אויפֿהויבן כאָטש איין ציגל.

און קיין דרײַ טויזנט מענער האָט מען פֿאַרט נישט צונויפֿגעקליבן. מאָרגן וועט די אַקציע פֿאָרגעזעצט ווערן.

* *
*

די היטלעריסטן האָבן היינט אויפגעדעקט אַ באַהעלטעניש פון די געטאָ־פאַרטיזאַנער (אין הויף פון סטראַשון־גאַס, 12). די פאַרטיזאַנער האָבן געוואָרפן אין די פאַשיסטן עטלעכע גראַנאַטן. די היטלעריסטן האָבן מאָמענטאַל אויפגעריסן דאָס גאַנצע הויז. אונטער די חורבות זענען באַגראָבן געוואָרן נישט נאָר די פאַרטיזאַנער — אויך אַ סך פרויען און קליינע קינדער.

אָבער נישט ווייניק היטלעריסטן האָבן אויך באַצאָלט מיט זייערע לעבנס. גענס האָט געהאַלטן אין איין פאַרענטפערן זיך. פאַר די היט־לעריסטן האָט ער געטענהט, אַז אין געטאָ זענען נישטאָ קיין פאַרטי־זאַנער, עס זענען פאַראַן נאָר גוטע און געהאָרכזאַמע אַרבעטער. די גראַ־נאַטן האָבן געוואָרפן עטלעכע יונגע צוציקעס, מיט וועלכע ער וועט שנעל אַ סוף מאַכן.

גענס האָט מיט נאָך גרעסערער רציחה געכאַפּט מענער. ער האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק, ווען צוזאַמען מיט די מענער זענען אַרויס אויך איבערגעטאָנענע פרויען, וועלכע האָבן נישט געוואָלט זיך שיידן מיט זייערע מענער. וואָס אַרט עס אים, אבי די צאָל זאָל זיין! פון געזונטע כוליגאַנעס און פאַרעטער האָט ער אָרגאַניזירט אַ „געהילפס־פּאָליציי“, וועלכע האָט געהאָלפן כאַפּן מענער, און דער עיקר — געהיט דעם ספּאָרט־פּלאַץ, וו עס האָבן זיך געפונען די מיטגלידער פון פּ.פּ.אָ., כדי קיינעם נישט אַרויסלאָזן פון דאָרטן. גענס האָט באַפוילן, מען זאָל נישט דערלאָזן קיין צוזאַמענטרעפענישן צווישן די מיטגלידער פון פּ.פּ.אָ. און די איינוווינער פון געטאָ, כדי די פאַרטיזאַנער זאָלן נישט קאָנען פירן אַן אַגיטאַציע פאַר אַן אויפשטאַנד קעגן די דייטשן. ער האָט זייער מורא געהאַט פאַר אַן אויפשטאַנד, פאַר אַן אמתן באַוואָפנטן צוזאַמענ־שטויס מיט די הענקער.

* *
*

פיר טעג האָט געדויערט די אַקציע. סוף־כל־סוף האָט זי זיך גע־ענדיקט. דאָס געטאָ איז שוין נישט אַרומגערינגלט.

היינט, דעם לעצטן טאָג, איז אַריינגעפאַלן גענס גוטער חבר ברוידע, דער פאַרבינדונגס־מאַן צווישן די „אַרבייטסאַמטן" פון שטאָט און פון געטאָ.

די אַלע טעג איז אויף ברוידע אַרומגעלאָפן, געשריגן, געכאַפּט, פאַרהאַלטן מענער. היינט האָט ער, דערזעענדיק עטלעכע פּאַשיסטן, געוואָלט, ווייזט אויס, אויספּיינען זיך פאַר זיי. האָט ער אַרויסגעכאַפּט פון שטיוול אַ נאַהייקע און אַ יאָג געטאָן זיך נאָך עמעצן. אָבער, אַרויס־שלעפּנדיק די נאַהייקע, זענען אַרויסגעפאַלן אייניקע פּאַפּירן. די היטלע־ריסטן האָבן אים אָפּגעשטעלט און געהייסן ווייזן די פּאַפּירן. ברוידע האָט געפּרוווט זיך אַרויסדרייען, אָבער זיי האָבן געפאָדערט, ער זאָל ווייזן די פּאַפּירן. דאָס זענען געווען זיינע פאַרגרייטע דאָקומענטן אויף אַ פרעמדן נאָמען און אַן אַנדער נאַציאָנאַליטעט. די פאַשיסטן האָבן אים שרעקלעך צעמזיקט און אַרויסגעשליידערט אויף דעם אויטאָ, וווּ עס זענען שוין געווען אַנדערע געכאַפּטע מענער. גענס האָט געפּרוווט אים ראַטעווען, אָבער ס'האָט נישט געהאָלפן, פאַרקערט, די היטלעריסטן האָבן ספּעציעל קאָנטראָלירט, צי איז אַמאָל נישט אַנטלאָפן דער דאָזי־קער טיפּ.

די אַקציע האָט זיך געענדיקט. די וואַך האָט מען צוגענומען.
וואָס וועט זיין ווייטער?

אגב, עס איז שוין סעפּטעמבער. אָנהויב פון לערן־יאָר און ווידער אָן מיר. אין שול האָט מען מיך שוין, מסתמא, פאַרגעסן. אָדער מען האַלט, אַז איך בין אומגעקומען.

*　*
*

גענס האָט אָוועקגעשיקט די שטאַרקסטע פּאָליציאַנטן און כמעט די גאַנצע געהילפס־פּאָליציי אויף ראסער גאַס, וווּ מען האַלט די געכאַפּטע מאַנצבילן, וועלכע מע דאַרף אַרויספירן קיין עסטלאַנד. די פּאָליציאַנטן האָבן באַדאַרפט העלפן אַריינזעצן זיי אין די וואַגאָנען.

אָבער זיי זענען גיך געקומען צוריק: וואַגאָנען וועלן זיין ערשט מאָרגן.

די ידיעה, אַז אַלע מענער לעבן און וואַרטן אויף וואַגאָנען, האָט אַביסל באַרויקט דאָס געטאָ. אָבער אַלץ איינס איז עס פאַראַליזירט פון פאַרצווייפלונג.

* *
*

די געטאָ־פּאָליציאַנטן זענען ווידער געווען אויף ראַסע־גאַס. געקו־מען צוריק, האָבן זיי דערציילט, אַז זיי האָבן אַלעמען אַריינגעזעצט אין אַן עשעלאָן, וועלכער וועט היינטיקע נאַכט אָפּפאָרן קיין עסטלאַנד.

נאָר גלייכצייטיק האָבן די פּאָליציאַנטן געבראַכט נאָך אַ נייעס, אַן ערגערע. זיי האָבן געהערט, אַז אויפן וואָקזאַל איז אויסגעהאָנגען (אָדער די נאָענטסטע טעג וועט זיין אויסגעהאָנגען) אַן אויפשריפט „Judenfrei", דאָס הייסט, אַז אין שטאָט איז מער נישטאָ קיין יידן...

* *
*

נעכטן האָט מען דערשאָסן גענסן. מיר האָבן וועגן דעם זיך דער־וווּסט ערשט היינט, אָבער שוין נעכטן אַרום האַלבן טאָג האָבן מיר דערשפּירט, אַז עפּעס גרייט זיך. עמעצער האָט דערציילט, אַז ס'איז נעכטן געקומען אַ שליח פון גאָיגעבויערן און צוגענומען ביי געגסן און דעסלערן דאָס געווער — צוויי רעוואָלווערן און גראַנאַטן, וועלכע זיי האָבן געהאַט געטראָגן מיט זיך אַלס באַאַמטע.

געגסן האָט מען אַרויסגערופן אין געסטאַפּאָ.

עס איז געוואָרן אָוונט און ער האָט זיך נישט אומגעקערט. אינדער־פרי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ער איז שוין נישטאָ אויף דער וועלט.

ווו און ווי האָט מען אים דערשאָסן —ווייסט קיינער נישט, אָבער מען זאָגט, אַז נישט אין פּאָנאַר. קיינער בענקט נאָך אים נישט, סיידן אפשר די פּאָליציאַנטן.

די היטלעריסטן לאָזן קיינמאָל נישט איבער לעבעדיק זייערע גע־הילפן, וועלכע זענען עדות פון זייערע פאַרברעכנס. און געגס איז בפי־רוש געווען ביי זיי אַ גוט געהילף. זיי האָבן געהאַט צו אים גרויס צוטרוי, געגעבן אים געווער, פאַרשידענע וויכטיקע פּריווילעגיעס. ער האָט גע־האַט רעכט אַרומצוגיין אָן לאַטעס און אויפן טראָטואַר. ער האָט גע־מעגט קומען און אפילו נעכטיקן אין זיין אַלטער דירה אין שטאָט, וווּ עס זענען געבליבן לעבן זיין פרוי און די טאָכטער. אמת, די פרוי איז פון ליטווישער נאַציאָנאַליטעט. אָבער די טאָכטער האָט דאָך געמוזט זיין

אין געטאָ. די היטלעריסטן האַלטן אפילו אייניקלעך פון יידן פאַר האַלב־יידן.

מיט עפּעס, ווייזט אויס, האָט געגנס דאָך נישט צוגעטראָפן די פּאַשיסטן...

אונדזער שכן פון ערשטן צימער זאָגט, אַז ווען געגנס וואָלט אַזוי־פיל נישט געדרייט מענטשן אַ קאָפּ, אַז נאָר מיט געהאָרכזאַמקייט קאָן מען אויסמיידן פּאָנאַר און דערלעבן די פרייהייט, אַז מיט שטעלן אַ ווידערשטאַנד וועלן מיר צו גאָרנישט נישט דערשלאָגן זיך, נאָר, פאַרקערט, אַרויפברענגען אויף זיך אַן אומגליק — וואָלטן די מענטשן פון געטאָ אַקטיווער זיך איינגעשלאָסן אין קאַמף קעגן די אָקופּאַנטן.

* *
*

פון דער דירה פון געגנסן האָט מען אַרויסגעפירט דאָס גאַנצע מעבל און די זאַכן.

דאָס געטאָ איז אָן אַ פאָרזיצער, מסתמא וועט מען באַשטימען דעספּלערן. ער איז איצט סייווי דער עלטסטער.

* *
*

צום גרוים באַדויערן, וועלן מיר האָבן אַן אומגעוווּנטשענעם פאָרזיצער — קיטעלן אַליין. ער האָט באַפוילן אויסשטאַטן אים אַ קאַבינעט אין געטאָ, אַליין צוגעקליבן מעבל און געהייסן דרינגענד באַנייען עס.

* *
*

די היטלעריסטן טרעטן אָפּ. די רויטע אַרמיי גרייפט אָן ביי סמאָלענסק. איצט איז שוין אַזוי נישט לאַנג געבליבן צו וואַרטן ביז דער פרייהייט!

* *
*

מירען איז געלונגען אַרויסצוגיין פון געטאָ, זי האָפט, אַז גוטע מענטשן וועלן זי באַהאַלטן, אָדער העלפן קריגן פאַלשע דאָקומענטן. אפשר וועט איר געלונגען אויך אונדז אַרויסצוראַטעווען?...

* *

*

ווידער...

קיטעל האָט געפאָדערט טויזנט מענער אויף אַרויסצופירן קיין עסטלאַנד. אַליין האָט זיך אָנגעהויבן פונדאַסניי: סאָלדאַטן האָבן אַרומגערינגלט דאָס געטאָ, די געטאָ-פּאָליציאַנטן האָבן געכאַפּט מענער.

בייטאָג האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז פון געטאָ איז אַנטלאָפן דעמלער מיט זיין פרוי און פאַרכאַפּט מיט זיך די גאַנצע געטאָ-קאַסע. ס'איז אַנטלאָפן אויך דער קאָמענדאַנט פון דער טויער-וואַך, לעוואַס.

הייסט עס, ס'איז שוין גאָר שלעכט...

קיטעל מיט זיין סוויטע שפּרייזט אַרום איבערן געטאָ. די געסטלער זענען פוסט. מיר זיצן הינטער פאַרשלאָסענע טירן און פאַרהאָנגענע פענצטער, נאָר דורך אַ שפּעלטעלע דערזעען מיר זיך נאָכצוקוקן די געסטאַפּאָ-לייט.

קיטעל האָט געהייסן דערלאַנגען אים אין קאַבינעט אַ מיטאָג. ער מיט זיינע לייט שיכורן, און די פּאָליציאַנטן כאַפּן מענער. אָבער איצט איז דאָס זיי נאָך שווערער: קיינער וויל זיי נישט פאָלגן.

פאַרנאַכט איז קיטעל אַרויס פון קאַבינעט. עטלעכע קאָמענדאַנטן פון די פּאָליציי-צירקלען האָבן אים הכנעדיק געבעטן צו פאַרלענגערן די אַקציע נאָך אויף איין טאָג, ווייל זיי האָבן בשום אופן נישט באַוויזן אויפצוקלייבן די נייטיקע צאָל. קיטעל האָט געענטפערט, אַז ער רופט בכלל אָפּ די אַקציע. די געכאַפּטע מענער זאָל מען אָפּלאָזן אַהיים.

קיטעל האָט אָפּגעגעבן אַ באַפעל צו פאַרהתמענען דעסלערס דירה און איז אַוועק פון געטאָ. עס איז אַוועק אויך די וואַך, וואָס האָט געהאט אַרומגערינגלט דאָס געטאָ.

איבער אונדז האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ שווערע, אומרואיקע נאַכט.

* *

*

ס'איז שטיל. אין געטאָ — קיין איין היטלעריסט. מסתמא ווייל ס'איז זונטיק. דער טויער איז פאַרמאַכט און עפנט זיך נישט: קיינער גייט נישט אַריין, און קיינער גייט נישט אַרויס. ווען מען וואָלט כאָטש אַזוי לאָזן לעבן, זאָל זיין אפילו אָן עסן! מיר וואָלטן, דוכט זיך, אויסגעהאַלטן. גאָר גיך וועט דאָך זיין דאָ די רויטע אַרמיי!

* *
*

קיטעל איז ווידער אין געטאָ. אָנשטאָט דעסלערן האָט ער אַלט פּאָליציי־שעף באַשטימט אָבערהאַרטן.

מען האָט געבראַכט צען לאַסט־אויטאָס מיט שינעלן און העמדשקעס. די ווייבער זאָגן, אַז אויף דער באַן־סטאַציע שטייען זיבן וואַגאָנען מיט זאַכן. אויב זיי וואָלטן זיך קלייבן צו ליקווידירן דאָס געטאָ, וואָלטן זיי דאָך גאָרנישט נישט געפירט אַהער.

* *
*

דער לעצטער אָוונט פון סעפּטעמבער. אונדז האָט ווידער אַרומגעכאַפּט אַ בלייענע שרעק. ס'האָט נאָך גאָרנישט נישט פּאַסירט, אין געטאָ איז נאָך נישטאָ קיין איין היטלעריסט, אָבער די שרעק מאַטערט.

ביינאַכט איז אין די שניידערײַ־וואַרשטאַטן (ווו עס האָט געאַרבעט די ביינאַכטיקע שיכט) געקומען אָבערהאַרט און געהייסן גיך אויפנייען אים אַ באַנד אויפן אַרבל. ווען דער באַנד איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער אים אָנגעטאָן אויף דער האַנט און איז אַוועק. ער האָט גאָרנישט נישט גערעדט, גאָרנישט נישט דערקלערט, נאָר אויף אים איז קענטיק געווען, אַז עפּעס קומט פאָר.

גרויער באַגינען. אין געטאָ רודערט זיך: מענטשן מיט קינדער און פּעק איילן צו די מעלינעס. דאָס מאָל האָבן זיך אונטערגעגעבן דער אַלגעמיינער פּאַניק אויך די געטאָ־פּאָליציאַנטן. און דאָס האָט נאָך פאַרגרעסערט די שרעק.

עס איז געקומען קיטעל מיט עטלעכע געסטאַפּאָ־לייט. ביים טויער האָט זיי איבערגענומען אָבערהאַרט און באַגלייט זיי צום הויף פון יודענ־

ראַט. דערביי געהייסן עטלעכע פּאָליציאַנטן, וועלכע זענען נאָך געשטאַנען אויף זייערע פּאָסטנס, זיי זאָלן צונויפרופן אויף אַ פאַרזאַמלונג אַלע אײַנוווינער פון געטאָ פאַר אַ וויכטיקער מיטטיילונג.

איך בין אויך געלאָפן אויף דער פאַרזאַמלונג.

די היטלעריסטן זענען אַרויף אויפן בריקל פון דעסלערס דירה, געהייסן ברענגען אַ הויכרעדער. איינער האָט פאָרגעלייענט פּאָלגנדיקן באַפעל פונעם געסטאַפּאָ-שעף: די יידן פון ווילנער געטאָ, וועלכע זענען אַהער אַריין מיט צוויי יאָר צוריק, ווערן עוואַקואירט אין צוויי אַרבעטס-לאַגערן. איינער פון זיי געפינט זיך אין עסטלאַנד, דער צווייטער — גופא אין ליטע, לעבן שאַוול. די עוואַקואַציע מוז דורכגעפירט ווערן אין משך פון היינטיקן טאָג. מיט זיך מעג מען נעמען אַזויפיל זאַכן, וויפל מען וועט קאָנען אַליין דערטראָגן.

דער פאָרלייענער האָט פון זיך צוגעגעבן, אַז ער ראַט מיטצונעמען אַן עמער, טעפּ און אַנדערע ווירטשאַפט-זאַכן, ווייל אויפן נייעם אַר-בעטס-אָרט וועט מען דאָס נישט געבן. אין פיר שעה אַרום דאַרפן מיר זיין גרייט אין וועג.

דער היטלעריסט האָט נאָכאַמאָל איבערגעלייענט דעם באַפעל. נאָכדעם האָט אים צוויי מאָל איבערגעחזרט אין יידיש אָבערהאַרט.

מען דאַרף גיין אַהיים, און צו עלף אַזייגער פאַרזאַמלען זיך אויף רודניצקי-גאַס.

איך ברענג דער מאַמען די אומעטיקע ידיעה. ראַיעלע גיט אויף אונדז אַ קוק מיט דערשראָקענע אויגן: „און טאָמער זאָגן זיי נישט דעם אמת און וועלן יאָגן קיין פּאָנאַר?“ וואָס קאָן איך איר ענטפערן, אַז איך אַליין קלער וועגן דעם?

די מאַמע הייסט די קינדער אויסלייזדיקן זייערע פאָרטפעלן — זי וועט יעדערן אַריינלייגן צוביסלעך וועש.

— און מיינע ביכעלעך וועלן מיר נישט נעמען? — פרעגט אַ דער-שראָקענער ראובעלע. — דאָרטן וועט מען נישט לאָזן לייענען?

— אַז מיר וועלן זיין פריי, מיין קינד, וועסטו שוין לייענען, — טרייסט אים די מאַמע. אָבער איר שטים ציטערט אַזוי, אַז ראובעלע קוקט אויף איר מיט שרעק.

די מאַמע פּאַקט די זאַכן. די קינדער זיצן אויפן בעטל און קוקן איר נאָך. זעענדיק, אַז זי וויינט, פינטלען זיי אויך מיט זייערע גרויסע אייגעלעך.

איך פּרוּוו דערוווייזן, אַז מען דאַרף נישט וויינען — אפשר וועלן זיי באמת פירן אין אַ לאַגער. אויב דאַרטן וועט אפילו זיין ערגער, וועלן מיר אַלץ איינס אויסהאַלטן — שוין נישט לאַנג געבליבן צו וואַרטן אויף דער באַפרייונג. אָבער נישט איך אַליין גלויב אין דעם לאַגער, נישט מיינע ווערטער טרייסטן זיי.

איך שטיי ביים פענצטער. אין הויף איז בלאָטיק. פרילינג וועט דאָ זיין טרוקן. נישט נאָר דאָ — אומעטום. עפּל־ביימער וועלן בליען. פון ווינט וועלן די בלעטעלעך זיך באַוועגן, ווי לעבעדיקע. אַ גוטער ריח וועט שמעקן. דער הימל וועט זיין העל־בלוי אין זייער גרויס. ווי גוט עס איז אויף אים צו קוקן, אָדער אַריינשפּיליען אין די האָר אַ בלימל! איצט, אויב איך וואָלט נאָר געלעבט, וואָלט איך שוין געקענט זיך פרייען!

די מאַמע זאָגט, אַז מען דאַרף שוין גיין.

אין די געסעלעך איז פול מיט מענטשן. שטילע, דערשלאָגענע, שפּאַנען זיי אין איין ריכטונג — צו רודניצקי־גאַס. איינע שלעפּן גרויסע פּעק, די אַנדערע טראָגן כמעט גאָרנישט. צוליב וואָס נאָך שווערער מאַכן די לעצטע שעהן?

איך טראָג אַ טשעמאָדאַן, אַ פּעקל, אויפן פּלייצע — דעם טאַטנס האַרבסט־מאַנטל, וועלכן דער לערער יאָנאַיטיס האָט דעמלט געבראַכט צום געטאָ־טויער. די מאַמע האָט אַלץ נישט געקאָנט זיך אַנטשיידן צו פאַרקויפן אים.

אויף רודניצקי־גאַס איז שוואַרץ פון מענטשן. מסתמא גייען אַלע. אויב אַ ליקווידאַציע, האָט נישט קיין זין צו בלייבן אין אַ מעלינע. די היטלעריסטן וועלן געוויס אָפּטאָן דעם זעלבן שפּיצל, ווי נאָך דער ליקווידאַציע פון צווייטן געטאָ: דאַן האָבן זיי אין יענעם ראַיאָן אויסגעשלאָסן דאָס וואַסער, דאָס פייער און אַוועקגעשטעלט אַ וואַך. ווער עס האָט געוואַגט אַרויסרוקן די נאָז — האָט מען געכאַפּט, די איבעריקע זענען אַליין אומגעקומען פון שטיקעניש און דורשט.

מיר דערנענטערן זיך צום טויער. כ'בין דאָ אַזויפיל אַרומגעגאַנגען די לעצטע יאָרן. צי וועל איך נאָך ווען קומען אַהער? צי וועל איך נאָך ווען זען די הייזער, פענצטער, דעם קלויסטער־טורעם, וואָס סטאַרטשעט פון יענער־זייט טויער?

ביים טויער שטייען נאָיגעבויער, קיטעל, וויים און נאָך עטלעכע געסטאַפּאָ־לייט, זיי ציילן די אַרויסגייענדיקע. איינער הייבט איבער

אונדזערע קעפּ אויף זיין שטעקעלע, דערלייגט צו דער אַלגעמיינער צאָל נאָך פיר, און מיר גייען אַרויס.

אויף דער גאַס, פון ביידע זייטן, שטייען אויף די טראָטואַרן סאָל־דאַטן מיט הינט. דורך אַזאַ וואַך וועסטו זיך שוין נישט דורכרייסן.

מיר גייען דורך דער העטמאַן־גאַס, שניידן דורך די ברייטע גאַס און פאַרקערעווען אויף סובאָטש. אָט איז די פילהאַרמאָניע. דאָ איז אונדזער שול־כאָר אַרויסגעטראָטן אויף דער אָלימפּיאַדע.

כ'האָב שוין אינגאַנצן קיין כוח נישט צו שלעפּן די זאַכן. דעם טאַטנס מאַנטל גליטשט זיך אַלע ווײַלע אַראָפּ פון פּלייצע. נישט מיר אַליין איז שווער — אין בלאָטע וואַלגערן זיך אַ סך אַוועקגעוואָרפענע פּעק. צוליב זיי איז נאָך שווערער צו גיין. מען דאַרף זיי איבערשפּרייזן אָדער אַרומגיין. און קיין כוח איז נישטאָ. די מאַמע הייסט וואַרפן דעם מאַנטל, אָבער איך קאָן נישט, ווי איך וואָלט דערמיט אַוועקגעוואָרפן דעם פּאַפּאַ גופא.

דער מאַנטל גליטשט זיך פאָרט אַראָפּ. כ'וויל אים אויפהייבן, נאָר עמעצער איז אַרויפגעטראָטן אויפן אַרבל. איך פּרוּוו אַרויסציען, נאָר מען שרייט אויף מיר, אַז איצט איז נישטאָ וואָס צו טרייסלען זיך איבער אַ שמאַטע. די מאַמע בעט נישט אָפּשטיין, מיר זאָלן נישט פאַרלירן איינע די אַנדערע.

דער מאַנטל איז געבליבן ליגן, מען טרעט אויף אים אָן רחמנות...

נישט ווײַט פון ראַסער גאַס בלייבן מיר שטיין. אַ שפּאַרעניש. די, וועלכע גייען פון פאָרנט, רירן זיך כמעט נישט.

וואָס איז דאָרט געשען? עס קאָן דאָך נישט זיין, אַז מען זאָל שיסן דאָ אויפן אָרט, אין שטאָט גופא. אפשר זעצט מען אַריין אין אויטאָס?

מיר דערוויסן זיך, אַז מען יאָגט אין עפּעס אַ טויער, וואָס הינטערן קלויסטער. די מענער לאָזט מען אויף דער גאַס, אָדער מען טרייבט זיי אביסל פאָרויס. די פרויען און קינדער יאָגט מען אין הויף אַריין.

די פרויען וויינען, געזעגענען זיך מיט זייערע מענער און ווינטשן זיי לאַנג לעבן (זיי וועט מען, מסתמא, פירן צו דער אַרבעט). לעבן אונדז געזעגנט זיך אַ פאָרפּאָלק זייער רואיק — זיי גיבן איינער דעם צווייטן אַ דריק די האַנט און גייען זיך פאַנאַנדער, ווי זיי וואָלטן זיך באַלד דאַרפן ווידער טרעפן. אַ יונגע פרוי שפּאַרט זיך אויף צוריק. זי האַלט אין האַנט מענערישע קליידער. מסתמא וויל זי דאָ גופא, צווישן דעם עולם, זיך איבערטאָן און גיין צוזאַמען מיטן מאַן.

דער הויף איז אַ גרויסער, פול מיט סאָלדאַטן. אויפן נאַסן גראָז ליגט מען די געבראַכטע פון שפּיטאָל שווער קראַנקע. אַנדערע ליגט מען אויף דער ערד, אַנדערע לאָזט מען ליגן אין די טראָגבעטלעך. צווישן די קראַנקע דרייען זיך אַרום, זוכנדיק, ווו זיך צוטוליען, דערפרוירענע יתומים פון קינדער־היים. זייענדיק מיט נאַקעטע אָפּגעראַזירטע קעפּע־לעך, ציטערן זיי פון קעלט אין זייערע דינע בגדימלעך.

אונדז טרייבט מען ווייטער אין טאָל. אַרום דעם טאָל שטייט אויך אַ געדיכטע קייט סאָלדאַטן. אפילו אין שמאָלן געסעלע, וואָס ציט זיך ווייט הינטערן טאָל, שטייען לעבן יעדער שטוב און אויף די דעכער סאָלדאַטן מיט קוילנוואַרפערס...

הייסט עס, טאַקע דאָ, אין שטאָט גופא...

די פיס זינקען. מיר שלעפּן זיי קוים אַרויס. קריכנדיק איבער די בלאָטעס, דערנענטערן מיר זיך צו די סאָלדאַטן. איינער הייבט אויף דעם אויטאָמאַט... ניין, דאָס ווייזט ער נאָר, אַז מיר זאָלן גיין ווייטער. מסתמא וועט ער שיסן אין רוקן, כ׳האָב מורא אַ קוק צו טאָן. ער זאָל כאָטש טרעפן גלייך אין האַרצן!...

כ׳האָב זיך פאַרט אומגעדרייט און אַ קוק געטאָן. די סאָלדאַטן שטייען ווי געשטאַנען — גלייכגילטיק בייזע.

אין טאָל יאָגט מען אַלץ מער מענטשן. מיר זענען שוין מיד צו שטיין. כ׳האָב אַראָפּגעלאָזן דעם טשעמאָדאַן אין בלאָטע. די מאַמע האָט גאָרנישט נישט געזאָגט. מיר האָבן זיך מיט איר אַוועקגעזעצט אויפן טשעמאָדאַן. די קינדער גענומען אויפן שויס.

פון געטאָ ציט זיך אַן אומענדלעכער שטראָם מענטשן. אַ גודנער רעגן הערט נישט אויף צו שפּריצן קיין איין מינוט. מיר זענען שוין אינ־גאַנצן דורכגעווייקט. עס רינט פון די האָר, פון נאָז, פון די אַרבל. די מאַמע הייסט די קינדער, זיי זאָלן העכער אויפהויבן די פיס, כדי נישט אייננעצן זיי. לעבן אונדז „בויט“ אַן אַנדער מאַמע פאַר אירע קינדער אַ „דאַך“: אַריינגערוקט אין דער ערד עטלעכע פלעקלעך און פאַרדעקט זיי מיט אַ מאַנטל. ווי מאָדנע ס׳איז אין אַזאַ מאָמענט מורא צו האָבן פאַר אַ קאַטער...

די מאַמע וויינט. איך בעט ביי איר, זי זאָל כאָטש צוליב די קינדער זיך באַרויקן. אָבער זי קאָן נישט. ווי נאָר זי גיט אַ קוק אויף אונדז, הייבט זי אָן נאָך ביטערער צו וויינען.

און מענטשן גייען און גייען... אין גיכן האָט מען גאָר אַזוי פֿיל מענטשן נישט געזען. באַלד וועט ווערן פֿינצטער. ביז עס זעט זיך נאָך, דאַרף מען קוקן אויף די ביימער, אויף די פֿויגל־נעסטן, אויף די צווייגן, ווייטע הייזער, אויף יעדן פֿענצטער. מער וועל איך דאָך דאָס קיינמאָל נישט זען. אַלץ לעבט — יעדעס בלעטעלע, יעדער טראָפּן רעגן, אַפֿילו אַ קליין פֿליגעלע. דאָס פֿליגעלע וועט מאָרגן אויך לעבן, און מיר וועלן שוין נישט זיין... ניין, ניין! איך וועל נישט גיין קיין פּאָנאַר! כ׳וועל בלייבן דאָ! כ׳וועל זיך אַריינגראָבן אין דער ערד, אָבער אינערגעץ נישט גיין. איך וויל נישט שטאַרבן! נאָר די, וועלכע מען האָט פֿריער דערשאָסן, האָבן דאָך אויך נישט געוואָלט...

שוין פֿינצטער. עס רעגנט נאָך אַלץ. די סאָלדאַטן באַלויכטן אונדז פֿון צייט צו צייט מיט ראַקעטעס. זיי היטן, אַז מיר זאָלן נישט אַנטלויפֿן. נאָר ווי אַנטלויפֿט מען, אַז די וואַך איז דאָ אַזאַ שטאַרקע?

ראובעלע גיט זיך אַ צאַפּל אין שלאָף. ער האָט איינגעדרעמלט, אָנגעשפּאַרט דאָס קעפּל אין מיין פּלייצע. זיין וואַרעמער אָטעם קיצלט מיר דעם האַלדז. זיין לעצטער שלאָף. און איך קאָן גאָרנישט נישט טאָן, אַז אָט דאָס וואַרעמע, אָטעמענדיקע קערפּערל זאָל מאָרגן נישט ליגן אין אַן ענגער גרוב, אַ גליטשיקער פֿון בלוט. אויף אים וועלן פֿאַלן אַנדערע. אפֿשר אַפֿילו איך אַליין...

מען האָט ווידער אויסגעשאָסן אַ ראַקעטע. זי האָט אויפֿגעוועקט ראובעלען. ער האָט צעעפֿנט ברייט די אויגעלעך, מיט שרעק זיך אומגעקוקט, טיף, גאָר נישט קינדעריש, אַ זיפֿץ געטאָן.

ראַיעלע שלאָפֿט נישט. זי האָט שוין אינגאַנצן פֿאַרמאַטערט די מאַמע מיט אירע פֿראַגן: צי וועט מען יאָגן קיין פּאָנאַר? און ווי — צופֿוס אָדער מען וועט פֿירן אויף אויטאָס? אפֿשר וועט מען פֿאָרט פֿירן אין אַ לאַגער? וווּ וואָלט די מאַמע בעסער וועלן — אין שאַוול צי אין עסטלאַנד? און ווען מען דערשיסט, טוט וויי? די מאַמע ענטפֿערט עפּעס דורך טרערן. ראַיעלע גלעט זי, באַרואיקט און, נאָך אַ ווײַלע באַטראַכטן זיך, פֿרעגט זי ווידער עפּעס.

נאָך איין ראַקעטע באַלייכט דעם טאָל, די אַרומיקע געסעלעך, די פֿאַרגליווערטע סאָלדאַטן.

די מאַמע וויינט נאָך אַלץ: „אַזעלכע דריי קינדער אָפּגעבן, אַזעלכע קינדער!“

די נאַכט ציט זיך זייער לאַנגזאַם...

די פינצטערניש הייבט צוביסלעך אָן פאַנאַנדערגיין זיך. מסתמא וועט מען שוין באַלד פירן.

ס'איז שוין כמעט ליכטיק. עמעצער האָט אַ פרעג געטאָן ביי אַ סאָלדאַט, פאַרוואָס האַלט מען אונדז נאָך דאָ. צו אַלעמענס חידוש האָט ער געענטפערט, אַז נעכטן האָט מען נישט באַוויזן „אויסצורייניקן" דאָס גאַנצע געטאָ, דעריבער וועט מען פריער אַלעמען ברענגען אַהער.

לעבן אונדז, אויף אַ צווייג, האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ שפערל. אַ דריי געטאָן מיטן קעפעלע, זיך אַרומגעקוקט און אַוועקגעפלויגן. אַריבערגע־פלויגן אויף יענער זייט, הינטער דער וואַך. אַ פייגעלע מעג.

פון געטאָ האָט מען געבראַכט צו טרייבן נייע מענטשן. צווישן זיי אויך די פאַמיליעס פון די פּאָליציאַנטן. די פּאָליציאַנטן גופא האָט מען פאַרהאַלטן אויף דער גאַס, לעבן טויער, ווי אַלע איבעריקע מענער. פונ־דעסטוועגן האָבן זיי אויך נישט אויסגעמיטן דעם אַלגעמיינעם גורל.

צו אונדז האָט זיך צוגעזעצט איינע אַ פרוי פון די ניי אָנגעקומע־נע. זי האָט געזען, ווי אויבן, אויפן הויף, האָט מען אָקאָרשט אויפגע־האָנגען צוויי מענער און איין מיידל — געטאָ־פּאַרטיזאַנער. מען האָט זיי פאַרהאַלטן אין שטאָט. נישט וועלנדיק זיך אונטערגעבן, האָבן זיי גע־עפנט אַ פייער. איין היטלעריסט אָפּגעלייגט, עטלעכע פאַרוואונדעט. אָבער פאַשיסטן איז געווען מער. זיי האָבן אַנטוואָפנט די פּאַרטיזאַנער און גע־בונדענע געבראַכט אַהער, אַז אַלע זאָלן זען, ווי מען וועט זיי הענגען. מען זאָגט, אַז דער דערהרגעטער היטלעריסט איז גראָס — דער אויס־פאָרשער פאַר פּאַרטיזאַנער־ענינים.

אַלע דריי פּאַרטיזאַנער זענען אומגעקומען זייער העלדיש, מיט הויך אויפגעהויבענע קעפּ, מיט אַ שמייכל אויף די פּנימער. אפילו דאָס מיידל, נאָך גאָר אַ קינד, האָט מיט פאַראַכטונג אַ קוק געטאָן דעם הענ־קער אין די אויגן און אַ שפּיי אים געטאָן אין פּנים. זי האָט זיך אומגע־קערט מיטן פּנים צום טאָל — זאָלן אַלע זען, אַז זי שמייכלט!...

די, וועלכע זענען געזעסן נעענטער, האָבן דערקענט די פּאַרטיזאַ־נער. דאָס זענען געווען אסיא ביג, י. קאַפּלאַן און א. כוואַיניק.

די סאָלדאַטן הייסן אונדז זיך אויפשטעלן און גיין אַרויף, צוריק אין הויף. די זאַכן זענען נאַס, בלאָטיק. איז אויף וואָס דאַרפן מיר זיי דעם משעמאָדאַן האָב איך נאָך גענומען, נאָר דער פּאַק איז געבליבן שטעקן אין דער בלאָטע.

אין הויף איז אַ שטופּעניש. קוים וואָס מיר רירן זיך. וואָס נעענ־ מער צום טויער, אַלץ גרעסער די שטופּעניש. צי דען לאָזט מען נישט אַרויס? פון טאָל גייען אַלץ נייע און נייע מענטשן. ווי קאָן מען איינ־ האַלטן אַזאַ מענגע? מען האָט אונדז שוין איינגאַנצן צעקוועטשט.

וואָס טוט זיך דאָרטן ביים טויער? מען הרגעט? מען בינדט? אָדער מען זעצט לאַנגזאַם אין די אויטאָס?

דער טויער איז גאָר פאַרמאַכט. מען לאָזט אַרויס דורך אַ קליין טירעלע. מיר דערנעענטערן זיך. אַרויסגיין הייסט מען איינציקווייז. די מאַמע האָט מורא, אַז מיר זאָלן נישט פאַרלירן איינע די אַנדערע. זי הייסט מיר גיין די ערשטע. הינטער מיר וועט גיין ראובעלע, נאָך אים ראַיעלע, און די לעצטע — זי אַליין. אַזוי וועט זי אונדז אַלעמען זען.

איך גיי אַרויס. אַ סאָלדאַט גיט מיר אַ שלעפּ פאַרן מאַנטל און שטופּט אָפּ אין אַ זייט. קיין אויטאָס זעען זיך נישט. איך דריי זיך אום, כדי צו זאָגן וועגן דעם דער מאַמען, אָבער זי איז נישטאָ. אין דער גאַנצער ברייט פון גאַס שטייט אַ קייט פון סאָלדאַטן. הינטער דער קייט — נאָך איינע, פון יענער־זייט — אַ גרויסע מענגע. די מאַמע איז אויך דאָרטן. איך לויף צו צום סאָלדאַט און בעט, ער זאָל מיך דורכלאָזן אַהין. כ'דערקלער, אַז על פּי טעות האָט מען מיך צעשיידט מיט מיין מאַמען. אָט שטייט זי. דאָרטן איז מיין פאַמיליע, איך דאַרף זיין מיט איר.

איך טענה, בעט זיך, אָבער דער סאָלדאַט הערט מיך אפילו נישט. ער קוקט אויף די פרויען, וועלכע גייען אַרויס דורכן טירל. פון צייט צו צייט שטופּט ער אַמאָל איינע, אַמאָל אַ צווייטע אין אונדזער זייט. די איבעריקע יאָגט מען אַהין, צו יענער מענגע, ווו די מאַמע איז.

פּלוצלינג האָב איך דערהערט דער מאַמעס שטים. זי שרייט, אַז איך זאָל נישט גיין צו איר! און דעם סאָלדאַט בעט זי, ער זאָל מיך אַהין נישט לאָזן, ווייל איך בין נאָך יונג און קען גוט אַרבעטן...

„מאַמע“ — שריי איך מיט אַלע כוחות. — „קום דו צו מיר!“ אָבער זי שאָקלט מיטן קאָפּ און מיט אַ מאָדנע הייזעריקער שטים שרייט זי: „לעב, מיין קינד! כאָטש דו איינע לעב! נעם נקמה פאַר די קינ־ דער!“ זי בויגט זיך איין צו זיי, זאָגט עפּעס און שווער, איינציקווייז הייבט זי זיי אויף, איך זאָל זיי זען. ראובעלע קוקט אַזוי מאָדנע... ער מאַכט מיט אַ הענטל...

מען האָט זיי אָפּגעשטופּט. מער זע איך זיי נישט.

כ'קריך אַרייַן אויף אַ שטיין און קוק אַהין, אָבער די מאַמע איז נישטאָ.

ווו איז די מאַמע? פאַר די אויגן שווימען שוואַרצע רעדער. מסתמא פון אָנשטרענגונג. אין די אויערן קלינגט, רוישט... פונוואַנען איז אויפן גאַס אַ טייך?... יאָ, דאָס איז נישט קיין טייך — בלוט... אַ סך בלוט, עס שוימט... ראובעלע מאַכט מיט אַ הענטל, בעט זיך צו מיר. נאָר איך קאָן בשום אופן נישט דערלאַנגען צו אים מיט מיין האַנט... איך שאָקל זיך עפּעס. מסתמא זינקט דאָס איינדזעלע, אויף וועלכן איך שטיי, עס ווערט דערטרונקען. איך טרינק זיך...

פאַרוואָס ליג איך? ווו איז אַהינגעקומען דאָס וואַסער?

נישטאָ דאָ קיין שום וואַסער. איך ליג אויפן טראָטואַר, איבער מיר האָבן זיך אָנגעבויגן עטלעכע פרויען, איינע האַלט מיין קאָפּ, די צווייטע ציילט דעם פּולס.

ווו איז די מאַמע? כ'מוז זען די מאַמע! די פרויען לאָזן מיך נאָך נישט אויפשטיין — כ'האָב געהאַט געחלשט. איך פלעג דאָך קיינמאָל נישט חלשן.

עס זענען געקומען קיטעל, ווייס מיט נאָך עטלעכע געסטאַפּאָ-אָפיצירן. די פרויען האָבן מיך גיך אויפגעהויבן. די היטלעריסטן האָבן אונדז אַרומגעקוקט און געהייסן זיך אויסשטעלן צו צען אין ריי.

זיי ציילן עטלעכע מאָל. מסתמא שטימט אַלץ נישט דער חשבון. קיטעל שרייט צו די סאָלדאַטן, וואָס שטייען ביים טויער, זיי זאָלן צו-געבן אַהער נאָך זיבן מענטשן און — געענדיקט. אַלע איבעריקע זאָלן זיי שיקן אויף לינקס.

מיר זענען 1700. מען הייסט אונדז גיין. איך קוק אַהין, ווו עס זענען געבליבן די מאַמע מיט ראַיעלען און ראובעלען... דורכן טירל גייט מען נאָך אַלץ...

מען פירט אונדז דורך ראַסער גאַס. דאָרט פּאַרטרייבט מען אונדז אין אַ גרויסן הויף, וואָס געפינט זיך מסתמא נישט ווייט פון דער אייזנ-באַן-סטאַנציע, דאָס איז צו זען דערפון, וואָס דאָ זענען פאַראַן פראַכט-וואַגאָנען.

מען צעשטעלט אונדז צו אַכציק מענטשן ביי אַ וואַגאָן. מיר מוזן שטיין אומבאַוועגלעך, פאַר יעדן ריר — שיסן.

לעבן די וואַגאָנען דרייען זיך אַרום אייזנבאַנער. איינע קאָנטראָ-לירן, קלאַפּן אויס די רעדער, אַנדערע טוען גאָרנישט, זיי גלאָצן נאָר

אויף אונדז די אויגן. עטלעכע פון אונדזערע מיידלעך, מער דרייסטע, פרעגן שטילערהייט, צי ווייסן יענע נישט, וווהין מען פירט אונדז? אַלס ענטפער קוועטשן די אייזנבאַנער מיט די פּלייצעס, אָדער קוקן זיך אום מיט שרעק, צי האָט עמעצער נישט באַמערקט, ווי זיי שמועסן מיט אונדז. אייניקע פּרוּוון זיך באַרואיקן אונדז. בלויז איין יונגער שנעק רייצט זיך, אַז מען וועט אונדז פירן קיין פּאָנאַר. ער אַליין ווייסט כלומרשט פירן דעם עשעלאָן.

מען צעעפנט די וואַגאָנען און מען הייסט אַריינקריכן. די פּלאַט־פאָרמעס זענען זייער הויכע, קלעטערן מיר קוים מיט צרות אַרויף, דערלאַנגענדיק איינע דער אַנדערער אַ האַנט. די סאָלדאַטן טרייבן, שלאָגן, הייסן גיכער אַריינקריכן. אין וואַגאָן איז שוין פול געפּאַקט, און מען יאָגט אַהער נאָך נייע מענטשן. דאַן נעמען די סאָלדאַטן אַליין „מאַכן אָרדענונג". זיי זעצן מיט די ביקסן־קאָלבעס איבער אונדזערע קעפּ, בריקען מיט די פּיס, מיר זאָלן זיך צוזאַמענשפּאַרן.

עס איז צוגעגאַנגען אַן אָפיציר, איבערגעציילט די מענטשן אין וואַ־גאָן, פאַררוקט די טיר און פאַרשפּאַרט מיט אַ ריגל.

ס'איז פינצטער. סאַמע אונטערן דאַך זענען פאַראַן עטלעכע פאַר־קראַטעטע פענצטערלעך. איינע אַ פרוי אין ווינקל גיט אַ זיפץ, אַז אפילו בערד פירט מען נישט אין אַזאַ ענגשאַפט. ווידער שטיל... די היטלע־ריסטן לויפן אַרום לענגאויס דעם עשעלאָן, שרייען, באַפעלן עפּעס. מאָנאָטאָן קלאַפּט אין דאַך אַ רעגנדל...

וווּ איז איצט די מאַמע? וואָס וועט מען מיט זיי אַלעמען טאָן? אפשר וועט מען נאָכאַמאָל סאָרטירן? דער יונגער אייזנבאַנער, וואָס האָט זיך מיט אונדז גערייצט, האָט דאָך געזאָגט, אַז אונדז פירט מען אויך קיין פּאָנאַר. איז צוליב וואָס האָט מען אונדז צעשיידט? מסתמא פעלן וואַגאָנען אויף צו פירן אַלעמען, האָבן זיי באַשלאָסן „מאַכן אַ שפּאַס". און מאָרגן, שיכורנדיק, וועלן זיי זיך פריינען, ווי קלוג זיי האָבן אונדז אָפּגענאַרט, אָפּגעקליבן די געזונטסטע, די יונגע, און מיר, די נאַראָנים, האָבן געמיינט, אַז מען פירט אונדז טאַקע אויף אַרבעט... איך וויין. מיט וואָס האָב איך געזינדיקט? מיט וואָס האָבן זיך פאַר־זינדיקט מיין מאַמע, די איבעריקע מענטשן? צי דען וועט מען זיי דערמאָרדן נאָר דערפאַר, וואָס זיי זענען יידן? פונוואַנען נעמט זיך די ווילדע שנאה צו אונדז? פאַרוואָס?

דער וואַגאָן האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט. מיר פאָרן... און די מאַמע? וווּ איז די מאַמע? פאַרוואָס האָט מען אונדז צעשיידט? שטאַרבן וואָלט דאָך אויך נישט געווען אַזוי שרעקלעך לעבן איר...

* *

*

מיר דערווייטערן זיך פון ווילנע...

די פרויען האָבן גענומען רעדן, אַז דער צוג הויבט אָן גיין לאַנגזאַמער. פאָנאַר!!!

די, וועלכע זענען געזעסן נעענטער צום פענצטערל, האָבן אונטערגעהויבן אַ מיידל און זי האָט, קוקנדיק אין פענצטערל, באַשטעטיקט, אַז מיר זענען לעבן אַ וואַלד. די סאָלדאַטן, וועלכע באַגלייטן אונדז, לאָזן אַרויס ראַקעטעס און באַלויכטן דעם וואַלד. עס זעט זיך אַ צוים פון שטעכלדראָט. אינדערווייטן, צווישן די ביימער, זעט זיך עפּעס געלס, איז עס נישט אַמאָל דאָס זאַמד אַרום די גריבער? דער צוג רירט זיך קוים. באַלד וועט ער זיך אָפּשטעלן... געקומען דער טאָג פון מיין טויט... דער 24 סעפּטעמבער 1943. ניין! כ'וועל נישט גיין! זאָלן זיי דערשיסן דאָ אויפן אָרט, אָבער אַהין וועל איך נישט גיין!

דער צוג האָט ווידער אַ ריס געטאָן זיך פון אָרט... ער האָט זיך אָפּגעשטעלט?... ניין, מיר פאָרן נאָך. אפילו גיכער! אַוועק פון פאָנאַר?!

מיר פאָרן טאַקע... די רעדער קלאַפּן, פירן אַוועק אַלץ ווייטער פון ווילנע, פון דער מאַמען. וווּ איז זי איצט?

נאַכט. אַ לאַנגע שוואַרצע נאַכט. ווען כ'וואָלט כאָטש אויף איין ווייַלינקע קאָנען אויסציִען די פאַרגליווערטע פיס...

אין די פענצטערלעך נעמט ווערן ליכטיקער. עס טאָגט. דער צוג שטעלט זיך אָפּ. אפשר וואָלט מען קאָנען בעטן אַ ביסל וואַסער. ס'ווילט זיך זייער טרינקען.

מיר פאָרן ווייטער. ס'איז מיר היים, דושנע, איך פיל זיך זייער שלעכט. ווען די רעדער וואָלטן אַזוי נישט געקלאַפּט, אפשר וואָלט עמעצער פון דער וואַך דערהערט אונדזער קול און געבראַכט אַביסל וואַסער. אפשר וואָלט מען כאָטש אויף אַ ווײַלע געעפנט די טיר, אַרײַנגעלאָזן אַביסל פרישע לופט. מיר ווערן דאָך דערשטיקט.



אַ געלער קרייז מיט דעם אות „יודען", וועלכן עס האָבן געטראָגן די יידן אויפן ברוסט אָדער אויף דער פּלייצע

דער צוג שטעלט זיך ווידער אָפּ. מסתמא זענען מיר געקומען צו אַ גרויסער שטאָט. עס הערט זיך, אַז אויף דער סטאַנציע איז פול מיט מענטשן.

מענטשן גייען פאַרביי אונדזער עשעלאָן. מיר פּויקן מיט די פויסטן אין די ווענט, בעטן, מען זאָל עפענען. קיינער ענטפערט נישט. עטלעכע פרוייען, וועלכע מען האָט אונטערגעהויבן צום פענצטערל, בעטן ביי יעדן פאַרבייגייענדיקן כאָטש אַביסעלע וואַסער. אָבער יענע קוועטשן מיט די פּלייצעס און ווייזן, אַז די סאָלדאַטן לאָזן נישט צוגיין.

פּלוצלינג גייט עמעצער צו צו דער טיר און רוקט זי אָפּ. לופט!

עס באַווייזט זיך אַ סאָלדאַט: ער גיט אַ געשריי, אַז מיר זאָלן נישט טומלען; אויב ער וועט דערהערן כאָטש נאָך איין קלאַנג — וועט ער אַלעמען דערשיסן!

ס'איז שוין, מסתמא, באַלד פאַרנאַכט, און דער צוג שטייט נאָך אַלץ. דאָס איינציקע, וואָס מיר דערוויסן זיך, — מיר זענען אין שאַוול. אפשר איז דאָ טאַקע פּאַראַן אַ לאַגער?

איינע אַ פרוי לייגט פאָר אַרויסוואַרפן דורכן פענצטערל אַ צעטעלע. אַ צווייטע גיט אַ שטיקל פּאַפּיר, איך — אַ בלייער. אויף פיר שפּראַכן פאַרשרייבן מיר, ווער מיר זענען, פונוואַנען און ווען האָט מען אונדז אַרויסגעפירט. אפשר וועט עמעצער געפינען, זיך דערוויסן.

עס נעמט שוין פינצטער ווערן, און דער צוג רירט זיך נאָך נישט. די פיס טוען שרעקלעך וויי. עס דוכט זיך, זיי וועלן זיך איבערברעכן אין די קני.

באַגינען האָט דער צוג אַ ריר געטאָן פון אָרט, נאָר אין אַ ווײלע אַרום זיך ווידער אָפּגעשטעלט. אַזוי דעם גאַנצן טאָג, — מיר זענען מער געשטאַנען ווי געפאָרן.

פאַרנאַכט האָט דער צוג זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ וואַלד, אָבער באַלד ווידער גענומען פאָרן. ביינאַכט האָט דער צוג געיאָגט משונה גיך.

ווידער זיך אָפּגעשטעלט. פון אָנפאַנג האָבן מיר אויף דעם קיין אַכט נישט געלייגט. נאָר פּלוצלינג האָבן זיך אַלע אַ צאַפּל געטאָן: מען רעדט אויף דייטש און הינט בילן.

עמעצער האָט אָפּגערוקט די טיר און אין די אויגן האָט אונדז אַ זעץ געטאָן אַ שיין פון קעשענע-לעמפּעלעך. מען האָט אונדז געהייסן אַרויסגיין. די ערשטע האָבן נאָך נישט באַוויזן אַרויסצושפּרינגען, ווי

אין וואַגאָן זענען אַריין סאָלדאַטן און גענומען אונדז שלאָגן, יאָגן, שטופּן. און די פּיס זענען נאָך אַזאַ לאַנגן זיצן צונויפגעדרייט געווען ווי בלייענע, זיי פּאָלגן נישט.

מיך האָט מען אויך אַרויסגעשטופּט. צום מזל, בין איך געפאַלן אויף די הענט. אין רוקן האָט מיט ווייטיק אַ זעץ געטאָן דער טשעמאָ־ דאַן, וועלכן מען האָט אַרויסגעוואָרפן גלייך נאָך מיר. כ'האָב זיך קוים אויפגעשטעלט.

ביי יעדן וואַגאָן — דאָס זעלבע בילד.

מען האָט אונדז אויסגעשטעלט. דאָ גופא, אין וואַלד. דער לאָקאָ־ מאָטיוו האָט אַ לאַנגן פייף געטאָן, אַ שלעפּ געגעבן די וואַגאָנען און אַוועק. מסתמא צוריק קיין ווילנע. און אונדז איבערגעלאָזט דאָ, אין פרעמדן וואַלד...

מען האָט אונדז געטריבן דורך אַ וועג. דער וועג איז באַלויכטן. די קאָמפּן זענען נישט פאַרמאַסקירט. פונדערווייטן זעען זיך נאָך פייערלעך, אויך נישט פאַרמאַסקירטע. זיי באַלייכטן אַ צוים פון אַ שטעכלדראָט. אַ וואַכמאַן עפנט דעם טויער.

אַ לאַגער! באַראַקן. לאַנגע, הילצערנע, איינשטאָקיקע. די פענצטער — שוואַך באַלויכטן. עס דרייען זיך אַרום מענטשן. אַלע זענען מאָדנע אָנ־ געטאָן — אין געשטרייפטע פּיזשאַמעס. לעבן איין באַראַק קומט פאָר עפּעס אומפאַרשטענדלעכס: געשטרייפטע שפּרינגען דורך די פענצטער. זיי שפּרינגען אַרויס און לויפן צוריק אין באַראַק, באַווייזן זיך ווידער אין פענצטער און שפּרינגען ווייטער. היטלעריסטן שלאָגן זיי, אײלן. מענטשן פאַלן, אָבער נייע קלעפּ הייבן זיי אויף, און זיי לויפן ווייטער, שפּרינגען ווידער. וואָס איז דאָס? משוגעים, איבער וועלכע די פאַשיסטן מאַכן חוזק?

מען האָט אונדז געהייסן אַוועקלייגן אונדזערע פעקלעך אויף אַ פּלאַץ לעבן באַראַק. אין די באַראַקן לאָזט מען מיט זאַכן נישט אַריין.

דעם פּלאַץ היטן צוויי סאָלדאַטן. דאָ גופא דרייען זיך נישט דרייסט אַרום עטלעכע מענער, אָנגעטאָן אין געשטרייפטע פּיזשאַמעס. זיי הייבן אָן שטיל צו רעדן מיט אונדז, פרעגן, פונוואַנען זענען מיר. מיר ווילן אויך וויסן, ווהין מיר זענען אַרייגעפאַלן. באַלד דערוויסן מיר זיך, אַז מיר געפינען זיך נישט ווייט פון ריגע, אינעם קאָנצענטראַציע־לאַגער „קייזערוואַלד". אָבער דאָ וועט מען אונדז מסתמא, נישט לאָזן, מען וועט שיקן ווייטער. די מענטשן אין די געשטרייפטע פּיזשאַמעס זענען

העפֿטלינגען פֿון „קייזערוואַלד“. אויב מיר האָבן פּאַפּיראָסן אָדער ברויט — בעסער זיך טיילן מיט זיי, ווייל די היטלעריסטן וועלן דאָ ביי אונדז סייווי צונעמען. די, וועלכע שפּרינגען דורך די פֿענצטער, זענען נישט קיין משוגעים, זיי זענען נאָרמאַלע מענטשן, וועלכע מען האָט באַשטראָפֿט, ממש פֿאַר גאָרנישט. דאָ שטראָפֿט מען פֿאַר אַבסאָלוטע קלייניקייטן. און נאָך וואָס פֿאַר אַ שטראָפֿן! אָנגעטאָן זענען זיי נישט אין פּיזשאַמעס, נאָר אין געשטרייפֿטע אַרעסטאַנטן=קליידער. אַנטלויפֿן פֿונדאַנען איז נישטאָ קיין שום האָפֿענונג, ווייל דאָס שטעכלדראָט איז אָנגעלאָדן מיט עלעקטרישן שטראָם פֿון הויכער שפּאַנונג. עסן גיט מען זייער ווייניק — 250 גראַם ברויט און דריי פֿערטל ליטער אַזוי גערופֿענע זופּ. אָפֿט, אַלס שטראָף, לאָזט מען אויף עטלעכע מעת=לעת אינגאַנצן אָן עסן. זיי הונגערן. אויב מיר קאָנען זיי גאָרנישט נישט געבן, וועלן זיי לויפֿן צוריק, ווייל פֿאַר רעדן מיט אַ פֿרוי באַשטראָפֿט מען מיט פֿינף און צוואַנציק שמיץ.

ווי שרעקלעך!

אויף גיך שלעפּ איך אַרויס פֿון טשעמאָדאַן מיינע פּאַפּירלעך, רוק זיי אַריין אין בוזים. אָבער פֿאַרשטעקן אַלע פּאַפּירלעך באַוויז איך נישט — דער וואַכמאַן יאָגט אַוועק.

צו אונדז גייט צו אַ דייטשקע, אָנגעטאָן אין אַן עס=עס=אוניפֿאָרם און שטעלט אונדז אויס. זענען צווישן די עס=עסאָווצעס פֿאַראַן אויך פֿרויען? געוויס. דאָס איז צו זען כאָטש דערפֿון, וואָס זי שרייט אויף אונדז און שמייסט מיט אַ נאַהייקע. איבערגעציילט, גיט זי אַ קאָמאַנדע, מיר זאָלן לויפֿן אין באַראַק, דערביי קאַטעוועט זי אונדז אָן רחמנות, מיר זאָלן זיך אונטעראיילן. ביים טיר איז אַ שפּאַרעניש. יעדע איילט זיך אַריינלויפֿן אין באַראַק, כדי אויסצומיידן די נאַהייקע. אַ צווייטע עס=עס=פֿרוי שטייט ביי דער טיר און קאָנטראָלירט, צי מיר האָבן אַלץ אַוועקגעלייגט אויפֿן פּלאַץ לעבן באַראַק. אויב זי באַמערקט אין האַנט כאָטש אַ קליין פּעקעלע אָדער אפֿילו אַ רידיקול, יאָגט זי צוריק אַרויס, מען זאָל אַוועקלייגן לעבן באַראַק. דערביי, פֿאַרשטייט זיך, שלאָגט זי.

דער באַראַק איז אינגאַנצן פּוסט — אַ באַלקן, ווענט און אַ דיל. אויפֿן דיל ליגן שטרוי=זעק, און אין ווינקל שטייט אַ בעזים. דאָס איז אַלץ.

די אויפֿזעערין שרייט, מיר זאָלן זיך לייגן. ווער עס באַווייזט נישט דעם זעלבן מאָמענט אַנידערפֿאַלן — דעם לייגט אַוועק דער שטעקן פֿון

בעזים. זי קלאַפּט מיט אים איבער די קעפּ, פּלייצעס, הענט — ווו נאָר זי טרעפט. ווען מיר ליגן שוין אַלע, הייסט זי זיך נישט רירן פון אָרט. ביי דער קלענסטער באַוועגונג וועלן די וואַכלייט, וואָס שטייען הינטער די פענצטער, שיסן. אַרויסגיין פון באַראַק טאָר מען נישט. רעדן צווישן זיך איז פאַרבאָטן.

אַוועקגעשטעלט דעם בעזים אויפן אָרט, איז די אויפזעערין אַרויס. די פרויען רופן זי עלזאַ. איך ווייס נישט, צי האָבן זיי געהערט, אַז עמעצער רופט זי אַזוי, צי זיי האָבן אַליין געגעבן איר אַזאַ נאָמען.

אַלזאָ, איך בין אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. אַרעסטאַנטישע קליי־דער, שפּרינגערייען דורכן פענצטער און ענלעכע שרעקלעכע זאַכן. עלזאַ מיטן בעזים, הונגער. ס'אַראַ שוידער! און איך בין אַליין... וואָלט כאָטש די מאַמע דאָ געווען... ווו איז איצט די מאַמע? אפשר שטייען זיי גראָד אין דער מינוט אין וואַלד ביי די גריבער. און דער זעלבער ווינט, וואָס וואָיעט דאָ הינטער די פענצטער, ברעכט אין וואַלד צווייגן און שרעקט די קינדער? ווי גרויזאַם דאָס איז!...

הינטער די פענצטער גייט עמעצער אַרום. מסתמא די וואַכלייט. אפשר קוקן זיי אויף אונדז. ווען דער שעניק וואָלט אַזוי נישט שטעכן, וואָלט איך זיך איינגעטוליעט אין אים, אַז דאָס ליכט זאָל נישט שניידן אַזוי די אויגן. פאַרוואָס קאָן איך נישט איינשלאָפן? כ'האָב דאָך שוין אַזויפיל נעכט נישט געשלאָפן. אפשר וואָלט זיך חלומען די מאַמע...

ס'האָט אונדז פאַרטריבט אַ פייף. איך קוק — אין טיר שטייט ווי־דער די מרשעת עלזאַ. זי שרייט: "Apell!" אָבער מיר פאַרשטייען נישט, וואָס זי וויל, און זיצן. עלזאַ כאַפּט ווידער דעם בעזים. מיר לויפן פון באַראַק.

אויפן הויף איז פינצטער, קאַלט. פון אַנדערע באַראַקן לויפן אויך מענטשן. זיי שטעלן זיך אין רייען. מיט קלעפּ און געשריי שטעלט אונדז עלזאַ אויך אויס. איר העלפט נאָך איין עסעסמאַן. פּלוצלונג ציט ער זיך אויס פאַר אַן אָנגעזעענעם אָפיציר. ער גיט אָפּ אַ ראַפּאָרט, וויפל פון אונדז עס שטייען דאָ, און באַגלייט דעם אָפיציר, וועלכער נעמט זיך אַליין ציילן אונדז.

דער אָפיציר גייט אַוועק צו די אַנדערע באַראַקן.

מיר קוקן זיך אַרום, זוכן אונדזערע זאַכן, אָבער זיי זעען זיך אינ־ערגעץ נישט. מיר דערקענען אפילו נישט דאָס אָרט, ווו מיר האָבן זיי

ביינאַכט געלאָזט. אומעטום איז ריין אויסגעקערט, איבערגעשאָטן מיט געלן זאַמד.

מען האָט אונדז אַריינגעיאָגט צוריק אין באַראַק און געהייסן זיך זעצן אויף די שעניקעס, נישט רעדן און זיך נישט באַוועגן.

מיר זיצן.

פּלוצלינג האָב איך אָנגעטאַפּט אין קעשענע דעם טאַטנס אַ פאָטאָ־גראַפיע (וויאַזוי קומט זי אַהער, ווייס איך אַליין נישט). כ'האָב אַ קוק געטאָן אויפן פּאַפּאַ און עס האָבן זיך אַ גאַס געטאָן טרערן פון מיינע אויגן: ער איז נישטאָ, די מאַמע איז נישטאָ, און איך מוז זיך מאַטערן אין אָט דעם שרעקלעכן לאַגער. כ'וועל זיך צו אַזאַ לעבן קיינמאָל נישט צוגעוווינען.

אַ פרוי, וואָס זיצט לעבן מיר, פרעגט, וואָס וויין איך. כ'ווייז איר די פאָטאָגראַפיע. אָבער זי גיט נאָר אַ זיפץ: „טרערן וועלן נישט העלפן...“

אין מיר זענען ווידער אויסגעוואַקסן עס־עס־לייט. געהייסן זיך אויס־שטעלן. געמאָלדן, אַז מיר מוזן אָפּגעבן דאָס געלט, די זייגערס, די רינ־גען, קורץ — אַלץ, וואָס מיר האָבן נאָך ביי זיך. פּאַר אַ פרוי אויסצו־באַהאַלטן, באַגראָבן אָדער אפילו אַרויסוואַרפן — טויט־שטראָף.

איין אָפיציר מיט אַ קעסטעלע אין האַנט גייט אַרום צווישן די רייען, מען זאָל אַלץ אַהין אַריינלייגן. אין קעסטעלע קלייבט זיך אָן, פאַרשטייט זיך, זייער ווייניק.

אַוועקגייענדיק, האָבן די היטלעריסטן נישט געזאָגט, צי מעג מען זיך זעצן, אָבער דער שרעקלעכער בעזים שטייט לעבן מיר ווי אַ סאָל־דאַט. שטייען מיר אויך.

ס'איז קאַלט. אין דער אָפענער טיר בלאָזט אַ ווינט.
שוין אַזויפיל טעג גאָרנישט נישט געגעסן...

אין טיר איז ווידער עלזאַ. דערזעען, אַז מיר שטייען נאָך, האָט זי זיך צעהירזשעט. אָנגעלאַכט זיך, האָט זי געהייסן אויסשטעלן זיך צו צוויי. אָפּגעציילט צען און אַוועקגעפירט. די, וועלכע זענען געשטאַנען נענטער צו דער טיר, האָבן געזאָגט, אַז זיי זעען, ווי זי האָט אַריינגעפירט די פרויען אין אַ באַראַק אויף יענער־זייט פּלאַץ.

אין אַ ווײַלע אַרום איז עלזאַ געקומען, אָפּגעציילט נאָך צען און ווידער אַוועקגעפירט. און די ערשטע זענען נישט אַרויס... אפשר איז

דאָרט אַ קרעמאַטאָריע? הייסט עס, מען האָט אונדז אַהער געבראַכט, כדי צו פאַרניכטן אָן שפּורן?

עטלעכע פרויען, וועלכע זענען געשטאַנען נעענטער צו דער טיר, זע־נען אַריבערגעלאָפן אין צווייטן עק פון דער ריי. וואָס וועט דאָס העלפן?

איך בין אין זיבעטן צענדליק. די פאָדערשטע רייען ווערן אַלץ שי־טערער, שוין געבליבן גאָר ווייניק. באַלד וועט זיין אויך מיין ריי...
מען פירט שוין...

עלזאַ עפנט די טיר פון שרעקלעכן באַראַק. אַ טונקעלער פאָדער־צימער. ביי די ווענט אָנגעוואָרפן אַ סך בגדים. לעבן זיי שטייען אויפ־זעערינס. מען הייסט אונדז אויך אויסטאָן זיך. די קליידער האַלטן אין די הענט און צו צווי צוגיין צו די אויפזעערינס.

די הענט טרייסלען זיך, ס'איז שווער זיך אויסצוטאָן.

איך גיי צו. אַן אויפזעערין קאָנטראָלירט מיינע בגדים. נעמט צו דאָס וואָלענע קליידל, וואָס די מאַמע האָט געהייסן אָנטאָן אויף דעם זומערדיקן. איך בעט, זי זאָל מיר לאָזן דאָס וואַרעמע קליידל און צונע־מען דאָס זומערדיקע. אָנשטאָט אַן ענטפער כאַפּ איך אַ פּאַטש אין באַק. ווער איך אַנטשוויגן. איצט קאָנטראָלירט זי די אַרבל און די קע־שענעס — צי האָב איך דאָרט נישט באַהאַלטן עפּעס. זי געפינט די פאָטאָגראַפיע פונעם פּאַפּאַ. איך שטרעק אויס די האַנט, אַז די אויפ־זעערין זאָל מיר אומקערן זי, אָבער זי צערייסט די פאָטאָ אויף פיצ־לעך און וואַרפט זי אַוועק אויפן דיל. אויף איין שטיקעלע זעען זיך די ווייסע האָר, פון צווייטן קוקט אַן אויג. איך דריי זיך אָפּ... די אויפ־זעערין וואַרפט מיר דאָס קלייד, אָבער זי האָט נישט באַוויזן דורכטאַפּן די קעשענע, וווהין איך האָב פאַררוקט מיינע בלעטעלעך: אַפּנים די פאָטאָגראַפיע האָט זי אָפּגעווענדעט. און איך האָב אַליין פאַרגעסן אין זיי, ווען איך האָב געבעטן דאָס וואַרעמע קליידל!

מען הייסט אונדז גיך אָנטאָן די איבערגעלאָזענע קליידער און אַרויסגיין דורך דער הינטערשטער טיר. דאָרטן דערזעען מיר אַלע פריער אַוועקגעפירטע פרויען. און יענע, וואָס זענען נאָך אין באַראַק, לעבן אַזוי איבער, מיינענדיק, אַז מען פירט אין קרעמאַטאָריע.

ביז מען האָט אַלעמען אַרומגעזוכט, איז געקומען די צייט פון דעם שלימזלדיקן „אַפּעל“. פאַרוואָס ציילן זיי אונדז אַזוי אָפט? צי דען קאָן מען פונדאַנען אַנטלויפן?

צום סוף לאָזט מען אונדז אַריין צוריק אין באַראַק. צו אונדזער גרויסער פרייד און ווונדער טרעפן מיר דאָרט אַ קעסל זופּ מיט שיסעלעך. מען הייסט אונדז זיך אויסשטעלן אין אַ ריי. פאַרבייגייענדיק דאַרף מען נעמען אַ שיסעלע, וווהין עלזאַ וועט אַרייגיסן זופּ. די זופּ דאַרף מען גיך אויסכליאָבען, און דאָס שיסעלע אַוועקשטעלן אויף אַן אָרט אין די זעלבע, אפילו נישט קיין איבערגעשווענקטע, גיסט מען זופּ פאַר יענע, וועלכע האָבן נאָך נישט געגעסן. קיין לעפל זענען נישטאָ.

וואָס נעענטער צום קעסל, אַלץ אָנגענעמער שמעקט די זופּ.

כ'האָב זיך דערוואַרט מיין ריי. די זופּ איז זייער אַ שיטערע, פשוט אַ שוואַרצלעך וואַרעם וואַסערל, אין וועלכן עס שווימען זעקס גרייפּעלעך, וואָס ווילן פאַר קיין פאַל נישט אַרייַנפאַלן אין מויל. אָבער אַלץ איינס איז דאָס זייער געשמאַק. די הויפּטזאַך — וואַרעם. אַ שאָד, וואָס אין שיסעלע ווערט וויניקער. דאָס שיסעלע איז שוין גאָר ליידיק. און עסן ווילט זיך מוראדיק, נאָך מערער, ווי פריער.

איך טראָג דאָס שיסעלע צום באַשטימטן אָרט. כ'זע — דער היטלעריסט רופט מיך צו מיטן פינגער. טאַקע מיך? יאָ, מיך. נישט הרייסט דערנענטער איך זיך און וואַרט, וואָס ער וועט זאָגן. פלוצים גיט ער מיר אַ טראַסק אין איין באַק, דערנאָך אין דער צווייטער, און גלייך ווידער אין דער ערשטער. זעצט מיך מיט די פויסטן און כסדר אין קאָפּ. איך פרווו באַשיצן דעם קאָפּ מיטן שיסעלע, אָבער ער רייסט עס אַרויס פון מיינע הענט און גיט אַ שליידער אין ווינקל. און שלאָגט אָן רחמנות ווידער. איך האַלט זיך נישט איין אויף די פיס און פאַל אַנידער. כ'וויל זיך שטעלן, אָבער איך קאָן נישט — ער בריקעט מיט די פיס. ווי איך דריי זיך נישט — אַלץ פאַר די אויגן דער גלאַנץ פון זיינע שטיוול. געטראָפן אין די ליפּן!... איך כאַפּ קוים אָפּ דעם אָטעם. די ליפּן זענען גלייך געוואָרן ווי הילצערנע, די צונג — גרויס און שווער. און דער היטלעריסט שלאָגט, בריקעט מיטן שטיוול. איצט, דוכט זיך, טוט שוין נישט אַזוי וויי. נאָר אויפן דיל טריפט בלוט. מסתמא מיינס...

די היטלעריסטן זענען אַוועק. די פרויען האָבן מיך אויפגעהויבן און איבערגעטראָגן אויפן שעניק. זיי הייסן פאַרוואַרפן דעם קאָפּ, אז פון נאָז זאָל אויפהערן צו פליסן בלוט. זיי זענען צו מיר אַזוי גוט, זאָרגן זיך אַזוי, אַז ס'ווילט זיך וויינען. איינע טענהט: וואָס האָט ער פון מיר, אַן אומשולדיק קינד, געמאַכט! אַ צווייטע שילט אים, און נאָך איינע פרווט אַלץ דערגיין, פאַרוואָס האָט ער מיך אַזוי געשלאָגן...

אפשר דערפאַר, ווייל, טראָגנדיק דאָס שיסעלע צוריק, בין איך צו נאָענט צוגעגאַנגען צו דער ריי, און אים האָט געדוכט, אַז איך וויל אַ צווייט מאָל קריגן זופּ?

פאַרוואָס רעדן זיי אַזוי הויך? מיר טוט דאָך וויי, אומעטום טוט שרעקלעך וויי! מען וואָלט כאָטש פאַרלאָשן די שיין! צי איז נישט צעשפּאָלטן די ברעם? זי טוט אויך וויי. און עטלעכע ציינער האָט ער, ווייזט זיך אַרויס, אויסגעהאַקט...

כ'האָב קוים דערלעבט דעם פרימאָרגן.

נאָך איידער עס איז טאָג געוואָרן האָט מען אונדז ארויסגעיאָגט אויפן הויף צום „אַפּעל“: מען קאָנטראָלירט דאָ צוויי מאָל אין טאָג — גאנצפרי און אין אָוונט, ווען די בריגאַדעס קערן זיך אום פון דער ארבעט. איך שטיי קוים אויף די פיס — אין קאָפּ רוישט, די ליפּן און די אויגן זענען געשוואָלן. כאָטש א טרונק וואסער! מען גיט נישט... מען יאָגט צוריק אין באַראַק.

ביי טאָג האָט מען ווידער געהייסן זיך אויסשטעלן. אָפּגעקליבן 600 פרויען און אָפּגעפירט אין א זייט, נאָכדעם — נאָך 400. די איבעריקע ארייגעטריבן צוריק אין באראק.

איך בין אין דער צווייטער גרופּע.

פון דער ערשטער גרופּע האָט מען אָפּגעציילט 50 און אוועקגעפירט אין לעצטן באַראַק. עמעצער האָט איבערגעלייענט די אויפשריפט „Entlausung“ אַ באָד... אַזוי, דוכט זיך, רופן זיי די גאַז=קאַמערן פון קרעמאַטאָריע?...

וויפל מיר האָבן שוין איבערגעלעבט און פאָרט קומט אונדזער סוף...

די אויפזעערין איז צוריקגעקומען און אוועקגעפירט נאָך 50. אַזוי יעדע האלבע שעה צו פופציק... און די ערשטע זענען נאָך אלץ נישטאָ..

ס'איז שוין קיינער נישט געבליבן. דער פּלאַץ איז פוסט.

איצט איז געקומען די ריי פון אונדזער גרופּע.

פּלוצלינג האָבן מיר דערזען די גאנצע ערשטע גרופּע. זיי לעבן! הייסט עס, מיר וועלן אויך לעבן!

די פרויען פון יענער גרופּע קריכן ארויף אויף לאסט=אויטאָס. זיי פאָכען צו אונדז מיט די הענט. אויפן הארצן איז געוואָרן רואיקער.

מען פירט אונדז אריין אין א פאָרבאָד. דאָ ליגן בערג זאכן. מען הייסט זיך אויסטאָן און אקוראט צונויפלייגן די זאכן. ביי זיך מעג מען

לאָזן נאָר די שיך און, אויב מען האָט, זייף און א קעמעלע. דאָס דארף מען האַלטן אין האנט. טעלעכע בלעטלעך פון טאָגבוך האָט זיך מיר איינגעגעבן ארײנשטאָפּן אין די שיך.

מען יאָגט אונדז נאקעטערהייט אין אן אנדער צימער. אונטערן באַלקן — טעלעכע לעכעריקע רערעלעך, מסתמא, אַ שפּריץ. לעבן טיר שטייט א היטלעריסט אין א ווייסן כאַלאַט און קאָנטראָלירט, צי האָבן מיר גאָרנישט באַהאַלטן. איך דריי איבער די שיך, באַווייזנדיק, אז אין זיי איז גאָרנישט נישטאָ. איצט שטעל איך זיך אין ריי צום דאָקטער. דער „דאָקטער" קוקט דורך א פּארגרעסער־גלאָז די ריינקייט פון קאָפּ און הייסט עפענען דאָס מויל. ער רוקט אריין הינטערן באק א פינגער — צי איז דאָרטן גאָרנישט נישט באַהאַלטן.

נאָך אים פאַלן מיר אַריין צום פריזירער. די שער איז טעמפּ און דער „מייסטער" איז אפנים אַזאַ פריזירער, ווי איך. וואָס שנײַדער די האָר, אַלץ אומדערבאַרעמדיקער בראָקט ער זיי. די אָפּגעשניטענע צעפּ און לאָקן פּאַררוקט ער אין אַ זאַק.

ענדלעך, האָט פון די רערלעך גענומען שפּריצן לעבלעך וואסער. דאָס האָט געדויערט סך־הכל טעלעכע מינוט. מיר האָבן קוים באַוויזן נאס צו ווערן. נאָר אומזיסט — עס איז נישטאָ, מיט וואָס זיך אָפּצווישן.

נאַסע האָט מען אונדז ארויסגעיאָגט אין א נאָך קעלטערן צימער. די גאס־טיר איז אָפן, דערצו פּייפּט א ווינט דורך די שפּאַלטן אין וואנט.

לענגאויס די ווענט ליגן שטויסן זאַכן. לעבן יעדן שטויס אַן אויפזעערין. מיר מוזן פאַרבייגיין די אויפזעערינס. פון יעדערער קריגן מיר צו איין מלבוש — א העמד, הויזלעך, א קלייד, א מאַנטל און א קאָפּטיכל. זיי טיילן מעכאַניש, נישט לייגנדיק קיין אכט אויף דער מאָס. באַמער האָט איינע געבעטן איבערבייטן דאָס קליידל, ווייל עס איז אויף איר צו קליין, האָט די אויפזעערין איר געגעבן מיטן זעלבן קליידל א שמיץ אין קאָפּ און א געשריי געטאָן: „שנייד ארום דיינע זייטן, וועט זיין אויף דיין מאָס!"

איך האָב געקראָגן אַלטע וועש און אַ... באַל־קלייד פון שוואַרצן זייד מיט אַ גרויסן דעקאָלט און אַ קינסטלעכער זיידענער בלום. ס'וואָלט געווען קאָמיש, ווען נישט אזוי טראַגיש!... אין מאַנטעלע בין איך קוים

אַרייַנגעקראָכן — ס'איז אַ קינדער־מאַנטל. קיין זאָקן האָט מען אינגאַנצן נישט געגעבן.

ביי דער טיר קאָנטראָלירט עלזאַ, צי האָט עמעצער פון אונדז, חלילה, נישט געגנבעט נאָך אַ פּאָר וועש אָדער נאָך אַ קאָפּטיכל.

אין הויף שטייען די איבעריקע פרויען פון אונדזער גרופּע, נאָר איך דערקען קיין איינע נישט. ווען אַ מענטשן קען מען ווייניק, אונטערשיידט מען אים די ערשטע צייט לויט די קליידער, און איצט האָבן די אויסטערלישע בגדים געענדערט יעדערנס אויסזען.

מיר קריגן צו איין האַנטעך. כ'זע, די פרויען פאַרוויקלען מיט אים דעם האַלדז. איך נעם איבער דעם גוטן ביישפּיל.

עס גייט צו אַן אומבאַקאַנט מיידל און בעט, איך זאָל זיך בייטן מיט איר מיט די מאַנטלען, ווייל זי האָט געקראָגן אַ צו גרויסן. כ'בין זייער צופרידן. איצט קאָן איך כאָטש פריי אָטעמען, נישט מורא האָבנדיק, אַז עס וועלן פּלאַצן די נעט. אָבער די גאַנצע צרה איז מיטן קלייד. עס איז אַזוי שמאָל, אַז איך קאָן קוים שטעלן אַ טראָט. אָבער די פרויען טרייסטן מיך — כאָטש נישט אַזוי קאַלט אין די פיס. דער רוקן אָבער איז אַ נאַקעטער.

אונדזערע קליידער זענען געצייכנט — אויפן האַרצן און רוקן זענען מיט אייל־פאַרב אָנגעמאָלט גרויסע קיילעכן אָדער קרייצן.

ווען אַלע האָבן זיך „אויסגעבאָדן", האָט מען אונדז אַרויפגעטריבן אויף לאַסט־אויטאָס, אויף יעדן אויטאָ זיצן צו צוויי סאָלדאַטן.

ס'האָט גענומען פינצטער ווערן. מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון וואַלד און פאַרקערעוועט אויף אַ שאָסיי.

דאָס מאָל איז דער וועג געווען נישט לאַנג. מיר זענען אַרייַנגעפאָרן אין עפּעס אַ גרויסן הויף. ער איז אַרומגעצוימט מיט אַ הויכער געמויערטער וואַנט, איבער איר — עטלעכע רייען שטעכלדראָט און לאָמפּן. קיין באַראַקן זענען נישטאָ. פאַראַן נאָר אַ גרויסע שטוב. צום סוף הויף — ביי דער וואַנט — אַ דעכל, אונטער וועלכן עס שאָקלען זיך עטלעכע לאָמפּן. פון דאָרטן טראָגט זיך זייער אַ געשמאַקער ריח. איז דאָס אַ קיך און מיר וועלן קריגן זופּ?

אונדז שטעלט אויס אַ דייטש, ציוויל געקליידט. אַ טונקעלער האַלב מיליטערישער אָנצוג און אַ היטעלע. דער אָנצוג איז זייער ענלעך אויף די געשטרייפטע. ער האָט אונדז איבערגעציילט, געהייסן זיך נישט רירן פון אָרט און איז אַוועק. אומקוקנדיק זיך מיט מורא, האָבן זיך צו

אונדז דערנענטערט עטלעכע מענער. פון זיי האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער לאַגער הייסט „שטראַסדענהאָף“ און געפינט זיך אין דער פאָר־שטאָט פון ריגע — יוגלא. דער לאַגער איז א נייער. דערווייל זענען דאָ פאַראַן נאָר 160 מענער פון ריגער געטאָ. קיין פרויען זענען נאָך נישטאָ, מיר זענען די ערשטע. מיר וועלן זיין אין אָט דער גרויסער שטוב. דאָס איז א געוועזענע פאַבריק. דער מענער־בלאָק איז אויפן ערשטן שטאָק, אונדזער בלאָק וועט זיין אויפן פערטן. וווּ מיר וועלן אַרבעטן, ווייסן זיי נישט. אליין זענען זיי באַשעפטיקט אויף בוי־אַרבעט. ס'איז זייער א שווערע אַרבעט, דערצו הונגערט מען. דער דייטש, וואָס האָט אונדז געציילט, הייסט האַנס, ער איז דער לאַגער־עלטסטער. ער איז אויך אַ העפטלינג, זיצט שוין 8 יאָר אין פאַרשידענע לאַגערן. פאַר וואָס — ווייסן זיי נישט. ער האָט א געהילף — דעם קליינעם האַנס. דער קאָ־מענדאַנט פון לאַגער איז אַן עסעסאָוויעץ, אַן אונטערשאַרפירער, אַ שרעקלעכער סאַדיסט.

פלוצלינג זענען די מענער געלם געוואָרן — זיי האָבן באַמערקט, אַז עס דערנענטערט זיך דער אונטערשאַרפירער. ער האָט אונדז נאָכ־אַמאָל איבערגעציילט און איז אַוועק. אין א ווײַלע אַרום האָט האַנס געהייסן ברענגען דעקעס און האָט גענומען זיי טיילן. איך, דער שלימזל, האָבן אָנשטאָט א דעקע געקראָגן א גרויסע דאָרפישע קאָפּנטוך. צי וועט זי דען וואַרעמען?

נאָכדעם האָט מען אונדז „טראַקטירט“ מיט קאַלטער זופּ און אַרויפ־געטריבן אויפן פערטן שטאָק. דאָ וועט טאַקע זיין אונדזער בלאָק. עס איז זייער ענג אויף א קאַזאַרמע. פון ברעטער זענען צונויפגעקלאַפּט דרייַשטאָקיקע נאַרעס. פאַראַן פינף אָפּטיילונגען. אויף יעדן שטאָק פון איין אָפּטיילונג דאַרפן שלאָפן 36 פרויען — אכצן פון איין זייט און אַכצן — פון דער צווייטער. אויף די נאַרעס זענען אָנגעוואָרפן זעקלעך פאַר שעניקעס און קליינע זעקעלעך פאַר קישעלעך.

האַנס האָט געהייסן, יעדערע זאָל פאַרנעמען איר אָרט. איין אָפּטיי־לונג מוז בלייבן פוסט — מען וועט אַהער ברענגען נאָך פרויען. די שע־ניקעס וועלן מיר אָנשטאָפּן מאָרגן נאָך דער אַרבעט. איצט דאַרף מען שלאָפן. באַגינען, ווי נאָר מען וועט דערהערן דעם סיגנאַל, תיכף אויפ־שטיין און לויפן אויפן הויף זיך וואַשן.

---

מיין שכנה האָט מיר געראַטן אַרויסציען פון שעניק עטלעכע שטרי־

קעלער, זיי איבערפלעכטן און אונטערבינדן מיין קלייד, אַנדערש וועל איך נישט קאָנען ארבעטן. א קלוגע פרוי!

* *
*

— אויפשטיין! — דאָס שרייט האַנס. פארוואָס וועקט ער אונדז? אויפן הויף איז דאָך נאָך גוט פינצטער און מיר זענען ערשט איינגעשלאָפן.

האַנס איז זייער אין כעס. אפשר איז שוין טאקע פארטאָג? מיר כאפן די האַנטעכער און לויפן פון די טרעפ וואַשן זיך. נאָך האַנסן רייצט דאָס גאָר, ער שרייט, אז מיר זענען פארשלאָפן, מוזן מיר לויפן צום אַפעל נישט קיין געוואַשענע.

די מענער שטייען שוין אין ריי, און מיר פאַדען נאָך ארום הין און הער. פּלוצלינג גיט האַנס א געשריי: „Stillstand!" און איז צוגעגאַנגען צום אונטערשאַרפירער מיט אַ ראַפּאָרט. יענער האָט אַליין אונדז איבערגעציילט און איז אוועק.

איצט האָט ביי האַנסן זיך צעבונדן די צונג. אין לאגער מוז זיין א מוסטערהאפטע אָרדענונג און דיסציפּלין. ווער עס וועט עובר זיין — וועט ווערן שטרענג באַשטראָפט. ער וועט מער נישט לויפן אונדז וועקן. מיר מוזן אליין זיך צוהערן צום סיגנאל — צום קלאנג פון אייזן. ביים ערשטן סיגנאַל מוזן מיר תיכף אויפשפּרינגען, פארבעטן די נאַרעס און לויפן זיך וואַשן (דערווייל צום טייכל, וועלכעס שווימט פאַרביי דעם לאגער). נאָכן צווייטן סיגנאל מאָמענטאַל זיך אויסשטעלן צום אפעל.

וואַשן זיך האָט ער אונדז פאָרט אוועקגעפירט. ס'איז פינצטער, עס בלאָזט א שארפער ווינט, גיסט א רעגן, פונעם אייז־קאלטן וואסער גליווערן די פינגער, אָבער וואַשן זיך מוז מען דאָך!

ס'האָט גענומען טאָגן. מען האָט אונדז ווידער אויסגעשטעלט. געקומען דער אונטערשאַרפירער מיט זיינע געהילפן און מיט די וואַכלייט, מען האָט אונדז צעטיילט אויף גרופּעס און אוועקגעפירט.

די ערשטע גרופּע איז אוועק אין א גלייכער ריכטונג. מיין גרופּע האָט פארקערעוועט אויף רעכטס. מיר זענען געקומען אויף א בוי־פּלאַץ,

1) — שטיין רואיק!

ווו עס האָבן שוין געארבעט די מענער פון אונדזער לאגער. זיי האָט מען אוועקגעיאָגט צו דער ארבעט גלייך נאָכן אפעל.

מיין ארבעט איז באשטאנען אין שלעפן שטיינער, מיט וועלכע די מענער האָבן ברוקירט דעם וועג צווישן די זיך בויענדיקע באראקן. אנדערע פרויען האָבן געפירט אין וואגאָנעטקעס שטיינער פון טאָל און מיר האָבן זיי באדארפט פאנאנדערטראָגן צו די ברוקירער. די וואכלייט און אויפזעערס לאָזן אויף קיין רגע נישט אראָפּ פון אונדז די אויגן. די וואגאָנעטקעס מוזן זיין פולע. ארום יעדער וואגאָנעטקע דארפן ארבעטן נאָר פיר מענטשן, שטופּן זיי לויפנדיק. די שטיינער צעשלעפּן אויך לויפנדיק; די מענער דארפן ברוקירן גיך. בכלל מוז מען אלץ טאָן גיך און גוט, פאר דעם קלענסטן פעלער — שיסן.

די שטיינער זענען מוראדיק שווערע. טראָגן א שטיין זאלבעצווייט איז נישט דערלויבט, קייקלען זיי אויך פארבאָטן. רעדן בעת דער ארבעט טאָר מען נישט. אויף נאטירלעכע באדערפענישן מעג מען זיך בעטן נאָר איין מאָל אין טאָג, דערביי אָפּווארטן ביז עס וועלן זיך צונויפקלייבן עטלעכע מענטשן.

די פינגער זענען ביי מיר צעריבן ביז בלוט. זיי זענען בלוי, געשוואָלן, א שרעק צו קוקן.

און דער רעגן הערט נישט אויף צו גיסן. ממש אויף צו להכעיס.

קוים דערלעבט צו דערהערן א פייף אויף מיטאָג. מען האָט אונדז געהייסן גיך זיך אויסשטעלן, דערנאָך געטריבן אין לאגער. די, וועלכע זענען געשטאנען די ערשטע, האָבן באלד געקראָגן א שיסל זופּ. די הינטערשטע האָבן געמוזט ווארטן, ביז עס וועלן זיך באפרייען די שיסלען. מיר האָבן זיי געאיילט, מורא געהאט, אז מיר וועלן נישט באוויזן.

און אזוי איז טאקע געווען. כ'האָב קוים 2—3 מאָל א זופּ געטאָן, ווי די סאָלדאטן האָבן שוין גענומען יאָגן אונדז, מיר זאָלן זיך אויסשטעלן. איינער פון די וואכלייט האָט ארויסגעקלאפּט פון מיין האנט דאָס שיסעלע און די זופּ האָט זיך אויסגעגאָסן. איך האָב געמוזט זיך שטעלן אין ריי. די פּאָר טראָפּנס זופּ־וואסער האָבן נאָר אויפגערייצט דעם אפּעטיט.

כ'שלעפּ ווייטער שטיינער. איצט זענען זיי נאָך שווערער. און דער רעגן איז נאָך מער דערעסן געוואָרן. איין שמיין האָט זיך אויסגעגליטשט פון די הענט און געטראָפן גלייך אין פוס.

כ׳האָב זיך קוים דערוואַרט אויפֿן אָוונט. געקומען אין לאַגער, האָבן מיר געקראָגן צו שטיקלעך ברויט און א ביסעלע מוטנע וואַסער — „קאַווע“. כ׳האָב דאָס אַלץ מיט איין מאָל אַראָפּגעשלונגען אויפֿן הויף, נישט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן, ביז איך וועל אַרויפֿקריכן אויפֿן פּערטן שטאָק.

* *
*

ווען איך האָב אַביסל שוין אויסגעלערנט זיך שלעפּן שטיינער, האָט מען מיר געהייסן הרויבלען זיי. קיין שטיינהעקעריי בין איך, פאַרשטייט זיך, נישט. איך גיב אַ זעץ מיטן האַמער, און דער שטיין — ווי איך וואָלט זיך אפילו צו אים נישט צוגערירט. גיב איך אַ שטאַרקערן זעץ, שפּרינגען אָפּ קליינע שפּליטערס און טרעפֿן מיר גלייך אין פּנים אַריין. מיין צורה איז שוין פאַרבלוטיקט, עס טוט וויי, כ׳האָב מורא, איך זאָל, חלילה, נישט טרעפֿן אין די אויגן. און דער וואַכמאַן אײַלט מיך, שרייט. אײנער אַ מאַנצביל האָט געוואָלט לערנען מיך שטיינהאַקעריי, נאָר דער וואַכמאַן האָט נישט דערלויבט: זי מוז זיך אַליין אויסלערנען, זאָגט ער. איך פאַרמאַך די אויגן, עס גיסן זיך טרערן פֿון ווייטיק און באַליידיקונג. נאָר די שטיינער האַק איך...

* *
*

איך בעט אַלעמען, ווער עס וועט געפינען ביי זיך אַ שטיקל בלייער, זאָל עס מיר אנטלייען. איך מוז אויפשטעלן דעם פאַרפאַלענעם טייל פון מיינע געטאָ-נאָטיצן. גוט, וואָס די מאמע האָט געהייסן, איך זאָל דאָס פאַרשריבענע אויסחזרן אויף אויסנווייניק, געדענק איך נאָך. אָבער פאַרשריבן איז געווען א סך, און לאַנג געדענקען אַלץ איז אומעגלעך. אַ גאַנצן טאָג, האַקנדיק די שטיינער, חזר איך אַלץ איבער אין געדאַנק. איך „פאַרשרייב“ אויך (אין געדאַנק, פאַרשטייט זיך) דאָס איצטיקע לעבן אין לאַגער.

* *
*

איך בין גליקלעך, געקראָגן אַ בלייער! איינער פון די מענער האָט עם מיר „איבערגעשיקט“ (אונטערגעוואָרפן, ווען דער וואַכמאַן האָט זיך צוליב עפּעס אָפּגעקערט). פּאַפּיר איז נישט קיין פּראָבלעם. דאָ וואַלגערן זיך זעקלעך פון צעמענט, מיט וועלכע מיר וויקלען ארום די פיס (קיין זאָקן האָבן מיר נישט). אויף אזא אופן קאָן איך אָן ריזיקע אריינטראָגן אין לאגער פּאַפּיר.

* *
*

איך האַק נאָך אלץ שטיינער. דאָס פּנים איז שוין אביסל פארהיילט — עס טרעפן אין אים שוין נישט אזוי אָפט די שפּליטערס. כ'האָב זיך אויסגעלערנט דרייבלען שטיינער. אָבער ארבעטן איז מוראדיק שווער — ס'איז קאלט און נאַס. מיר ווייסן לחלוטין גאָרנישט, וואָס עס קומט פאָר אויף דער וועלט, מיר האָבן נישט קיינע ידיעות פון פראָנט. לויט דער שטימונג פון די היטלעריסטן איז שווער צו טרעפן.

מיך מאטערט די בענקעניש נאָך דער מאמען. צי לעבט זי שוין טאקע נישט? צי דען האָט מען ראובעלען מיט ראיעלען אויך דערהרגעט? א פרוי האָט מיר דערציילט, אז די פאשיסטן מאַכן שרעקלעכע עקספּערימענטן — זיי שינדן אָפּ די הויט, שניידן אָפּ א געזונטן פוס און נייען צו א הינטישן. פון קינדער צאפּן זיי בלוט, זיי ציען עס פון די אָדערן ביז דאָס קינד פאַלט טויט. ווי שוידערלעך עס איז צו טראַכטן, אז ראובעלען האָט מען אויך אזוי פארפייניקט. מיר דוכט זיך אלץ, אז ראובעלע זיצט אין עפּעס א קאַבינעט מיט אריינגעשטעקטע אין הענטעלע גרויסע נאָדלען און ווערט אלץ בלייכער, שוואכער, ביז ער גייט אויס...

ווען עס ווערט מיר אומדערטרעגלעך, באמי איך זיך צו אויפשטעלן אין זכרון דאָס פריערדיקע לעבן... אין אזא וועטער האָב איך האָלט געהאט צו זיצן אין שטוב. אויב ביים טאַטן פלעגן נישט זיין קיין פרעמדע מענטשן, פלעג איך אריינגיין צו אים אין קאבינעט, זיך אריינזעצן מיט די פיס אונטער זיך אין פאָטעל און לייענען א בוך. ווי גוט עס איז געווען!...

איך הער א בייזן געשריי פונעם וואכמאַן. פארטראכטנדיק זיך האָב איך אויפגעהערט צו האַקן דעם שטיין. איצט דארף מען אָניאָגן. ים

פארשווינדן דער קאבינעט, די ווארעמקייט. ווידער שטיינער, רעגן, לאַ-
גער...

* * *

מען האָט מיך אָוועקגעשטעלט אויף א נייער ארבעט — שטופּן וואַגאָנעטקעס. מיר פירן שטיינער און זאמד. בארג-ארויף דארף מען שטופּן פולע וואַגאָנעטקעס, בארג-אראָפּ לויפן מיט פוסטע.

שטופּן איז זייער שווער. אָבער אָפּשטעלן זיך טאָר מען נישט — די וואַגאָנעטקע וועט נעמען קייקלען זיך אויף צוריק, באַרג-אַראָפּ, און דערהרגענען נישט נאָר אונדז, אויך די, וועלכע געפינען זיך הינטער אונדז. קוים מיט צרות ארויפגעקלעטערט אויפן בארג, דארפן מיר אויס-לאָדן די וואַגאָנעטקע, אריבערשטעלן אויף אנדערע רעלסן און, אונטער-האלטנדיק זי, לויפן באַרג-אראָפּ. דאָס איז נאָך שווערער — די ליידיקע וואַגאָנעטקע קייקלט זיך זייער גיך, מיר באווייזן קוים נאָכלויפן נאָך איר, אָבער ארויסלאָזן זי פון די הענט טאָר מען נישט, זי קאָן עמעצן דערהר-גענען. איינעם האָט שוין טאקע צוגעקוועטשט. ער איז געווען א פּראָפע-סאָר פון ריגער אוניווערסיטעט... געווען.

ס'איז שוין נאָוועמבער. פון טאָג צו טאָג ווערט קעלטער. דער מאנטל און די שיך זענען אויסגעווייקט פון רעגן, קיין זאָקן האָבן מיר נאָך אלץ נישט. עס העלפן נישט אויך די פּאַפּירענע זעק, מיט וועלכע מיר וויקלען ארום די פיס. דאָס ערגסטע איז אינדערפרי, ווען מיר מוזן אָנטאָן די נאסע בגדים; דעם בלאָק הייצט מען נישט, די בגדים טריקע-נען זיך פאר דער נאכט נישט אויס.

די, וואָס ארבעטן אין די פאבריקן, איז א סך בעסער. דאָרט איז כאָטש טרוקן און ווארעם. די לעטישע וועבערינס, וואָס לערנען אונדזע-רע מיידלעך די ארבעט, רוקן זיי פון צייט צו צייט אונטער א שטיקל ברויט.

אייערנעכטן האָט מיר אויך אָפּגעגליקט: כ'האָב געפונען א נאָדל! אן אמתע גאנצע נאָדל! כאָטש דער וואכמאן האָט מיר א ברוק געטאָן מיט דעם פוס דערפאר, וואָס איך האָב גייענדיק זיך איינגעבויגן, אָבער נישקשה, עס האָט געלוינט, דערפאר האָב איך אַ נאָדל! כ'וועל כאָטש ברענגען אין אָרדענונג מיין קלייד, די שכנה וועט אויסלערנען. מיין שכנה

הייסט אויך מאַשע. זי איז א סך עלטער פון מיר, זייער א קלוגע און פּראַקטישע, אָבער אביסל א שטרענגע — זי קאָן נישט פאַרטראָגן קיין שלעכטע שטימונג אָדער מרה־שחורה. אפשר איז זי גערעכט. אזוי דאַרף מען זיך פירן.

מיר זענען מיט איר שכנים נישט נאָר אויף די גאַרעס, מיר זיצן אויך ביי איין טיש. די טישן שטייען ארום די ווענט, יעדערער — אויף צוואַנציק פרויען. ברויט פאַר אלעמען קריגט די טיש־עלטסטע. אָקראַ־יעצן טיילט זי לויט דער ריי (אלע ווילן דאָ אָקראַיעצן, ווייל זיי זענען האַרט און מען קאָן זיי לאַנג זויגן, ווי צוקערלעך).

* *
*

מיין קלייד זעט שוין אוים אביסל לייטישער. אמת, אונטן איז עס נישט זייער גלייך (קיין שערל נישטאָ, האָב איך געמוזט אָפּרייסן!) און די אונטערשטע ברעגן זענען אַרומגעזוימט מיט ווייסן בייגוול, נאָר דער־פאַר איז דער רוקן, אפילו דער האַלדז פאַרמאַכט.

כ'האָב אָבער אַ נייע צרה: די שיך האָבן זיך אינגאַנצן צעריסן, זיי פאַלן ממש אראָפּ פון די פיס. פון אויבן האָבן זיי זיך צעשפּאָלטן, די זוילן שטייען אָפּ, די פינגער קריכן ארויס. כ'האָב מורא, איך זאָל זיי אין איין שיינעם פרימאָרגן אינגאַנצן נישט פאַרלירן. זיי האָבן זיך שוין אין געטאָ קוים געהאַלטן, הייַנט איצט, ווען זיי זענען אייביק נאַס פון רעגן, און ראַצן זיך כסדר אין שטיינער!

מיין שכנה ארבעט אין דער פאַבריק. זי ברענגט מיר בייגוול, פלעכט איך פון דעם שטריקלעך און בינד אונטער די זוילן. אָבער בייגוול ווערט גיך דורכגענעצט, צערייסט זיך און מיינע שיך עפענען זיך ווידער. וואָס וועט זיין ווינטער? וועל איך מוזן באַרוועסערהייט גיין איבערן שניי?!

מאַשע ראָט מיר, איך זאָל בעטן ביי האַנסן א פּאָר שיך. אין קליי־דער־קאַמער זענען געווים פאַראַן אויך שיך. אָבער איך האָב מורא צו ווענדן זיך צו אים — ווייניק האָב איך זיך אָנגעמאַטערט פון אזעלכע ווענדונגען?

* *
*

זונטיק, היינט האָבן מיר געאַרבעט נאָר ביז דרײַ בײַטאָג. אין לאגער האָט מען אונדז אָװעקגעפירט, ווען עס איז נאָך געווען ליכטיק. אויף דער טאָג-שיין זעט אויס דער לאַגער גאָר אנדערש, נישט ווי אין דער פינצטער. עס רייסט די אויגן די אויפשריפט: „איר לעבט נישט דערפאַר, כדי צו אַרבעטן, איר אַרבעט, כדי צו לעבן“. דער געמויערטער צוים זעט אויס אַ סך העכער, שרעקלעכער.

אָבער דאָס אַלץ איז אַ קלייניקייט. אַ סך ערנסטער — דאָס נייע שפּיצל פון האַנסן. ער האָט אַרויסגערופן צו זיך די בלאָק-עלטסטע מיט נאָך עטלעכע מיידלעך און געזאָגט, אַז פון היינט אָן מוז יעדן זונטיק אין אָוונט זיין אַ קאָנצערט, אַנישט וועלן זיי ווערן זיינע „Spezial Freunde”. דעם טייטש פון דעם דאָזיקן אויסדרוק זיינעם האָבן מיר שוין דערשפּירט. זיינע „ספּעציעלע פריינד“ שטראָפט ער אָפּטער, שיקט זיי אויף שווערערע אַרבעטן, לאָזט זיי אָפט איבער אָן ברויט.

מיין שכנה האָט מיר געהייסן אָנשרייבן אַ ליד צום קאָנצערט. וועגן וואָס? אין שול פלעג איך פאַנטאַזירן וועגן פרילינג, נאַטור, לבנה און שטערן. כ׳געדענק, ווען מיר האָבן איינמאָל אויסגעהערט אויף אַ מוזיק-לעקציע אַ פּליטע מיט בעטהאָווענס זעקסטער סימפאָניע, האָב איך באַשריבן מיינע איינדרוקן אין שירים. כמעט אַ גאַנץ העפט אויסגעשריבן, אפילו דעם לערער איז געפעלן געוואָרן, ער האָט דעם העפט גענומען ביי מיר אויף אַן אָנדענק. וועגן דער סימפאָניע איז געווען וואָס צו שרייבן! וועגן וואָס אָבער זאָל איך שרייבן דאָ?!

מאַשע הייסט מיר שרייבן וועגן דעם לאַגער-לעבן. איך פאַרשטיי נישט, ווי קאָן מען שרייבן לידער וועגן אַזאַ גיהנום? מען קאָן באַשרייבן די שרעקלעכסטע פאַקטן, די ערגסטע געשעענישן. אָבער איבערגעבן דאָס אין שירים?... וואָס פאַר אַ פּאָעזיע איז פאַראַן אין אַזאַ לעבן?

* *
*

נעכטן נאָכן אַפּעל האָט האַנס געפרעגט, צי איז שוין פאַרטיק דער פּראָגראַם פון קאָנצערט. די בלאָק-עלטסטע האָט געענטפערט מיט אַ סאָלדאַטישן „יאַוואָל“ (אויב זי וואָלט געזאָגט דעם אמת, וואָלט זי געכאַפּט דעם אמתן גערעק).

מיר איז ממש איינגעפאלן אין הארצן — מאָרגן דארף פאָרקומען דער קאָנצערט, און איך האָב נאָך נישט אָנגעשריבן קיין איין שורה. א גאנצן טאָג, שטופנדיק די וואגאָנעטקעס, האָב איך זיך געסטאַרעט כאָטש עפּעס־וואָס „ארויסקוועטשן" פון זיך. נאָר — אומזיסט!

אין אָוונט האָב איך זיך מודה געווען פאר מאַשען, אז מיר גייט זיך נישט איין עפּעס אָנצושרייבן. אין קאָפּ שוועבן ארום בלויז די איינציקע געדאנקען: איך וויל צו דער מאַמען, ס'איז שרעקלעך שווער, קאַלט און עס מאַטערט דער הונגער.

מאַשע האָט מיט כעס א זאָג געטאָן, אז טאַקע וועגן דעם האָב איך געדאַרפט שרייבן.

ניין, זי פאַרשטייט מיך נישט. זי איז נישט די מאַמע, וועלכע וואָלט מיך אויסגעהערט, מיטגעפילט און אונטערגעזאָגט, וועגן וואָס צו שרייבן. אפשר אפילו וועגן דער שיטערער זופּ, וועגן די איבערגעבונדענע מיט שטריקלעך שיך אָדער בלויע, פאַרפרוירענע פיס...

אין קאָפּ האָבן א בליץ געטאָן עטלעכע געדאנקען. כ'בין אריינגע־לאָפן אין טואַלעט, ווו דער טומל איז קלענער, פאַרקליבן זיך אין א ווינקעלע, ביים פענצטערל, און גענומען זיך שרייבן. נאָר — אין פּראָזע.

* *

*

היינט האָט מען אין צווייטן, פוסטן בלאָק צונויפגערוקט עטלעכע טישן. דאָס וועט זיין די סצענע. אין „זאַל" שטייען פון איין זייט מענער, פון דער צווייטער — פרויען. דער קאָנצערט האָט זיך שוין אָנגעהויבן, און איך מעק נאָך אלץ און מאַך איבער מיין „שרייבעכץ". איצט איז מאַשע פיל צערטלעכער. געזאָגט א פּאָר וואַרעמע ווערטער, געגליען ביי עמעצן פאַר מיר גאַנצע שיך און געהייסן זיך נישט דענערווירן.

ווען עס איז דערגאַנגען מיין ריי, בין איך ארויפגעקראָכן אויפן טיש. אין לעצטן מאָמענט זיך א כאַפּ געגעבן, אז מען דארף, מסתמא, מאַכן א רעוועראַנס, אזוי ווי אין שול, ארויסגייענדיק צום טאָוול. כ'האָב גע־מאַכט א קניקס, אָבער זייער אומגעלומפּערט. קיינער האָט, דוכט זיך, אפילו נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס זאָל באַדייטן.

מיט א הייזעריקער שטים האָב איך גענומען לייענען מיין „מינד־לעכע ציישונג", וועלכע איך האָב א נאָמען געגעבן „ווייבער־עקספּרעס".

כ׳האָב געלייענט, אז כלומרשט פארשידענע טעלעגראף־אַגענטורן מעלדן, אז מען האָט אונדז ארויסגעשיקט א טראנספּאָרט וואָלענע זאָכן. קיין שיך זענען נאָך דערווייל נישטאָ, ווייל זיי גייען אהער, די שיך, צופוס די קארטאָפל פאר אונדזער זופּ האָט מען נאָך נישט אויסגעגראָבן, עס זענען פאראן וויכטיקערע ענינים. און אזוי ווייטער...

פון אָנהויב האָבן מיר זיך געטרייסלט די פיס, אָבער אין א ווײַלע ארום, אז איך האָב דערפילט ווי מענטשן זיפצן אונטער מיט הסכמה און ביי ווענען־נישט־איז באוויזט זיך אפילו א שמייכל אויפן פנים, האָב איך זיך בארואיקט.

נאָך מיר האָט א גרופּע פרויען געזונגען דעם „אָוונט־גלאָק“. איין מיידל פון ריגע האָט אויפגעשפּילט אויף איר קעמעלע א פּאָלקע, און נאָך איינע האָט געזונגען זייער אן אומעטיקן ראָמאנס.

נאָכן קאָנצערט האָט מען אונדז, די אָנטיילנעמער, געגעבן צו האלבע פּאָרציעס קאַלטע זופּ. מאשע האָט געהייסן אויסנוצן די גוטע שטימונג ביי האַנסן און בעטן ביי אים א פּאָר שיך. אָבער כ׳האָב נישט געקאָנט זיך אנטשיידן צוגיין צו אים. זי איז אין כעס געוואָרן, געזאָגט, אז מיט אזא כאַראַקטער וועל איך דאָ גיך פארפאַלן ווערן, און איז אליין אַוועק. האנס האָט איר געענטפערט, אז דאָ איז א קאָנצענטראציע־לאַגער, דעריבער טראָגט מען נישט קיין שיך, נאָר הילצערנע קלומפּעס. אין גיכן דארף מען זיי ברענגען פאר די מענער, דאן וועל איך אויך אפשר קריגן.

* *

*

באגינען, ווען מיר האָבן זיך נאָכן אפּעל אויסגעשטעלט לויט די בריגאַדעס, האָט האנס אָפּגעצײלט פון אונדזער בריגאדע 50 פרויען (צווישן זיי אויך מיך) און געהייסן אריבערגיין אין אַ צווייטער בריגאַדע, וועלכע מען וועט שיקן אין פאַבריק „יוגלאם מאַנופאַקטורא“.

ענדלעך איז, דוכט זיך, געקומען א סוף צו מיינע מאַטערנישן! מער וועל איך נישט דאַרפן שטופּן די שרעקלעכע וואַגאָנעטקעס און וויקן זיך אונטערן רעגן.

מיר מאַרשירן איבער אַן אומבאַקאַנטן וועג. מאָדנע איז צו זיין א „נייע“: אלץ איז פרעמד, נישט באוווסט. דערצו נאָך האָב איך קיינמאָל נישט געזען אפילו ווי מען וועבט:



אַ ווײַסער קוואַדראַט מיטן מגן־דוד, צוגענײט פֿון פֿאָרנט און פֿון הינטן אויף די קלײדער, וואָס עס האָבן געמוזט טראָגן די ייִדן

מען האָט אונדז געבראַכט אין פאַבריק. די, וואָס אַרבעטן דאָ שוין לאַנג, זענען זיך גלייך פאַנאַנדערגעגאַנגען צו די מאַשינען, דרייסט זיך געלאָזן איבער די שמאָלע דורכגענג, נישט מורא געהאַט פאַר די רעדער און פאַר די רעדעלעך. מיר אָבער, די נייע, האָבן זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל, אַבי כאָטש קיינעם נישט שטערן.

אַ שרעקלעכער טומל. אַלץ דרייט זיך, זעצט, קלאַפּט. אונדזער בריגאַדע־עלטסטע מיט איינעם אַ לעט (מסתּמא אַ מייסטער) פירט אונדז אייננציקווייז פאַנאַנדער צו די מאַשינען און הייסט זיך לערנען ביי די לעטישע וועבערינס.

איך קוק און פאַרשטיי גאָרנישט. די רעדער דרייען זיך, פלעקענער מיט לעדערנע פּאַסן יאָגן הין און צוריק אַ שיפעלע, רייען ביינוול הייבן זיך אויף, לאָזן זיך אַראָפּ, הייבן זיך ווידער אויף און לאָזן זיך ווידער אַראָפּ. נאָרוואָס געווען דאָ ביינוול, מיטאַמאָל איז דערפון געוואָרן שטאָף.

איך וואַרף אַן אויג אויף אַנדערע — וואָס טוען זיי? איינע שטייען און קוקן, אַזוי ווי איך, אַנדערע הערן זיך צו, וואָס מען דערקלערט ווי. סוף־כל־סוף האָט אויך מיין לערערקע גענומען ווייזן מיר, ווי מען פאַרבינדט אַ וועבעריש קניפּל. ווען איך קוק, ווי זי פאַרבינדט, פאַרשטיי איך אַלץ, אָבער אַז איך פּרוּוו נעמען דעם ביינוול אין מיינע פאַרגרעבטע פינגער, גליטשט ער זיך באַלד אַרויס און איך קאָן אים פאַר קיין פאַל נישט פאַרקניפּן.

ביזן סאַמע אָוונט האָט מיר מיין לעטין מער גאָרנישט נישט געוויזן, כ'האָב געמוזט זיך אויסלערנען אַליין מאַכן אַ קניפּל. די צייט איז דאָ געקראָכן נאָך לאַנגזאַמער, איידער אויף דער בוי־אַרבעט (אויף אַ נייַ אָרט איז אַלעמאָל אַזוי), נאָר גאָרנישט — דאָ איז כאָטש וואַרעם. דערפאַר אין אָוונט, ווען איך בין אַרויס אויפן גאַס, איז געווען דאָפּלט קאַלט. צוריק אין לאַגער האָב איך זיך געשלעפּט ווי אַ צעטומלטע — אין קאָפּ האָט נאָך אַלץ גערוישט, געקלאַפּט, געהאַקט. אפילו עסן האָט זיך נישט אַזוי שטאַרק געוואָלט, כאָטש פון נעכטן אין אָוונט האָב איך נאָך גאָרנישט נישט געהאַט אין מויל. איצט „עסן מיר" צוויי מאָל אין טאָג — מיטאָג־צייט די זופּ, אין אָוונט — דאָס שטיקל ברויט מיט דער אַזוי־גערופענער קאַווע. זעלטן ביי וועמען עס קלעקט אַ שטאַרקער ווילן צו צעטיילן דאָס קליינע שטיקעלע ברויט אויף דער העלפט, כדי לאָזן אויך אויף פרישטיק. מיר אַלע ווייסן, אַז מען מוז דאָס טאָן,

יעדע פון אונדז האָט נישט איין מאָל געפּרוווט דאָס טאָן, נאָר עס קומט דערפון גאָרנישט נישט ארויס. אז איך לאָז אויף אינדערפרי כאָטש איין ברעקעלע, כאַפּ איך זיך ביינאכט אומבאדינגט אויף און קאָן נישט איינ-שלאָפן, ביז איך שלעפּ דאָס נישט אַרויס פון אונטערן שעניק און עס אויף. איך טרייסט זיך נאָר מיט דעם, וואָס אפשר וועט שוין באַלד נע-מען טאָגן און כ'וואָלט אין א ווײַלע ארום במילא דאָס אויפגעגעסן...

הײַנט האָב איך זיך אויך געקליבן צו לאָזן א שטיקעלע ברויט אויף אינדערפרי, בפרט, אז אין אָוונט האָבן מיר געקראָגן אלץ מיטאמאָל — שוין די קאַלטע זופּ פון מיטאָג און ברויט. אָבער ס'איז געווען אַזוי גע-שמאַק, אז איך האָב אפילו נישט באמערקט, ווי כ'האָב אויפגעגעסן.

אין קאָפּ האָט נאָך אלץ געברויזט. כ'האָב קוים דערוואַרט זיך אויפן סיגנאל צום שלאָף.

מיטאמאָל האָב איך דערפילט, ווי מען טרייסלט מיך שטארק. ס'איז נאָך געווען נאכט, אָבער אין בלאָק ברענט דאָס פייער, אויף די נארעס — קיין איין לעבעדיקער נפש. אונדזער טיש-עלטסטע הייסט מיר גיך אויפ-שטיין. הינטער איר שטייט א בייזער און רויט, ווי אַן אינדיק, האנס.

איך קריך אראָפּ. וואָס איז געשען? די טיש-עלטסטע וואַרפט מיר ארויף אויפן פלייצע דעם מאנטל און פירט צו צום טיש. אלע זיצן שוין אויף די ערטער און קוקן עפּעס מאָדנע אויף מיר. דער אונטערשאַרפי-רער, ווי נאָר כ'האָב זיך דערנעענטערט צו אים, גיט מיר אזא פּאטש אין באַק, אז מיר איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. דערנאָך האָט ער גע-נומען שיטן א פּאטש נאָך א פּאטש. איך באמי זיך כאָטש איינהאלטן אויף די פיס, כדי ער זאָל נישט נעמען בריקען מיך מיט די פיס.

ווען ער איז שוין מיד געוואָרן, האָט ער מיך אָפּגעלאָזט, אָבער גע-הייסן שטיין אויף די קני א גאנצע נאכט.

האנס האָט געגעבן א פייף, אז אלע זאָלן זיך לייגן שלאָפן. מיך האָט ער ארויסגעפירט אויף די טרעפּ און געהייסן זיך שטעלן אויף די קני ביי די פיס פונעם וואכמאן. יענעם האָט ער אָנגעזאָגט, אז איך זאָל נישט וואגן זיך אויפשטעלן און אז קיינער זאָל מיר נישט דערלאנגען די שיך.

ווי האלט מען אויס א גאנצע נאכט? עס מאטערט די קעלט, די קני זענען פארגליווערט און טוען זייער וויי. דער וואכמאן לאָזט נישט אפילו א ריר טאָן זיך. די צייט ציט זיך שרעקלעך לאנגזאם.

פון צייט צו צייט דוכט זיך, אַז אָט־אָט וועל איך אַנידערפאַלן. אָבער דער וואַכמאַן גיט מיר אַ שטורכע מיט דער קאָלבע פון ביקס און איך גלייך זיך ווידער אויס.

עס האָט זיך געביטן די וואַך. דאָס הייסט, ס'איז ערשט צוויי אַזייגער. ווי וויַיט עס איז נאָך ביז פרימאָרגן! מסתמא וועל איך פאָרט נישט אויסהאַלטן. ווען איך שלאָף, פליט די נאַכט אַזוי שנעל פאַרביי.

אינדערפרי האָט מען מיך אויפגעהויבן: אַליין האָב איך שוין נישט געקאָנט אויסגלייכן די פיס. אויפן אַפּעל האָט מען מיך געפירט: כ'האָב נישט געקאָנט גיין.

ערשט איצט האָב איך זיך דערוווּסט, פאַרוואָס מען האָט מיך באַשטראָפט. ביינאַכט האָט דעם וואַכמאַן ביים טויער זיך אויסגעדוכט, אַז עמעצער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פאַרקן. איז צו אונדז אין בלאָק אַריינגעלאָפן אַ צעיושעטער האַנס און געהייסן אין איין מאָמענט זיך אויסשטעלן אין די דורכגענג צווישן די נאַרעס. ס'איז געקומען צו לויפן אויך דער אונטערשאַרפירער. ביידע האָבן גענומען פיבערהאַפט ציילן. יאָ, עס פעלט מאַקע איינע! נאָכאַמאָל איבערגעציילט. עס פעלט! האָבן זיי געהייסן זיך אויסשטעלן לויט די בריגאַדעס: מען דאַרף פעסטשטעלן, ווער איז אַנטלאָפן. אָבער, צום שלימזל, האָט זיך פונקט הייַנט פאַרגרעסערט די פאַבריק־בריגאַדע און די בריגאַדע־עלטסטע קען נאָך נישט אַלעמען. האָבן זיי געהייסן זיך זעצן צו די טישן, צו צוואַנציק.

וויַיזט זיך אַרויס, אַז דאָס פעל איך... די טיש־עלטסטע האָט אינסטינקטיוו אַ קוק געגעבן אויף די נאַרעס. זי האָט דערזען, ווי פון אונטער דער פאַטשיילע שטעקט מיין באָרוועסער פוס.

האַנס האָט מיך פאַרגעדענקט. גלייך נאָכן פרימאָרגן־אַפּעל האָט ער אַ געשריי געטאָן: „די, וואָס איז געשלאָפן אין דער צייט פון נאַכט=אַפּעל — דריי טריט פאָרויס!" איך בין געוואָרן אַ פאַרציטערטע — דערוואַרט מיך נאָך אַ שטראָף? איך שטיי שוין אַזוי אויך קוים אויף די פיס.

איך בין אַרויס. האַנס האָט מיך אָנגעקוקט, געפרעגט, וווּ איך אַרבעט. דערוווּסט זיך, אַז שוין אין פאַבריק, האָט ער געהייסן, איך זאָל זיך אומקערן צוריק אויפן בוי־פּלאַץ.

אָט אַזוי האָט זיך געענדיקט מיין וואַרעם לעבן, וואָס האָט געדויערט סך־הכל איין טאָג. דער מאַנגל האָט אפילו נישט באַוויזן זיך

אויסצוטריקענען. ווידער ווייק איך זיך אונטער: רעגן, ווידער קנעט איך מיט כמעט באָרוועסע פיס די בלאָטעס.

* *
*

מען האָט געבראַכט נייע פרויען. זיי זענען פון דייטשלאַנד. איינע פון זיי האָט מען גלייך באַשטימט אַלס אונדזער בלאָק־עלטסטע, און די פריערדיקע בלאָק־עלטסטע אַוועקגעיאָגט אויפן בוי־פּלאַץ.

א טייל פון די נייע וועלן זיין אין אונדזער בלאָק, די איבעריקע — אין צווייטן.

* *
*

מען האָט געבראַכט נאָך א טראַנספּאָרט — פון ריגער געטאָ. אויך דורך „קייזערוואַלד“, אויך האַלב נאַקעטע. אָבער ביי זיי האָט מען נישט צוגענומען די קינדער. צווישן זיי זענען פאַראַן אפילו אַלטע לייט. יוי גוט זיי איז!

איך פרעג ביי אַלעמען, צי האָט עמעצער געקענט מיין מומע וואָס האָט ביז דער מלחמה געוווינט אין ריגע. נאָר דערוויייל וויים איך, ליידער, וועגן איר גאָרנישט. וואָלט זי זיך כאָטש אָפּגעפונען!

* *
*

ס'איז אַרויסגעפאַלן דער ערשטער שניי. סוף־כל־סוף האָט מען אונדז געגעבן זאָקן. אמת, זיי זענען נישט זייער ענלעך אויף אמתע זאָקן. דאָס זענען גיכער שקאַרפּעטן, מערסטנטייל מענערישע, פילפאַרביקע. צו זיי זענען צוגענייט שטיקלעך אַלטע ווייבערשע זאָקן אָדער פשוט שמאַטעס. אָבער ווען עס האַלט שוין ביי דעצעמבער, מוז מען זיך פרייען כאָטש מיט אַזעלכע.

* *
*

מען האָט מיך ווידער גענומען אין פאבריק. כ'האָב געהערט, אַז דאָס האָט מאשע איינגערעדט די בריגאדירשע, זי זאָל זיך משתדל זיין פאר מיר ביי האנסן. מען האָט מיך צוגעשטעלט צו דער זעלבער לעטין. כ'האָב ווידער אָנגעהויבן פון א קניפּעלע.

איצט קאָן איך שוין אָפּשטעלן און אוועקלאָזן די מאַשין, בייט דעם ביינגול, ווען אין שיפעלע ענדיקט זיך דאָס קנײלעכל, אריינשטעלן אַן אנדערן.

איך פריר שוין נישט אזוי, דערפאר מאטערט נאָך מער דער הונ־גער.

* *
*

מען האָט געבראכט אן אויטאָ מיט הילצערנע קלומפּעס. ווען מען האָט זיין אויסגעלאָדן, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און צוגע־גאַנגען צו האַנסן. ער האָט געהייסן ווייזן מיינע שיך. באקוקט זיי, האָט ער געהייסן דער פארוואלטערין פון קליידער־קאַמער, זי זאָל מיר ארויס־געבן א פּאָר קלומפּעס, און די שיך צונעמען. ס'איז מיר א שאָד געווע־ זן מיט זיי זיך צו שיידן — די לעצטע זאך פון דער היים. נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אויב זיי זענען אזוי צעריסן.

אין קליידער־קאַמער האָט מען אפילו נישט געפרעגט, וואָס פאר א נומער איך דארף. א שלעפּ געטאָן פון קופּע א פּאָר קלומפּעס און מיר א וואָרף געטאָן זיי. די קלומפּעס זענען געווען זייער גרויסע, נאָר בעטן אויסבייטן זיי האָט פּשוט קיין זין נישט — איך וועל נאָך מיט די קלומפּעס כאפּן א זעץ אין קאָפּ פאר אזא „חוצפּה". בעסער אָנ־שטאָפּן אין זיי פּאַפּיר, אז די פיס זאָלן זיך נישט גליטשן. אז מען גיט ארויס אזא „אוצר" — שווערע קלעצער, באצויגענע מיט צעראַטע — פארשרייבט מען אויך. דאָס הייסט, אז „Heftling N 5007"
האָט באקומען איין פּאָר הילצערנע קלומפּעס. „העפטלינג 5007 №" — דאָס בין איך. פון קיין פאמיליע אָדער נאָמען ווייסט מען דאָ נישט — יעדער העפטלינג האָט דאָ נאָר א נומער. אין פאבריק מערק איך אָפּ

מיט דעם נומער דאָס אויסגעוועבטע שטאָף (איך אַרבעט שוין זעלבּ־שטענדיק). נאָך יעדע פּופּציק מעטער באַווייזט זיך אין ביינוול אַ בלוי־ער פלעק. אויף דעם אָרט דאַרף מען דאָס אויסגעוועבטע שטאָף אי־בערשניידן, פון ביידע זייטן אָנשרייבן דעם נומער פון דער וועבערין און אָפּגעבן. אָפּגעבנדיק, ווינטש איך, אַזוי ווי אַלע דאָ, אַז די פּאַשיסטן זאָלן דאָס שטאָף אויסנוצן צום באַנדאַזשירן זייערע וווּנדן.

טיילמאָל פּלעגט זיך מיר איינגעבן פרייליך צו מאַכן מיינע חבר־טעס מיט אַ וויץ אָדער מיט אַן אויסגעזונגען אין דער שטיל לידל. און אויב נישט פרייליך מאַכן, איז כאָטש אַרויסרופן אויף די אויסגעצער־טע געזיכטער אַ סימן פון אַ שמייכל — דאָס איז אויך שוין עפּעס ווערט.

די ערשטע צייט, ווען איך האָב זיך נאָרוואָס אויסגעלערנט אַר־בעטן זעלבשטענדיק, האָב איך זיך שטאַרק געפּלייסט און כמעט יעדן טאָג אויסגעאַרבעט צו פּופּציק מעטער. איצט האָט מען מיך אויסגעע־לערנט סאַבאָטירן — אַביסל אָפּשרויפן אַ שרייפעלע אָדער איינשניידן אַ רימען, אַז די מאַשין זאָל בלייבן שטיין. איך רוף דעם מייסטער, ער גריבלט זיך, מאַכט צורעכט, און נאָכדעם שרייבט ער אַריין אין קאַר־טעלע, וויפל שעה די מאַשין איז געשטאַנען.

יעדן טאָג „צעבּרעכט" זיך די מאַשין ביי אַן אַנדערער, און יעדעס מאָל אויף אַן אַנדער אופן.

* *
*

עס דוכט זיך, אַז אויף דער וועלט עקזיסטירט בלויז אַ לאַגער, אַר־בעט, הונגער און קעלט.

אַמאָל פלעגן אַזוי אָפט זיין אָדליגעס, און איצט, ווי אויף צו להכעיס, הערן נישט אויף די בייזע פרעסט. דאָס מאַנטעלע איז אַ זו־מערדיקס, דאָס קליידל אַ זיידנס, אָן אַרבל, גייענדיק צו דער אַרבעט און פון דער אַרבעט נעמט מיך דורך דער פראָסט אויף דורך און דורך. די קני ווערן בלוי און ברענען ממש. מיר באַווייזן נישט צו קומען אין לאַגער און אַרויפלויפן אין בלאָק — רופט מען שוין אויפן אַפּעל. מיר שטייען אויפן אַפּעל־פּלאַץ און פרירן — דער אונטערשאַרפירער איילט זיך נישט אַרויסצוגיין. מיר מוזן שטיין אויפן פראָסט, ווי מאַנעקינען, נישט אַ ריר טאָן זיך.

אויב ביים צײלן דוכט אים אויס, אז עמעצער האָט זיך א באוועג געטאָן, לאָזט מען אונדז אלס שטראָף שטיין אויפן פראָסט ביז האלבער נאכט.

די וואָך אַרבעט איך אין דער בײנאַכטיקער שיכט. די איינציקע מעלה איז, וואָס איך מייד אויס די שרעקלעכע שטראָף — שטיין אויפן פראָסט. נאָר בכלל איז די נאַכט־שיכט אַ סך אַ שווערערע: פאַרטאָג ווילט זיך זייער שלאָפן, דאָס ליכט שניידט די אויגן, און פון הונגער רעוואָלטירט אין בויך. אינדערפרי, ווען קוים לעבעדיקע און דערפרוירענע דערשלעפּן מיר זיך אין לאַגער, לאָזט דער פראָסט נישט איינשלאָפן: אין פוסטן בלאָק, דורך די שפּאַלטן פון די פאַרפרוירענע פענצטער, בלאָזט דער ווינט, שיט דער שניי. בײנאכט, ווען אין בלאָק שלאָפן א סך מענטשן, איז עטוואָס וואַרעמער. צודעקן זיך מיט א צוגאָב־דעקע דערלויבט האַנס נישט — מען דאַרף זיך „פאַרהאַרטעווען". ער קומט ספּעציעל קאָנטראָלירן, ווי מיר שלאָפן. אויב ער געפינט עמעצן אונטער צוויי דעקעס — יאָגט ער זי א נאַקעטע ארויס אין הויף.

די לעצטע צייט דוכט מיר אַלץ אָפטער און אָפטער, אז מער וועל איך נישט אויסהאַלטן, דאָס האַרץ וועט פּלאַצן. אָבער עס פּלאַצט נישט, דער ווייטיק ווערט טעמפּער און אַלץ חזרט זיך איבער ווי געוועזן — איך שטיי אויף, לייג זיך, אַרבעט לויטן פייף...

* *
*

כ׳האָב דאָ געטראָפן א ריגער פרוי, וואָס האָט געקענט מיין ריגער מומע מיטן פעטער. ליידער, זענען זיי שוין ביידע נישטאָ. דעם פעטער האָט מען דערשאָסן אין די ערשטע טעג, די מומע איז מיט ביידע קינדער געוועזן אין ריגער געטאָ, האָט זייער געהונגערט, ווייל זי האָט נישט געקאָנט ארויסגיין צו דער ארבעט: נישט געהאַט ווו צו לאָזן די קינדער. זי מיט ביידע ייִנגעלעך האָט מען אוועקגעפירט אויפן אומשלאַגפּלאַץ און דערשאָסן.

* *
*

די נעכטיקע אימה איז שווער זיך צו דערמאָנען, נאָר עס איז אומעגלעך זי צו פאַרגעסן.

אין אָוונט, ווען די בוי־אַרבעטער האָבן זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט, האָט מען זיי ביים טויער שטאַרק אונטערזוכט. איינער פון די וואַכלייט האָט געמאָלדן, אַז ער האָט געזען, ווי אַ פאַרבייגייער האָט עמעצן אַריינגערוקט אַ שטיקל ברויט. דאָס ברויט האָט מען געפונען ביי צוויי מענער — ביי יעדן צו איין שטיקל. בעת דעם אָוונט־אַפּעל האָט מען וועגן דעם געמאָלדן דעם אונטערשאַרפירער.

ווען דער אַפּעל האָט זיך געענדיקט, האָט דער אונטערשאַרפירער אָנשטאָט דער קאָמאַנדע, מען זאָל זיך פאַנאַנדערגיין, געהייסן ביידע „פאַרברעכער“, זיי זאָלן אַרויסגיין פאָרויס, זיך אַוועקשטעלן אנטקעגן אונדזערע רייען און זיך אויסטאָן. זיי קוקן מיט שרעק: עס שיט אַ שניי, עס ברענט דער פראָסט. נאָר די שמיץ פון דער נאַהייקע צווינגען צו פאָלגן. אונדז הייסט מען שטיין גלייך און קוקן, כדי דאָס זאָל אונדז דינען אַלס לערע.

פון קיך ברענגט מען צוויי עמער וואַרעם וואַסער און מען גיסט זיי אויס אויף די קעפּ פון די ביידע מענער. זיי טרייסלען זיך, נעבעך, קלאַפּן מיט די ציין, רייבן אויף זיך דאָס וועש, פון וועלכן ס׳גייט אַ דאַמף, נאָר די סאָלדאַטן טראָגן אַרויס נאָך צוויי עמער וואַרעם וואַסער. מען גיסט זיי ווידער אויס אויף די קעפּ פון די אומגליקלעכע. זיי הייבן אָן צו שפּרינגען, טאַנצן. די סאָלדאַטן מיטן אונטערשאַרפירער אַמוזירט זייער דאָס בילד.

די עקזעקוציע חזרט זיך איבער יעדע צוואַנציק מינוט. די אומגליקלעכע זענען שוין נישט ענלעך אויף מענטשן — ביים עלטערן פון זיי האָט דער נאַקעטער קאָפּ זיך באַדעקט מיט אַ דין אייז־הייטעלע, ביים ייִנגערן, וואָס רייסט און פּאַטלט די האָר פון ווייטיק, שטעקן די האָר ווי פאַרפרוירענע בעזימלעך. דאָס וועש איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אייז, די פיס — ווייס, ווי ביי אַ טויטן.

די וואַכלייט קייכן פון געלעכטער, פרייען זיך, אַז דאָס איז אַ גוטע ווינאַכט־פאַרווייַלונג. יעדערער פון זיי גיט עצות, ווי צו גיסן דאָס וואַסער. „אין די הויזן!“ — שרייט איינער. „דעם קאָפּ טונק איין, דעם קאָפּ!“ — הירזשעט אַ צווייטער.

ביים אָפּגיסן זיי מיט וואַסער, פּרוּוון זיך די צוויי אומגליקלעכע אָפּשפּרינגען, אָבער מען כאַפּט זיי ווי פאַריאָגטע חיות, און מען קערט

זיי אום אויפן אָרט. ווען כאָטש א טראָפּן וואסער פארגיסט זיך פארביי זיי, איז אנשטאָט דעם „אומזיסט“ פאַרגאָסענעם וואסער ברענגט מען א גאנצן עמער. די אומגליקלעכע הויבן נעבעך די טויט־ווייסע נאקעטע פיס, כדי זיי זאָלן נישט צופרירן צום שניי.

כ'וועל נישט אויסהאַלטן! כ'וועל משוגע ווערן! וואָס די סאַדיסטן טוען אָפּ! ס'איז דאָך א שוידער!

סוף־כל־סוף האָבן די היטלעריסטן געהייסן זיך פאנאנדערגיין. האנסן האָט מען אָנגעזאָגט, ער זאָל מאָרגן דיביידע פון דער ארבעט נישט באפרייען, מעגן זיי אפילו האָבן צו 40 גראד היץ.

דער עלטערער איז היינט געשטאָרבן. ער איז אנידערגעפאלן לעבן וואגאָנעטקע און מער נישט אויפגעשטאנען. דער צווייטער האָט יאָ געארבעט, כאָטש קוים זיך געהאלטן אויף די פיס, געגרעדט פון היץ. ווען די וואכלייט פלעגן נישט באמערקן, האָבן די חברים זיך געמיט צו העלפן אים ווי־נישט־איז דערציען ביזן סוף פונעם ארבעטס־טאָג.

*　　*
*

האַנס האָט צוגעטראכט א נייעם אופן פון פייניקן אונדז — „לופּ־טערן די לונגען“.

די פאבריק ארבעט זונטיק נישט, דעריבער שיקט ער זונטיק די פאבריק־ארבעטער אויף דער בוי־ארבעט. דאָס וואָלט אפשר געווען יושרדיק, ווען זיי וואָלטן פארבייטן די בוי־אַרבעטער, כדי יענע זאָלן כאָטש איין טאָג קאָנען אביסל אָנוואַרעמען זיך. אָבער דווקא דאָס לאָזט זיי האנס נישט, ער צווינגט זיי „לופטערן די לונגען“. פון באַגי־נען אָן מוזן זיי מארשירן איבערן לאגער און זינגען. באזונדערס גע־פעלט האנסן איין ליד, וואָס איז ספּעציעל פאר אונדז איבערגעמאכט געוואָרן: „מיר זענען געווען די הארן פון דער וועלט, איצט זענען מיר די לייז פון דער וועלט“.

וואָס שטארקער דער פראָסט, אלץ לענגער צווינגט אונדז האנס צו מארשירן — די לונגען מוזן זיך גוט „אויסלופטערן“.

*　　*
*

היינט האָט מיר איינע א פרוי געזאָגט, איך זאָל אויפהערן שרייבן מיינע חכמות. פון וואָס לאַך איך? פון אונדזערע צרות?

ווען איך האָב וועגן דעם דערציילט מאשען, האָט זי מיר געזאָגט: מען דאַרף נישט באַמיִען זיך צו געפעלן ווערן יעדן איינעם — אלעמען נאָכגעבן איז אוממעגלעך. מען דאַרף טראַכטן מיטן אייגענעם שכל. שרייבן מוז מען — סיי חכמות, סיי ערנסטע זאַכן. אויב מיין „שטראָס־דענהאָפער הימן" זינגען אפילו אזעלכע, וועלכע האָבן מיך קיינמאָל אין די אויגן נישט געזען, אפילו יענע, וואָס געפינען זיך אין די אנדערע בלאָקן, דער גאַנצער לאַגער, איז א סימן, אז די מענטשן געפעלט ער. און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע.

מסתמא איז זי גערעכט.

* *
*

א נייע מין שטראָף האָבן צוגעטראַכט די ס״ס־אָווצעס.

אפשר איז דאָס אפילו נישט קיין שטראָף, נאָר סתם א מין „פאַר־ווײַלונג". עס דערנעענטערט זיך דער פרילינג און האַלטן אונדז אויפן פראָסט איז שוין נישט אזוי אינטערעסאַנט.

נאָכן אפעל האָט האנס געהייסן זיך איבערשטעלן אזוי, אז צווישן די רייען זאָל בלייבן א קאָרידאָר פון איין מעטער די ברייט. נאָכדעם האָט ער באַפוילן זיך צוזעצן אויף די קני און שפּרינגען. לכתחילה האָבן מיר נישט פאַרשטאַנען, וואָס וויל ער פון אונדז, נאָר האנס האָט גע־געבן אזא געשריי, אז אפילו נישט פאַרשטייענדיק, האָבן מיר גענומען שפּרינגען.

איך האַלט זיך נישט איין אויף די פיס. קוים וואָס איך אָטעם. און האנס טראָגט זיך צווישן די רייען, שמייסט מיט דער נאַהייקע און שרייט, אז מיר זאָלן נישט סימולירן. נאָר צורירן זיך מיטן געזעס צו דער ערד טאָר מען נישט, מען מוז שפּרינגען, ווי די פראָגעס.

דאָס הארץ קלאַפּט, איך ווער דערשטיקט! כאָטש אויף איין מינוט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. עס שטעכט אין זייט! אוממעגלעך טוט ווײ, ב'קאָן מער נישט! און האנס לאָזט נישט אראָפּ קיין אויג.

איינע האָט געחלשט. אָט־אָט חלש איך אויך. געבן הילף דער גע־חלשטער לאָזט האנס נישט. אלע מוזן שפּרינגען. נאָך איינע איז אנ־

דערגעפאלן. זי בעט הילף, ווייזט, אז זי קאָן נישט רעדן. עמעצער האָט א געשריי געטאָן: „זי איז שטום געוואָרן!"

סוף־כל־סוף איז האַנס אליין מיר געוואָרן. אונדז אָפּגעלאָזן. די, וועלכע זענען געלעגן אין חלשות, האָט ער נישט געלאָזט אויפהייבן — זיי סימולירן, זיי ווילן אליין אויפשטיין. און אויב נישט, זענען זיי שוואַכע און קאָנען נישט ארבעטן, דאַרף מען פארשרייבן זייערע נומערן. עטלעכע פרויען כאַפּן די אומגליקלעכע און שלעפּן זיי אוועק ווייטער פון האַנסן. אליין נישט קענענדיק זיך אויסגלייכן, פּויזענדיק כמעט אויף אלע פיר, שלעפּן זיי זייערע חברטעס, וועלכע זענען נאָך אלץ נישט געקומען צו זיך. אָבער נאָר ביז די טרעפּ. אויף די טרעפּ קאָנען מיר נישט ארויפקריכן. מיר זיצן אויפן שטיינערנעם דיל און שלינגען מיטן מויל די לופט. אנדערע פרוון קלעטערן אויף אלע פיר. קוים מיט צרות ארויפגעקראָכן עטלעכע טרעפּעלער, בלייבן זיי זיצן. איך קאָן נאָך אלין נישט נאָרמאל אָטעמען. איך וויל בעטן א פרוי, זי זאָל מיר העלפן אָנ־כאַפּן זיך אין דער פּאָרענטשע, אפשר וועל איך אויף אזא אופן קאָנען זיך אויפהייבן. אָבער קוים מיט צרות קוועטש איך ארויס פון זיך א וואָרט. וואָס מער איך סטאַרע זיך רעדן, אלץ שווערער קומט עס מיר אָן.

מער וואַג איך נישט א וואָרט צו זאָגן.

ענדלעך, שלעפּ איך זיך קוים אליין ארויף אויפן פערטן שטאָק. כ'וואָלט זיך צוגעלייגט, נאָר ביזן סיגנאַל טאָר מען נישט. איך פאַל אַנ־דער אויך דער באַנק ביים טיש, לייג אוועק דעם קאָפּ אויף די הענט און זיץ. אָבער אזוי איז נאָך שווערער צו אָטעמען, כ'מוז זיך אויסגלייכן. איך זיץ און קוק, ווי דורכן טיר שלעפּן זיך נאָך אזעלכע, ווי איך, האַלב לעבעדיקע, קוים עטעמענדיקע נפשות.

מיטאַמאָל איז אין טיר אויסגעוואַקסן האַנס. באַקוקט אונדז אַזן, ווי עס וואָלט גאָרנישט נישט געשען, א פרעג געגעבן, פאַרוואָס איז דאָ אזוי שטיל, הײַנט איז דאָך זונטיק, יום־טוב — מען דאַרף זינגען.

מיר שווייגן. „זינגען!" — האָט ער מיט כעס א געשריי געטאָן. — „אָדער איר וועט שפּרינגען!"

איינע האָט אָנגעהויבן מיט א ציטערנדיק שטימעלע, די צווייטע האָט א קוויטש געטאָן, עס האָבן זיי אומדרייסט אונטערגעהאַלטן נאָך עטלע־כע הייזעריקע שטימען. איך מורמל אויך.

האָס מויל עפנט זיך, און אין אים ריגען געזאַלצענע טרערן...

* *
*

מיר ווייסן שוין, פאַרוואָס מיר האָבן אײַערנעכטן געשפּרונגען — עמעצער גיט איבער די היטלעריסטן וועגן אונדערע „בונטאַרישע רייד“.

ווען אַרבעט קאָן דאָס זיין? ווער וויל בײַ זיי זיך אויסדינען? אַלע זענען חושד „יענעם ווינקל“ — די געקומענע פון דייטשלאַנד. אָבער ווי דערוויסט מען זיך דעם אמת? ווי כאַפּט מען די פאַרעטעריו?

די מיידלעך וועלן קאָנטראָלירן אַלע נײַ אָנגעקומענע. אין דער אָנ־זועזנהייט פון איינער וועלן זיי עפּעס זאָגן וועגן דעם אונטערשאַרפירער אָדער וועגן האַנסן. אויב מען וועט אונדז דערפאַר נישט באַשטראָפן — הייסט עס, אַז זי איז נישט קיין מסורטע. וועלן זיי זיך נעמען צו אַן אַנ־דערער. און אַזוי וועלן זיי „דורכטרייסלען“ אַלע, ביז זיי וועלן נישט גע־פינען די אמתע מסורטע.

מיך נעמען זיי אין דער קאָנטראָל נישט אַריין — כ׳קאָן אַרויס־פאַלן, און איך האָב שוין אַזוי אויך גענוג אָנגעליטן זיך — אַ די צוויי־נער האָט מען מיר אויסגעהאַקט, אַ אויף די קני געשטעלט אויף אַ גאַנ־צער נאַכט. און נאָכן שפּרינגען הויב איך ערשט איצט אָן נאָרמאַל צו רעדן.

* *
*

היינט איינדערפרי, נאָכן אַפּעל, האָט האַנס געמאָלדן, אַז אין אונ־דזער בלאָק איז פאַרפאַלן געוואָ־ן אַ פּאָר שיך. איינע אַ פרוי איז גע־קומען צו אים בעטן קלומפּעס, ווײַל באָרוועס קאָן זי נישט אַרויסגיין צו דער אַרבעט. ווער האָט גענומען די שיך?

שטיל...

האַנס איז בייז געוואָרן. אויב ביז אָוונט וועלן די שיך זיך נישט גע־פינען, וועט ער ווייסן, ווי אונדז צו באַשטראָפן. אין לאַגער טאָרן נישט זיין קיין גנבות!

אַרויסגייענדיק צו דער אַרבעט, האָט מען אַלעמען ווי געהעריק אונטערזוכט. די שיך, פאַרשטייט זיך, נישט געפונען.

דעם גאַנצן טאָג האָט די גנבה נישט געלאָזן צורו. ווער האָט גע־קאָנט נעמען? און צוליב וואָס? דער גנב וועט דאָך נישט קאָנען אַליין זיי אָנטאָן, נישט באַהאַלטן זיי (דאָס איינציקע אָרט צו באַהאַלטן איז העד שעניק, און אים קאָנטראָלירן די היטלעריסטן גאַנץ אָפט). די ווײַבער האַלטן, אַז די גנבה איז אָדער אַן אויסגעטראַכטע מעשה, אַ פּראָוואָקאַציע, אָדער די פרוי האָט פּשוט אַליין ערגעץ פאַררוקט אירע צע־ריסענע שיך, כדי צו קריגן גאַנצע קלומפּעס.

אין אָוונט פאַרן אַפּעל האָב איך פאַרגעלייגט אויסצוטאָן די זאָקן: מסתמא וועט מען ווידער דאַרפן שפּרינגען, וועט פון די אויך־מיר־זאָקן קיין זכר נישט בלייבן. אָבער קיינער האָט מיין פאָרשלאָג נישט אונטער־געהאַלטן — עס איז קאַלט.

נאָכן אַפּעל האָט האַנס אַ זאָג געטאָן, אַז באַלד וועט ער אונדז ווײַזן, וואָס עס הייסט גנבענען. ער האָט געהייסן זיך איבערשטעלן צום שפּרינגען..

„וואָס האָב איך געזאָגט?“ — גיב איך אַ ביטערן שמייכל צו מאַ־שען. האַנס האָט דאָס באַמערקט, געהייסן צוגיין צו אים. איך בין פאַר־שטיינערט געוואָרן. ער האָט מיך ארויסגעשלעפּט פון ריי און אַזוי גע־נומען בויקערן, אַז מיר איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. ווי פון ווייט האָבן זיך צו מיר דערטראָגן זיינע ווערטער, אַז איך זאָל „Sollieren“ — שפּרינגען „סאָלאָ“ פאַר דער גאַנצער ריי.

מיר שפּרינגען: איך — אַנטקעגן זיי, — זיי אַנטקעגן מיר. האַנס, ווי שטענדיק, לויפט אַרום צווישן די רייען מיט שוים אויפן מויל און קוקט זיך אַלץ אום אויף מיר: „דו קענסט לאַכן, איז קען איך שפּרינ־גען“.

קוים וואָס איך אָטעם. די כוחות גייען מיר שוין אינגאַנצן אויס. אפילו זיך אָפּגעשטעלט אויף אַן אויגנבליק, קאָן איך נישט אַריינציען דעם אָטעם. מיר דוכט, אַז איך שפּרינג שוין נישט, נאָר די פיס, געליימ־טע און פולע מיט ווייטיק, הויבן מיך מעכאַניש, ווי אויף פּרוזשינעס. און לאָזן ווידער אַראָפּ...

איך געדענק כמעט נישט, ווי מען האָט אונדז אָפּגעלאָזט און ווי מאַ־שע האָט מיך, קוים אַ לעבעדיקע, געשלעפּט אויף די טרעפּ. נאָכדעם האָט האַנס, דוכט זיך, געהייסן זינגען, אָבער אַלע האָבן געשוויגן. אוועק־גייענדיק, האָט ער אָנגעשראָקן, אַז מאָרגן וועלן מיר ווידער שפּרינגען...

* *
*

מאשע האָט אָנגעשריבן א ליד וועגן לאגער. איך האָב זיך, פאַר־שטענדלעך, נישט וואָס צו גלייכן צו איר. איך קען נאָר אָפּלאַכן פון אונדזערע צרות. איר ליד איז אַן ערנסטס. עס שפּירט זיך טיפער ווייטיק, אָבער נישט קיין האָפענונגסלאָזיקייט. זי ענדיקט מיט די ווערטער, אז דאָס אייז וועט נעמען פּלאַצן, און דאַן וועלן מענטשן דערלאַנגען איינער דעם צווייטן פרייע פון קייטן הענט!

* *
*

געכטן איז געווען אן אַקציע... דאָ הויבט זיך דאָס שוין אויך אָן...

אין דער צייט פונעם אָוונט־אַפּעל זענען אין הויף אָנגעקומען א סך סאָלדאַטן. לכתחילה האָבן מיר אויף זיי נישט געלייגט קיין אכט. ווען מיר האָבן אָבער דערזען, ווי אייניקע פון זיי רינגלען אונדז ארום, און די איבעריקע זענען אוועק אין די באָקן — האָבן מיר זיך גוט דערשראָקן.

וואָס וועט דאָ זיין?

דער אַפּעל גייט ווי שטענדיק. האַנס ציילט: פון קעסל־רוים און פון קיך קומען צו לויפן די הייצערס און די קיך־ארבעטער (זיי מעגן זיך שטעלן אין לעצטן מאָמענט). עס קומט דער אונטערשאַרפירער. אלץ ווי שטענדיק.

און פּאָרט קומט עפּעס פאָר...

וואָס טוען די סאָלדאַטן אין די באַראַקן? אַן אונטערזוכונג? און אין מיין שעניק ליגט דאָס טאָגבוך. מאַשע האָט שוין לאַנג געהייסן אלץ באַגראָבן. פאַרוואָס האָב איך זי נישט געפאָלגט? איצט וועט מען גע־פינען... ,

און צוליב וואָס האָט מען אונדז ארומגערינגלט? אז מיר זאָלן זיך נישט וואַרפן אהין, טאָמער איז עפּעס באַהאַלטן אין די שעניקעס? דאַך איז דאָס נישט ענלעך אויף אַן אונטערזוכונג — א צו גרויסע וואַך.

דער אונטערשאַרפירער האָט אונדז שוין איבערגעציילט, אָבער קיין קאָמאַנדע וועגן פאַנאַנדערגיין זיך גיט ער נאָך נישט. ער לאָזט אָפּ נאָר די קיך־אַרבעטער און די הייצערס.

פון צווייטן בלאָק פירן די סאָלדאַטן אַרויס צוויי עלטערע ייִדענעס. זיי זענען קראַנק און אויפן אַפּעל נישט אַרויס (האַנס האָט אין ראַפּאָרט געזאָגט, אַז עס זענען פאַראַן צוויי קראַנקע). מען פירט זיי צו די שוואַרצע פאַרמאַכטע אויטאָס. מיר האָבן גאָר נישט באַמערקט, ווי די אויטאָס זענען אַריינגעפאָרן אין הויף. אַנדערע סאָלדאַטן נעמען צו ביי די פרויען, וואָס שטייען צום סוף פון דער ריי, זייערע קינדער. אין ערשטן מאָמענט האָט קיינער גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען, נאָר פּלוצלינג האָבן אַלע אָנגעהויבן שרעקלעך שרייען און יאָמערן. די מאַמעס וואַרפן זיך צו די אויטאָס, ווילן נישט אָפּגעבן די קינדער, וויינען, שילטן. איינע בעט זיך ביים סאָלדאַט, ער זאָל זי אויך לאָזן פאָרן מיטן זונעלע. אַ צווייטע פאַלט אויף די קני, כאַפּט אָן דעם סאָלדאַט פאַרן פוס, ער זאָל נישט קאָנען אַוועקטראָגן איר קינד. דער יונג גיט איר אַ בריק מיטן שטיוול אין פּנים און גייט אַוועק מיטן קינד וואָס פאַרגייט זיך פון געוויין. איינע וויל מיט געוואַלד אַרויסרייסן איר קינד, בייסט דעם סאָלדאַט אין האַנט, נאָר צוויי אַנדערע סאָלדאַטן כאַפּן זי אָן, פאַרדרייען איר אויף הינטן די הענט און שלעפּן אַוועק אין אַ זייט. זי ראַנגלט זיך, וואַרפט מיטן קאָפּ, שרייט, נאָר אַרויסרייסן זיך קאָן זי נישט.

איינע אַ מאַמע טראָגט אַליין אַוועק איר טעכטערל צום אויטאָ. דער היטלעריסט גיט אַ שלעפּ דאָס עופעלע, וויל אַריינוואַרפן אין אויטאָ, אָבער דאָס קינד פאַרוואַרפט די הענטלעך אַרום זיין האַלדז און טוליעט זיך צו אים. די מאַמע כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ און פאַלט אַנידער ווי אַן אומגעשאָסענע. דער היטלעריסט שפּרייזט אַריבער איבער דער מאַמען און שטופּט אַריין דאָס מיידעלע אין אויטאָ.

מען פירט אויך עלטערע לייט. די מאַמעס וואַרפן זיך צו זיי, בעטן אַכטונג געבן אויף די קינדער, שרייען אויס זייערע נעמען, ווייזן, אין וועלכן אויטאָ זיי זענען.

די אויטאָס גיבן אַ גלאַנץ מיט זייערע שוואַרצע זייטן און פאָרן אַרויס פון הויף. די מאַמעס בלייבן דאָ. זיי וויינען, קלאָגן, רייסן אויף זיך די האָר. די געחלשטע פרוי קאָנען מיר נאָך אַלץ נישט אָפּמינטערן.

זי ליגט, אין די הענט האַלט זי קאַנוולסיוו פאַרקוועטשט אַ הויפן ערד מיט שטאַרצענדיקע גרעזעלעך.

ס'איז דאָך פרילינג...

*     *
*

די מיידלעך האָבן געמאַכט דעם גרויליקן „חשבון" — שבת, בעת דער קינדער־אַקציע, האָט מען אַוועקגעפירט 60 קרבנות: 41 קינדער און 19 זקנים.

*     *
*

מיר האָבן ווידער געשפרונגען. מאַשע האָט מיך די גאַנצע צייט שטיל געלערנט אָטעמען — אַריינציען לופט, פאַרהאַלטן, אויסאָטעמען און שפרינגען ריטמיש, אין טאַקט מיטן אָטעמען. ווען דער אונטער־שאַרפירער קערט זיך אָפּ, זאָל איך נאָר הויבן די פּלייצעס, אימיטירנ־דיק שפרונגען.

ווען ס'האָט גענומען ווערן פינצטער, האָט דער אונטערשאַרפירער אונדז אָפּגעלאָזן. אין דער פינצטער איז שוין נישט אַזאַ עפעקט. האַנסן האָט ער געהייסן לאָזן אונדזער בלאָק אָן ברויט. אונדז האָט ער ביים אַוועקגיין געדראָט, אַז אויב מיר וועלן כאָטש נאָך איינמאָל רעדן פרעך וועגן דער דייטשישער מאַכט — וועט מען דאָ אויפן אָרט דערשיסן נישט בלויז יענע, וועלכע האָט גערעדט, נאָר אויך יענע, וועלכע האָבן געהערט און נישט דערציילט.

אָט פאַרוואָס מיר האָבן געשפרונגען!

ווייזט זיך אַרויס, אונדז האָט געמסרט ראָזע. די מיידלעך לייגן פאַר אָנברעכן איר די ביינער, און איך זאָג, אַז מען דאַרף צוטראַכטן עפּעס אַן ערנסטערע שטראָף. אַשטייגער, וואָס? — ווייס איך אַליין נישט. אפשר איגנאָרירן זי, נישט רעדן מיט איר. אָבער די מיידלעך נעמען דאָס נישט אָן — ס'איז צו אינטעליגענט. איבערציילן איר אַלע ביינדעלעך — זאָל זי אויף ווייטער וויסן!

איך וועל מוזן היטן ביי דער מיר: אויב דער וואַכמאַן וועט זיך דערנענטערן, געבן א צייכן.

ביינאַכט האָבן די מיידלעך, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט, מיך אויפֿגעוועקט און א באַרוועסע (די קלומפּעס קאָנען מיט זייער קלאַפּן אויסגעבן) אוועקגעפירט אויף מיין פּאָסטן. עטלעכע זענען ארויפגעקראָכן אויף די אויבערשטע נאַרעס, איבער דעם אָרט, וווּ אונטן, אויפן ערשטן שטאָק, שלאָפט ראָזע. איין מיידל האָט מיט א געביטענער שטים זי אויפגעוועקט, געזאָגט, אז די שכנה האָט געהלשט (ראָזע איז פאַר דער מלחמה געווען א קראַנקן-שוועסטער). ווי נאָר ראָזע האָט זיך ארויסגערוקט פון דער נאַרע, האָבן פון אויבן געגומען פאַלן קאָלדרעס. די מיידלעך זענען אראָפּגעשפּרונגען, זי אָנגעכאַפּט, נישט געלאָזן זיך ארויסרייסן פון אונטער די קאָלדרעס, און גענומען נעריקן, בוויקערן די ביינער, ווי עס באַדאַרף צו זיין, נאָר אזוי שטיל, אז אפילו איך האָב כמעט גאָרנישט נישט געהערט, כאָטש כ׳האָב געוווסט, וואָס דאָרטן טוט זיך.

נאָך דעם אלעם האָב איך זיך צוריק געלייגט אויף מיין אָרט, אָבער איינשלאָפן האָב איך נישט געקאָנט — מאַמער וועט זי זיך קלאָגן? אמת, זי ווייסט נישט, ווער עס האָט זי געשלאָגן, אָבער דאָס שפּילט נישט קיין שום ראָל — שטראָפן וועט מען אלעמען. אפשר האָט מען פאָרט די גאַנצע מעשה נישט באַדאַרפט? דאָס ערשטע מאָל וואָלט גענוג געווען אָנצושרעקן זי.

היינט גייט ראָזע ארום א בייזע. מיט געשוואָלענע אויגן און קוקט נישט אויף קיינעם. אָבער קלאָגן זיך האָט זי, ווייזט אויס, מורא.

*  *

*

מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מיר מאשע געזאָגט, אז די פרויען פון אונדזער טיש וועלן פייערן דעם ערשטן מאי. ווען מיר וועלן קריגן די ברויט-פּאָרציעס, וועלן מיר נישט אראָפּשלינגען זיי, ווי שטענדיק, גלייך אויפן אָרט, שטייענדיקערהייט. מיר וועלן זיך פריער אלע אויסזעצן ארום טיש, יום-טובדיק. עמעצער האָט צוגעזאָגט צו קריגן א צייטונג און דערציילן, וואָס מען שרייבט דאָרטן. פאַרשטייט זיך, פון א פאשיסטישער צייטונג קאָן מען זיך קיין סך נישט דערוויסן, דאָך וועלן מיר כאָטש דערהערן, וועלכע שטעט זיי האָבן ווידער פאַרלאָזן „צוליב סטראַטעגישע טעמים“ אָדער „כדי אויסגלייכן דעם פראָנט“.

בעלנים צו פראווען דעם יום־טוב האָבן זיך געפונען א סך. האָבן מיר אין דער נאכט פון ערשטן מאי צונויפגערוקט דריי טישן און זיך אויסגעזעצט. ליזע דערציילט וועגן פראָגט. מיר האלטן אין חשבונען, ווען קאָן די רויטע ארמיי שוין זיין דאָ. האָט ברויט עסן מיר מיט קליינינקע ביסנס, געלאסן, רואיק. פון די רייד וועגן פרייהייט ווערט אויפן הארצן אזוי גוט און גרינג.

פלוצלינג האָט זיך מיר אָפגעריסן אין הארצן — אין טיר שטייט דער אונטערשארפירער! און ליזע, אנשטאָט דעם אויסרוף „Achtung”[1] האָט גאָר געוואונען זינגען „לאנגע יאָר!” א... זי מאכט זיך, אז זי האָט דעם אונטערשארפירער נישט באמערקט! מאַשע זינגט מיט און שטור־כעט מיר אין זייט, כ׳זאָל אויך אונטערהעלפן. און איך האָב פון שרעק פארלאָרן די שטים. איך צי הייזעריק „גליקלעכע יאָרן!” און פארשטיי קוים, אז מאשע זינגט אין פויליש „הונדערט יאָר!” צום סוף, מאכנדיק דעם אָנשטעל, אז זי האָט אקאָרשט באמערקט דעם אונטערשארפירער, גיט ליזע א געשריי: „Achtung!”

מיר שפרינגען אויף פון די ערטער, ציען זיך אויס און ווארטן. וואָס וועט איצט זיין?

דער אונטערשארפירער קוקט זיך מיט כעס ארום און פרעגט, וואָס איז דאָ פאר א פארזאמלונג. ליזע גיט אפילו נישט קיין פינטל מיטן אויג און ענטפערט, אז האָט פייערן מיר דעם געבורטסטאָג פון אונדזער טיש־עלטסטער. דער אונטערשארפירער ווארפט אויף אונדז א פארדעכטיקן בליק און גייט ארויס.

— און ווען ליזען וואָלט נישט איינגעפאלן אָנצוהייבן זינגען? — פרעג איך.

מאשע לאכט פון מיין נאיוויטעט: דאָס איז דאָך געווען אַן אָפגע־רעדטע זאך פון פריער.

* *
*

זונטיק, האָבן מיר, די „פאַבריק־ארבעטערינס”, ווי שטענדיק, גע־ארבעט אויפן בוי־פלאַץ. ווען דער וואכמאן פלעגט זיך אָפקערן, פלעג

---

1) — אכטונג!

איך אויפהייבן דעם קאָפּ און קוקן אויפן בעז, וואָס בליט אויף דער צווייטער זייט פון וועג. עס דוכט זיך, אז דער ווינט בויגט בכיוון די צווייגעלעך אין אונדזער זייט, כדי צו דערנעענטערן צו אונדז זייער אראָמאט.

ווען מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אין לאגער, האָבן מיר געטראָפן די העפטלינגס, וועלכע זענען צו דער ארבעט נישט ארויס, ווי זיי „לופּטערן די לונגען" — מארשירן מיט א ליד. א געוויינלעך זונטיקדיק בילד. פלוצלינג האָט האנס געמאָלדן, אז נאָך מיטאָג וועט מען קיינעם נישט ארויסלאָזן פון די בלאָקן; אלע מוזן דורכגיין א מעדיצינישע אונטערזוכונג.

א נייער אומגליק אויף אונדזערע קעפּ! מיר זענען זייער דאַר, אמתע סקעלעטן, אונדזערע קערפּערס זענען באדעקט מיט געשווירן. פון הונגער און איבערלעבונגען האָבן כמעט ביי אלעמען אויפגעריסן געשווירן. זיי זענען פול מיט אייטער, ווייל מען היילט זיי נישט. די איינציקע „היילונג" — יעדן אינדערפרי און אָוונט לייגן מיר צו שמאטקעס, איינגעטונקטע אין קאלטן וואסער. מיר האָבן זיך שוין צוגעוווינט צו אונדזערע געשווירן, ווי מיר וואָלטן אין זיי געבוירן געוואָרן. אָבער אז די היטלעריסטן וועלן זיי דערזען...

וואָס טוט מען? ווו טוט מען זיך אהין? אפשר אויסבאהאלטן זיך אין טואלעט אויף דער גאנצער צייט, וואָס די אונטערזוכונג וועט געדויערן? און טאָמער וועט מען קומען קאָנטראָלירן אין טואַלעט? איך פרעג אַן עצה ביי מאשען. זי ענטפערט, אז אין אזעלכע פאלן קאָן מען קיין עצה נישט געבן, יעדער מענטש קאָן נאָר אליין זיין דער בעל־הבית אויף זיין לעבן. געפונען א צייט, ווען צו פארנעמען זיך מיט פילאָזאָפיע! און וואָס וועט זי אליין טאָן? זי וועט גיין אויף דער אונטערזוכונג, כאָטש אירע פיס זענען אויך אין געשווירן. פאראן דאָ אָבער פרויען, ביי וועמען דער גאנצער קערפּער איז אין וואונדן, זיי דראָט די סכנה שטארקער, דארף מען זיי לאָזן זיך באהאלטן, מען טאָר נישט פארנעמען די ערטער, אין וועלכע אנדערע נויטיקן זיך מער. הייסט עס, אז איך דארף אויך גיין אויף דער אונטערזוכונג?

נאָר פאר מיר האָט „געפּסקנט" דער אונטערשארפירער: ער האָט געהייסן די סאָלדאטן באקוקן אלע ווינקעלעך, און ביז עס וועט זיך נישט ענדיקן די מעדיצינישע אונטערזוכונג, קיינעם נישט אריינלאָזן אין טואלעט.

אליין!

מען הייסט אונדז אויסטאָן זיך נאַקעט און פּאַמעלעך, איינציקווייז פאַרבייגיין פאַרביי דער קאָמיסיע.

די ערשטע זענען שוין פאַרביי. די סאַמע דאַרע, און יענע, וועלכע זענען דורכאויס באַדעקט מיט געשווירן, שטעלט מען אָפּ, מען פרעגט זייערע נומערן און מען פאַרשרייבט די נומערן אין ביכעלעך.

באַלד קומט אָן מיין ריי. איך שטיי צוזאַמען מיט אַלעמען און ציטער: עס איז קאַלט און שרעקלעך. די הויט איז געוואָרן אַ „געגנדזענע“. עס טוט וויי דער קאַרק, ווייל איך האַלט די גאַנצע צייט אומנאַטירלעך פאַרהויבן דעם קאָפּ, כדי די האָר זאָלן פאַרדעקן די געשווירן אויפן האַלדז. עס טוט וויי די האַנט, ווייל זי איז פעסט צוגעדריקט צו דער זייט, כדי פאַרדעקן די וואונדן אונטערן אָרעם. זאָלן זיי כאָטש נישט הייסן אויפהייבן די האַנט!...

די ריי רוקט זיך זייער לאַנגזאַם...

איך דערנענטער זיך שוין. ווי האַלט מען איין די פיס, זיי זאָלן זיך נישט בויגן?

מען רופט אויס! ניין, נישט מיך, נאָר די, וואָס הינטער מיר. איך גיי פאַרביי. איך קוק זיך לייכט אום: די פרוי, וואָס איז געגאַנגען הינטער מיר, שטייט פאַר דער קאָמיסיע. דער היטלעריסט הייסט זי אַ דריי געבן זיך, ער באַקוקט זי פון אַלע זייטן. ער זאָגט עפּעס זיין שכן. זי קוקט אויף זיי ביידן מיט אַ בעטנדיקן בליק. נאָר דאָס העלפט נישט. מען פרעגט ביי איר דעם נומער און מען פאַרשרייבט...

די ריי רוקט זיך ווייטער.

פאַרענדיקט מיט אונדזער בלאָק, איז די קאָמיסיע אראָפּ אין צווייטן. צו אונדז איז געקומען האַנס מיט די וואַכלייט. ער האָט אויסגערופן יענע אַלע, וועמענס נומערן די קאָמיסיע האָט פאַרשריבן, און געהייסן זיי אַרויסגיין אין הויף, וווּ עס האָבן געוואַרט די שוואַרצע אויטאָס...

אַרויסגייענדיק, האָט האַנס געהייסן זיך גרייטן צום קאָנצערט. ער מוז זיך אָנהויבן פּונקט אין אַ שעה אַרום. אַנישט וועלן מיר שפּרינגען!

מיר האָבן באַשלאָסן, אַז אין אַזאַ טאָג וועלן מיר בעסער שפּרינגען, אַבי נישט זינגען!




אַ בלעכענער נומער, וואָס עס האָבן געטראָגן אויף דעם האַלדז די יידן אין געטאָ

*        *
*

פון בוי־פּלאַץ זענען אנטלאָפן דריי פרויען. ווי אזוי און וווהין — דאָס ווייסט קיינער נישט. מסתמא, האָט זיי עמעצער געהאָלפן, ווייל ביי אזא וואַך, טראַגנדיק געצייכנטע קליידער, וואָלטן זיי אליין דאָס נישט געקאָנט אָפּטאָן. פיקאנט איז אָבער דאָס, וואָס קיינער האָט אפילו נישט באמערקט, ווען זיי זענען נעלם געוואָרן. געכאַפּט האָט מען זיך ערשט דעמלט, ווען מען איז געגאנגען צו מיטאָג. די וואכלייט האָבן גיגפייפט, געשריגן, געזוכט, נאָר אומזיסט. דער אונטערשאַרפירער קאָן זיי דאָך דערפאר אוועקשיקן אויפן פראָנט!

פארוואָס האָב איך נישט געוווסט, אז מען קלייבט זיך אנטלויפן? איך וואָלט זיי געבעטן, זיי זאָלן מיך אויך מיטנעמען. מיט מיר וואָלט זיי נישט געווען שווערער — כ'וואָלט ביי זיי גאָרנישט נישט געבעטן, איך וואָלט נישט געקלאָגט, איך וואָלט אויסגעקומען אפילו אָן עסן.

די פּליטים זענען שוין אויף דער פריי. זיי זיצן איצט, מסתמא, אין א קעלער. זיי וועלן זיך דערוואַרטן אויף דער רויטער ארמיי. מאַשע האָלט, אז זיי זיצן נישט אין קיין שום קעלער — זיי האָבן מיט קיינעם נישט געקאָנט צונויפרעדן זיך און האָבן פון קיינעם קיין הילף נישט געהאט. עס האָט זיך פּשוט אונטערגערוקט א פּאסיקער מאָמענט, זענען זיי אנטלאָפן. זיי וועלן אין די נעכט פּרוון גיין אין דער ווילנער ריכטונג. נאָר מען היט איצט זייער שטארק די וועגן און מען וועט זיי במילא כאַפּן.

איז מאַשע גערעכט?...

נאָכן אָוונט־אפּעל האָט מען אונדז נישט דערלויבט אוועקגיין פון פּלאַץ. דער אונטערשאַרפירער האָט ארויסגערופן צו זיך האַנסן און די „פארשולדיקטע“ וואכלייט.

אין א שעה ארום איז האַנס געקומען צוריק און גענומען מיט א געשריי און מיט קלעפּ קאָנטראָלירן די גלייכקייט פון אונדזערע רייען. עס מוז זיין א מוסטערהאפטע אָרדענונג, ווייל באלד וועט אהער קומען דער שעף פון אלע קאָנצענטראציע־לאַגערן אין לעטלאנד.

וואָס וועט דאָ זיין? עס לאָזט זיך מערקן, אז אויף האַנסן און אפילו אויפן אונטערשאַרפירער אליין ציטערט די הויט.

דער שעה איז געקומען. אין דער באַגלייטונג פונעם אונטערשאַר־פירער און זיין סוויטע איז ער מיט גדלות פאַרבייגעגאַנגען אונדזערע רייען, איבערגעציילט און מיט א פאַרקרימט פנים אויסגעהערט דעם אונטערשאַרפירערס ראַפּאָרט. די האַנסן (דער גרויסער און דער קליינער) האָבן אפילו נישט געוואַגט זיך צו דערנעענטערן. זיי זענען אויך געשטאַנען אין דער ריי. אמת, אָפּגעטיילט פון אונדז, אָבער פאָרט אין דער ריי.

דער שעה איז צוגעגאַנגען צו אונדז. ער האָט מיט דער באַהייקע אָנגעוויזן אויף איין מיידל און געהייסן, זי זאָל ארויסגיין פאָרויס. נאָכדעם א צווייטע, א דריטע, אזוי האָט ער אָפּגעקליבן זעקס מיידלעך. אויסגעשטעלט זיי אנטקעגן אונדז, האָט ער געמאָלדן, אז ער נעמט זיי צו אלס ערבות־לייט. אויב מען וועט אין משך פון פיר און צוואַנציק שעה נישט געפינען די אנטלאָפענע, וועט מען אָט די אלע זעקס דער־שיסן. אויב מען וועט די אנטלאָפענע יאָ געפינען, וועט מען אָט די זעקס אויך דערשיסן. אזוי ווי היינטיקער פאַל איז אין אונדזער לאַגער דער ערשטער, נעמט ער דעריבער נישט מער ווי צו צוויי פאַר יעדער אנטלאָפענער. אויב עפּעס ענלעכס וועט זיך איבערחזרן, וועט די שטראָף זיין א פיל שטרענגערע. מיר מוזן היטן איינע די צווייטע. מיר מוזן דערציילן, ווען מיר דערוויסן זיך, אז עמעצער קלייבט זיך אנטלויפן. דאַן וועט נישט אויסקומען צו שטאַרבן.

* *
*

דער פראָנט איז שוין נישט ווייט פון ווילנע! די ידיעות זענען פאַר־שטעגדלעך, נישט גאָר קיין פינקטלעכע, פון א פאַשיסטישער צייטונג (אַזאַ צייטונג געפינען מיר אָפט אויף דער פאַבריק, אין פרויען־טואַלעט אונטער דער שאַפע. ווייזט אויס, עמעצער פון די לעטינס לייגט זי אוועק ספּעציעל פאַר אונדז).

ווו געפינט זיך איצט דער פראָנט, איז שווער צו זאָגן. איינס איז אָבער קלאָר — פון רוסלאַנד און אוקראַינע האָבן די פאַשיסטן זיך שוין אָפּגעטראָגן. איצט שלאָגט מען זיך ערגעץ אין ווייסרוסלאַנד, שוין גאָר נישט ווייט פונדאַנען, אפשר אפילו נעענטער, ווי מיר שטעלן זיך פאָר

— די אָקופּאַנטן טײלן דאָך מיט װעגן זײערע פאַרלוסטן מיט א גרױ־סער פאַרשפּעטיקונג.

אָבער אין אונדזער לאַגער פילט זיך נאָך אַלץ נישט, אַז די היט־לעריסטן זאָל זיך קלײבן אַנטלױפן. זײ זענען נאָך אַלץ אַזעלכע צעיושע־טע, רוצחישע און בלוטגײַציקע.

* *
*

איך האָב געפונען א פּלעשל און אַרײַנגערוקט אין דעם מײַנע כתבים. כ׳האָב געמוזט אַלץ איבערשרײַבן אויף דינערן פּאַק־פּאַפּיר און מיט זײער קלײנינקע אותיות, כדי עס זאָל מער אַרײַן.

איבערשרײַבנדיק, באַמי איך זיך גאַנצע שטיקער צו פאַרשרײַבן לויטן זכרון. די מײדלעך פאַרגלײַכן מיטן פאַרשריבענעם און זײ זאָגן, אַז איך האָב א גוטן זכרון. אין שול פלעגט מיר מײַן זכרון אויך אָפט אַרויסהעלפן. װען איך פלעג זיך אמאָל ביז שפּעט אין אָװנט פאַרהאַלטן אויפן גלימש און נישט מאַכן די הײמישע שול־פאַרגעבונגען, פלעג איך לויטן זכרון איבערחזרן אין געדאַנק אַלץ, װאָס דער לערער האָט דער־קלערט פאַריקן מאָל און פלעג אָפט באַקומען א פינף. נאָר איצט גע־דענק איך שוין פון די שול־לימודים, דוכט זיך, גאָרנישט.

* *
*

װידער זענען אַנטלאָפן העפטלינגען! דאָס מאָל פון דער זײַד־פאַב־ריק. שוין נישט קײן דרײַ, נאָר גאַנצע נײַן: זיבן מענער און צװײ מײד־לעך. אין לאַגער איז א פּאַניק. מען װאַרט װידער אויפן שעף. דער אונ־טערשאַרפירער שמײַעט אַרום װי א װילדער. ער שרײַט אויף האַנסן, אַז ער קען נישט אויסשטעלן „די שװײנען“. אונדז שרעקט ער, אַז ער װעט אַלעמען, ביז אײנעם, דערשיסן. די װאַכלײַט דראָט ער, אַז ער װעט זײ מאָרגן אָפּשיקן אויפן פראָנט. אויפן קלײנעם האַנסיק שרײַט ער, אַז דאָ איז צופיל בלאָטע. ער װערט סוף־כל־סוף אַנטשטומט, װען ער דערזעט, אַז אין טויער פאָרט אַרײַן דעם שעפס מאַשין. ער לויפט אַנטקעגן דעם

שעה, ציט זיך אוים און שרייט „הייל היטלער!" דער שעה ענטפערט נישט, ער ווארפט נאָר ארוים פאָרוים די האנט.

מיר שטייען פארשטיינערטע.

דאָס מאָל קלייבט ער ווידער אָפּ ערבות־לייט און ציילט אפילו נישט די אָפּגעקליבענע: ער גייט לענגאוים די רייען און ווייזט אָן מיט דער נאהייקע, ווער עס זאָל ארויסגיין פאָרוים. ער דערנעענטערט זיך צו אונדז... ער קוקט אויף מיר... הויבט אויף די האנט... די נאהייקע גיט זיך א גליטש הארט פארביי מיין פנים, נאָר זי גיט א בוכענצע מאשען. מאשע מאכט דריי דריט פאָרוים... מען וועט זי צונעמען!... דערשיסן!...

דער שעף איז צוגעגאנגען צו די מענער. ער הייסט די ארבעטער פון זייד־פאַבריק, זיי זאָלן זיך אויסשטעלן אין איין ריי. ער הייבט זיי אָן ציילן. נאָך יעדע צוויי הייסט ער דעם דריטן ארויסגיין פאָרוים. אזוי ציילט ער אָפּ די גאנצע ריי.

די אָפּגעקליבענע שטעלט מען אוים אנטקעגן אונדז. צווישן זיי שטייט אויך מאַשע. דער שעף האלט א רעדע. ער זאָגט, אז שולדיק זענען מיר אליין. מען האָט דאָך אונדז געוואָרנט, אז אלע ענטפערן דאָ פאר יעדן איינעם. מיר האָבן איבערהויפּט נישט קיין סיבות צו לויפן. מיר זענען דאָך באזאָרגט מיט ארבעט, מיט א דאַך און מיט עסן. מיר דארפן נאָר גוט ארבעטן, וועלן מיר קאָנען לעבן. נאָר פאר אנטלויפן — טויט־שטראָף. די אנטלאָפענע וועט מען אלץ איינס כאפּן, אָבער די טויט־שטראָף איז חל אויך אויף אונדז.

אין הויף זענען אריינגעפאָרן די שווארצע אויטאָס...

* *

*

נאָכאמאָל 21 יולי. מיר איז שוין זיבעצן יאָר. דער ערשטער געבורטסטאָג אָן דער מאמען, דער פערטער אָן דעם טאטן. זענען זיי טאַקע נישטאָ? עס קאָן נישט זיין! אפשר מאטערט זיך די מאמע אויך ערגעץ אין א לאגער?

צי וועל איך דערלעבן דעם קומענדיקן געבורטסטאָג? ווו וועל איך דעמלט זיין? די פאשיסטן וועלן שוין געווים איינגעמען א מיתה־משונה, אָבער צי וועל איך דאָס דערלעבן? די אָקופאנטן מאכן שוין אליין קיין סוד נישט דערפון, אז דער פראָנט איז לעבן ווילנע. און ליזען האָט איי־

נע א לעטין דערצײלט אויף דער ארבעט, אז פון ווילנע האָבן זײ זיך שוין לאנג אָפּגעטראָגן, נאָר זײ האלטן דאָס נאָך בסוד.

איז דאָס טאקע אמת? זענען טאקע אויף די ווילנער גאסן נישטאָ קײן היטלעריסטן, קײנער פארהאלט דאָרט נישט, יאָגט נישט קײן פּאָנאַר, מען מעג דאָרט ארומגײן פראַנק און פרײ, אָן לאטעס, אויפן סאַמע טראָטואר? הערט מען מער נישט קײן שיסערײען אין פּאָנאַר?.. ווען אלע דערמאָרדעטע וואָלטן אויפגעשטאנען פון די גריבער און זיך אומגעקערט צוריק אין זײערע הײמען, וואָלט געקאָנט זיך דוכטן, אז די פּאשיסטן, געטאָ, מורער, קיטעל, די אקציעס — דאָס אלץ איז געווען נאָר א לאנגער, א ווילדער חלום.

לײדער, איז דאָס נישט קײן חלום, נאָר די שוידערלעכע וואָר. פון פּאָנאַר וועט שוין קײנער נישט קומען צוריק....

* *
*

הײנט האָט מען אונדז רעגיסטרירט. האנס זאָגט, אז דאָס ברענגט מען אין אָרדענונג די קארטאָטעקע, ווײל די לעצטע צײט זענען אין לאַגער פאָרגעקומען א סך ענדערונגען (אָט אזוי „אײדל" באצײכנט ער די אקציעס און די צעשיסונגען!), דארף מען דאָס אָפּשפּיגלען אין דער קארטאָטעקע.

ווער ווײסט, צי ער זאָגט אַן אמת?...

* *
*

דאָס פאָרגעפיל האָט מיך נישט אָפּגענארט.

בעת דעם אָוונט־אפּעל האָט דער אונטערשארפירער ארויסגערופן לויט א רשימה די עלטערע מענטשן און געהײסן זײ אויסשטעלן זיך באזונדער. ער האָט זײ איבערגעצײלט און געהײסן די וואכלײט ארויספירן זײ הינטערן טויער...

זײ זענען „נישט ארבעטספעיק" — זײ זענען עלטער פון 50 יאָר, דעריבער מוז מען זײ „אריבערפירן אין אן אנדער לאַגער".

אָט צוליב וואָס מען האָט „געבראַכט אין אָרדענונג" די קאַרטאָ־טעקע.

די הייצער האָבן געפּרוווט באַהאַלטן אין קעסל־רוים סוריצן (אַ באַרימטער אַרטיסט פון ריגער טעאַטער), אָבער איינער פון די וואַכלייט האָט דאָס באַמערקט און אַלס שטראָף שיר נישט אוועקגעפירט צוזאַמען מיט די עלטערע לייט אויך די הייצער.

מען האָט אונדז געהייסן אויפסנייַ אויסשטעלן זיך, כדי פאַרפולן די אינטערוואַלן. איך האָב געמוזט אַריבערגיין אין דער שכנותדיקער רייַ, וווּ ערשט מיט עטלעכע מינוט פריער איז געשטאַנען אַ ריגער פרוי — נישט קיין הויכע, אַ גרווילעכע, מיט זייער אַן אינטעליגענט פּנים. אויף דעם אָרט, וווּ זי איז געשטאַנען, זענען געבליבן נאָר די סימנים פון אירע פיס אויפן זאַמד. אָבער איך האָב געמוזט זיך שטעלן פּונקט אויף דעם אָרט, אַזוי אַז פון די סימנים איז קיין זכר נישט געבליבן...

* *

*

נאָך איינע אַנטלאָפן, ווידער פון דער זייד־פאַבריק. מען זאָגט, אַז אין איר האָט זיך פאַרליבט אַ יונגער לעט און ער איז נעלם געוואָרן צוזאַמען מיט איר.

וואָס וועט איצט זיין? מען געפינט זי נישט. אויף דער פאַבריק האָט מען געבראַכט שפּיר־הינט, אָבער זיי האָבן גאָרנישט דערפילט — די שפּורן זענען פאַרשאָטן מיט טאַבעק.

דער אונטערשאַרפירער איז אינגאַנצן משוגע געוואָרן. ער שלאָגט מכות־רצח יעדן איינעם, וואָס מאַכט זיך אים אונטער דער האַנט. האַנס איז שוין הייזעריק פון שרייען, און די וואַכלייט גיסן אויף אונדז אויס די גאַנצע גאַל — זיי שטופּן, שלאָגן, סטראַשען, אַז זיי וועלן אונדז דערשיסן באַלד אויפן אָרט.

דער שעף קומט נישט. הייסט עס, קיין ערבות־לייט וועט ער נישט נעמען. וועט מען טאַקע צונעמען אַלעמען?...

* *

*

קיין שרעקלעכס קומט דערווייל נישט פֿאָר — מען צייכנט בלויז פֿונסנײַ די קליידער און מען שערט אָפּ די האָר. אוודאי א שאָד די האָר, נאָר זאָל כאָטש בלייבן דער קאָפּ. די ווייבער האַלטן, אַז מסתמא דאַרפֿן די פֿאַשיסטן זייער גײַטיק אַרבעטס=קראַפֿט, דעריבער שיסן זיי נישט.

מיט די נײַ אָנגעשמירטע קיילעכן אויפֿן האַרצן און רוקן שטייען מיר אין דער ריי צום „פֿריזירער“, מען זאָל אונדז אָפּשערן די האָר. עטלעכע מיידלעך זענען שוין מיט נאַקעטע קעפּ. זיי זעען אויס שרעקלעך, פּשוט שווער צו דערקענען זיי. די פּנימער האָבן באַקומען גאָר אַן אַנדער אויסזען. די קעפּ זענען עפּעס מאָדנע, נישט קיין רונדע: בײַ איינער איז אויסגעצויגן דער שפּיץ קאָפּ, בײַ אַ צווייטער איז פּלאַטשיק די פּאָטיליצע.

עטלעכע דרייסטערע האָבן נישט געוואָלט זיך לאָזן אָפּשערן. נאָר דער אונטערשאַרפֿירער האָט געוואָרנט האַנס, אַז די, וואָס וועלן פּרוּוון אַרויסדרייען זיך פֿון צייכענען אויפֿסנײַ זייערע קליידער אָדער פֿון שערן די קעפּ, זאָל מען פֿאַרהאַלטן, ווייל זיי קלייבן זיך מסתמא צו אַנטלויפֿן.

די קאַלטע מאַשינקע גליטשט זיך איבערן קאָפּ. אויף די פּלייציעס, הענט, קני פֿאַלן בינטלעך האָר. אויב ס'וואָלט געווען, ווו צו האַלטן, וואָלט איך גענומען עטלעכע לאָקן אַלס אָנדענק. אין קאָפּ ווערט מאָדנע קאַלט...

איך בין שוין אַן אָפּגעשוירענע. צי דען זע איך אויס אַזוי שרעקלעך, ווי די אַנדערע? זיי מוזן דאָס זעלבע טראַכטן, קוקנדיק אויף מיר.

בײַ די מענער שערט מען אויס די האָר פֿון שטערן ביזן קאַרק. עס באַקומט זיך אַ מין „וועג“. פֿון ביידע זײַטן לאָזט מען די האָר איבער. דערפֿון זעען די קעפּ אויס ווי צעטיילטע אויף דער העלפֿט. אינגאַנצן אָפּשערן די קעפּ איז די מענער פֿאַרבאָטן...

אין אונדזער בלאָק האָט מען געבראַכט טליתים, צעריסן זיי אויף שטיקלעך און צעטיילט אונדז. דאָס וועלן זײַן קאָפּטיכלעך. האַנס האָט שטרענג באַפֿוילן צו טראָגן די קאָפּטיכלעך נישט נאָר אויף דער אַרבעט — אויך אין לאַגער. אַרומגיין מיט אַ נאַקעטן קאָפּ איז פֿאַרבאָטן!

הייסט עס, די פֿאַשיסטן ווילן נישט, אַז ייִדישע מענטשן זאָלן זען, ווי זיי פֿאַרשפּרייטן זייער „קולטור“. זיי באַמיען זיך, אַז מען זאָל זיי, די שעפּער פֿון דער „נײַער אייראָפּע“, האַלטן פֿאַר נאָבעלע ריטער, פֿאַר די טרעגער פֿון קולטור, פֿאַר די אויסלייזער, זיי האָבן מורא צו באַווײַזן זייערע פֿינצטערע מעשים. און איך וועל דווקא ווײַזן! איך שעם זיך נישט

צו גיין מיט א הוילן קאָפּ. זאָלן אלע זען, וואָס פאר א עקלהאפטע זאכן די פאשיסטן טוען אָפּ.

איך וועל אומבאדינגט אויסטאָן דאָס קאָפּטיכל! איך וועל נאָך אַנדערע צורעדן דערצו!

* *
*

מיין קריגערישע „העלדישקייט" האָט מיר געקאָסט צו טייער!

די וואַכלייט האָבן געמסרט, אז ווי נאָר מיר גייען ארויס פון לאגער, טוען מיר כמעט אלע אויס די קאָפּטיכלעך. האַנס האָט מער ווי דאָס נישט באדארפט. נאָכן אַפּעל האָט ער אנדערע בריגאדעס אָפּגעלאָזט, און אונדז געהייסן שפּרינגען. געשלאָגן מיט דער נאהייקע מער ווי אַלעמאָל. נאָכדעם געגומען ארומיאָגן — אויפן פערטן שטאָק און צוריק, ארויף — אראָפּ, ארויף — אראָפּ.

קוים וואָס איך ריר זיך. דאָס הארץ קלאפט משונה גיך. אין מויל איז טרוקן. אין האלדז קוועטשן ספּאַזמעס, איך ווער דערשטיקט. באַלד וועל איך אנידערפאלן...

נאָר איך פאל נישט. האנסן איז שוין דערעסן געוואָרן ארומצויאָגן אונדז, הייסט ער ווידער שפּרינגען. „צוליב אָפּרו" דארפן מיר מארשירן מיט א ליד און ווידער שפּרינגען. און כדי מיר זאָלן בעסער „פארגע־דענקען" די לערע — נאָך צען מאָל ארויפלויפן אויפן פערטן שטאָק און אראָפּלויפן צוריק.

ווען ער האָט אונדז אָפּגעלאָזט, איז דער גאנצער בלאָק שוין לאַנג געשלאָפן. מיר זענען, פארשטייט זיך, געבליבן אויך אָן ברויט.

* *
*

איך זעץ פּאָר מיין מינדלעכע „אויסגאבע" פאר אונדזער „פּרויען־עקספּרעס", איך האָב אָנגעשריבן נאָך צוויי מעלדונגען. אין איינער איז געזאָגט, אז פון פאריז איז אָנגעקומען א נייער זשורנאל פון מאָדעס. פון־נעם זשורנאל איז צו זען, אז פריזורן און היטעלעך זענען שוין נישט אין דער מאָדע. די לעצטע מאָדע איז — אָפּגעגאָלטע קעפּ און געשטרייפטע

קאָפּטיכלעך. די פרויען פון שטראסדענהאָף האָבן די מאָדע, פאַרשטענדלעך, תיכף איבערגענומען. אין דער צווייטער מעלדונג ווערט מיטגעטיילט, אז אין אונדזער לאגער האָט זיך געעפנט א נייער פריזיר־לאָקאַל — א מענער־סאַלאָן, וווּ מען שערט מענער לויט דער לעצטער מאָדע — מיט א „לויזן־אַלעע“.

* *
*

מען האָט ארויסגעפירט א סך מענער. מען זאָגט, אז מען וועט זיי טרייבן אָפּרייניקן פון מינעס די וועגן און פעלדער. איך האָב געפרעגט מיין שכנה, רות, ווי רייניקט מען פון מינעס. זי האָט נאָר א זיפץ געטאָן און גאָרנישט נישט געענטפערט. ליזע האָט מיר דערקלערט: די אומגליקלעכע וועלן פשוט מוזן גיין איבער א פארמינירטן פעלד, ביז זיי וועלן אָנטרעפן אויף א מינע און ארויספליען אין דער לופט, צעריסענע אויף שטיקער.

שוידערהאפט, ווי קאָן אזוינס געשען?!

* *
*

ביינאכט האָבן מיר זיך אויפגעכאפּט פון אויפרייסן. מען באָמבארדירט! מיר ליגן אָן אָטעם און וואַרטן אויף נייע אויפרייסן. נאָר ס'איז שטיל...

אומזיסט זיך געפרייט... אפשר האָבן דאָס די דייטשן אליין עפּעס אויפגעריסן אָדער די מענער פון אונדזער לאגער האָבן ערגעץ נישט ווייט זיך אויפגעריסן אויף די מינעס.

* *
*

ווען מען האָט אונדז געוואָרנט, אז דער פרימאָרגן־אפּעל וועט זיין מיט א האלבע שעה פריער, האָבן מיר לכתחילה אויף דעם נישט געלייגט קיין אכט. דערזען אָבער א סך סאָלדאַטן, זענען מיר געוואָרן אומרואיק. וואָס איז ווידער געשען.

די סאָלדאַטן האָבן פאַרפּלייצט מיר און מייער, אפילו ארויפגעקראָכן אויפן דאַך.

דעם אונטערשאַרפירערס געהילף האָט געבראַכט צוויי קעסטעלעך — איינס א גרעסערס, א שוואַרצס, און דאָס צווייטע א קלענערס, א העלס. אוועקגעשטעלט זיי, איז ער ארויפגעקראָכן אויף א בענקל און געמאָלדן, אז די נישט־ארבעטספעיקע, דאָס הייסט אַלע, וועלכע זענען עלטער פון דרייסיק יאָר און יינגער פון אכצן, פירט מען אריבער אין אן אנדער לאַגער.

וואָס אויף זייער לשון הייסט „אריבערפירן", ווייסן מיר שוין.

און מיר איז ערשט פאַריקע וואָך געוואָרן זיבעצן...

דעם אונטערשאַרפירערס געהילף נעמט ארויס פון שוואַרצן קעסטעלע א פעקל קאַרטלעך און הייבט אָן אויסרופן לויט די נומערן. די, וואָס ווערן אויסגערופן, מוזן ענטפערן „יאַוואָל!" און זיך שטעלן ביי דער וואַנט. דער עסעסאָוויעץ רופט אויס נומערן, און די קאַנדידאַטן אויף קדושים גייען אריבער צום אָנגעוויזענעם אָרט. עטלעכע קאַרטלעך לייגט ער אָפּ אין א זייט און רופט די נומערן נישט אויס: אפּניב, אז דאָס זענען קאַרטלעך פון מענטשן מיט א פאַסיקן עלטער. ווידער ציפער, ווידער „יאַוואָל". מענטשן גייען אוועק איינער נאָכן צווייטן — אָן א סוף. די רייען ווערן שיטערער, אַרום מיר זענען שוין אַרויס פינף פרויען, און דער עסעסאָוויעץ — נישט ער ווערט הייזעריק, נישט ער ענדיקט. ער נעמט א ניי פעקל קאַרטלעך. איצט וועט ער געווים אויסרופן אויך מיך. ער וועט זאָגן: „פינף טויזנט זיבן!" איך וועל מוזן ענטפערן „יאַוואָל" און אַריבערגיין... און פון דאָרטן פירט מען אַוועק.

איינגיכן ענדיקט זיך... אין האַנט ביים עסעסאָוויעץ איז שוין געבליבן זייער ווייניק קאַרטלעך. דאָרט איז מסתמא אויך מיינס...

— שוין!... ניין, ביז איך האָב זיך א כאַפּ געטאָן ענטפערן, האָב איך דערהערט, ווי אן אנדערער ענטפערט. ווייזט אויס, אז נישט מיך האָט ער אויסגערופן. דעם אמת געזאָגט, האָב איך גאָר נישט געהערט דעם גאַנצן נומער. דערהערט די ווערטער „פינף טויזנט", בין איך א טויטע געבליבן. א סך נומערן הייבן זיך דאָך אָבער אָן פון דער זעלבער צאָל.

דער עסעסאָוויעץ נעמט א הריט פעקל קאַרטלעך. דאָ ליגט שוין געווים אויך מיין קאַרטל. ער רופט אויס. מענטשן גייען. באַלד וועל איך

אויך גיין. דאָ וועט שוין מסתמא, קיינער נישט בלייבן. בעסער וואָלטן זיי שוין גענומען אלעמען מיטאמאָל, צוליב וואָס די מאטערניש...

דעם אונטערשארפירערס געהילף איז אראָפּגעשפרונגען פון בענקל, האָט ער שוין טאקע גענדיקט?

האנס האָט די פארבליבענע געהייסן זיך אויסשטעלן — מיר וועלן גיין צו דער ארבעט. איך באמי זיך אים נישט ווארפן אין די אויגן ער זאָל נישט באמערקן, אז איך בין צו יונג. איך שפיר, ווי עמעצער דריקט מיר די האנט. דאָס זענען מיינע שכנות, א צווילינג. מיר זענען דאָך פון איין יאָר! הייסט עס, נישט איך איינע בין געבליבן. אפשר איז דאָ בכלל פאראן מער מענטשן פון מיין עלטער? ליידער, סך־הכל פינף... א צופעליקייט צי א טעות?

האנס האָט אונדז דריי מאָל איבערגעציילט און אָפּגעגעבן דעם אונ־טערשארפירער א ראַפּאָרט, אז אין לאגער זענען פאראן 520 העפטלינ־גען. די איבעריקע ציילט מען שוין נישט... און ערשט נעכטן האָט ער אין זיין ראפּאָרט געזאָגט, אז אין לאגער זענען פאראן 1300 העפטלינ־גען.

די בריגאדעס זענען איצט זייער קליינינקע, איך שטעל זיך אפילו נישט פאָר, ווי מיר וועלן ארבעטן.

מען האָט אונדז באפוילן גיין צו דער ארבעט. יענע, וועלכע זענען אָפּגעקליבן געוואָרן לויט די קארטלעך, האָט מען אריינגעיאָגט אין א פוסטן רוים, אין עק־פליגל.

דעם גאנצן וועג עגבערט מיך איין געדאנק: וויאזוי בין איך געבליבן לעבן? צי איז דאָס א טעות פונעם אונטערשארפירערס געהילף אָחער מען האָט מיך בעת דער רעגיסטראציע פארשריבן אויף א יאָר עלטער? און וויסן דאָס מוז איך, כדי קאָנען זיך אָריענטירן, נישט פלאָנטערן ביים ענט־פערן וועגן מיין עלטער, ווען זיי וועלן צוטראכטן עפּעס א נייע אקציע.

די שטימונג איז א שוידערלעכע. מער ווי א העלפט ווערקשטעלן אין פאבריק שטייען. ערשט נעכטן האָבן ביי זיי געארבעט פרויען, און היינט...

די לעטישע פרויען קוקן אויף אונדז מיט מיטלייד. זיי פרעגן זיך נאָך וועגן זייערע געהילפינס. אפילו די מאשינען דוכט זיך קלאפּן שטילער...

אין לאגער הערשט א גרויזאמע שטילקייט. פריער פלעגן מיר צום אַפּעל זיך אויסשטעלן לענגאויס דער גאנצער געביידע, היינט איז אונדזער ליניע דערגאנגען קוים ביז דער טיר...

נאָכן אפּעל האָבן מיר ווידער געמוזט ארבעטן. די מענער האָבן גע־שלעפּט וואסער, די פרויען האָבן געוואשן די דילן, די טרעפּ, אָפּגעוואשן די בלוט־פלעקן.

ווען מען האָט די קדושים געיאָגט צו די אויטאָס, האָבן די מענער געפּרוווט אנטלויפן. איינע פון זיי האָבן געקלעטערט איבערן צוים, אנדע־רע זענען אריינגעשפּרונגען אין די בלאָקן, אין הייץ־רוים, אין די טואלעטן. די וואכלייט האָבן געשאָסן אין די אנטלויפנדיקע, געיאָגט זיך נאָך זיי. אין די בלאָקן און אויף די טרעפּ זענען געבליבן ליגן פיל דערהרגעטע. צוויי הרוגים זענען געבליבן הענגען אויפן צוים. דעם, וואָס מען האָט געפונען אין הייץ־רוים א לעבעדיקן, האָט מען געוואָלט אריינווארפן אין פייער. לאנג האָבן די וואכלייט זיך געעסקט מיט איינעם א ריגער יידן, וואָס האָט זיך באהאלטן אין קאמין. זיי האָבן בשום אופן נישט גע־קאָנט ארויסשלעפּן אים. האָבן זיי אויסגעשאָסן מיט „דום־דום"־קוילן. ארויסגעשלעפּט דעם טויטן קערפּער פאר די פיס, געשלעפּט איבער די טרעפּ און אריינגעוואָרפן אין אויטאָ צוזאמען מיט די לעבעדיקע. אויף די טרעפּ איז אין דער לוזשע פארגליווערט בלוט פארבליבן א קנייל־עכל פון זיין מארך. מיר האָבן עס איינגעוויקלט אין א פּאַפּירל און מקבר געווען אויפן הויף ביי דער וואנט. אנשטאָט א מצבה ארומגעלייגט דעם קבר מיט ווייסע שטיינדלעך...

שפּעט אין אָוונט האָט מען אונדז אריינגעלאָזט אין בלאָק. ער איז מאָדנע פּוסט. מיר רעדן שטיל, ווי דאָ וואָלט ליגן א מת. פון אזא שטיל־קייט גייט דורך א ציטער איבערן לייב. שלאָפן לייגן מיר זיך אלע צוזא־מען, אין איין ווינקל.

* *
*

צוויי טעג איז געווען רואיק.

מיר האָבן זיך געריכט, אז זונטיק וועט מען אונדז באפוילן צו מאר־שירן מיט א ליד פארביי דעם קליינעם קברל מיט די ווייסע שטיינדלעך. צום פרימאָרגן־אפּעל האָבן מיר זיך געשלעפּט מיט שווערע הערצער.

נאָר פאָרגעשטאנען איז אונדז עפּעס ערגערס. נאָכן אפּעל האָט דער אונטערשאַרפירער געמאָלדן, אז ביינאכט איז אָנגעקומען א באַפעל צו

עוואקואירן תיכף דעם לאגער. וואָס עס באדייט אויף זייער לשון „עוואַ־קואירן“, האָבן מיר גוט געוווּסט.

מען האָט אונדז אריינגעיאָגט אין זעלבן רוים, ווו דאָנערשטיק האָט מען געהאַלטן די קרבנות פון דער פאַריקער אַקציע. די ווענט זענען געווען פארשריבן מיט א סך באקאנטע פאמיליעס. לעבן זיי — דאַטעס, אַד־רעסן, רופן צו נעמען נקמה. ווען די מענטשן האָבן דאָס געשריבן, האָבן זיי נאָך געלעבט... איצט איז פארבליבן פון זיי נאָר אָט דער רוף.

אפשר זאָל איך אויך לאָזן אַזאַ אָנדענק נאָך זיך? זאָל דאָס עמע־צער אמאָל איבערלייענען...

פּלוצלינג האָבן אַלע זיך א וואָרף געטאָן צו דער טיר... נאָר קיין שווארצע אויטאָס האָבן זיך נישט געזען. עס זענען געשטאנען עטלעכע לאַסט־אויטאָס. פון זיי האָט מען געוואָרפן פעק מיט געשטרייפטע העפט־לינגס־בגדים, וועלכע מיר האָבן שוין געזען אין „קייזערוואלד“.

מען האָט אונדז געהייסן זיך אויסטאָן נאקעט, לאָזנדיק אויף זיך נאָר די שיך און קאַפּטיכלעך. אפשר וועט מען אונדז טאַקע עוואַקואירן? בלויז כדי אָפּנארן אונדז וואָלטן זיי דאָך נישט געפּטרט קיין בגדים. די ווייבער רעדן, אז די פאַשיסטן האַלטן שוין, מסתמא, זייער שמאָל, אויב זיי עוואקואירן אונדז מיט אזא האסט. אפשר האָבן פאַריקע נאכט טאַ־קע אויף אן אמת באָמבארדירט אונדזערע? ווען מען פירט אונדז איצט נישט ארויס, וואָלטן מיר זיך דאָך דערוואַרט דאָ אויף דער רויטער ארמיי! און אפשר וועט נאָך פּאַסירן א נס, אז אָט איצט, ווען מיר שטייען אין דער ריי און ווארטן אויף די געשטרייפטע בגדים, וועלן דורכן טויער זיך אריינרייסן רויטארמייער, צונעמען ביי די היטלעריסטן זייער געווער, און — מיר זענען פריי!

ניין... קיין רויטארמייער זענען נישט געקומען און מיר שטייען נאַ־קעטע אין ריי נאָך געשטרייפטע בגדים. אין ערשטן שטאָק זענען די שויבן נישט פארשמירט און די עס־עס־לייט צווינגען אונדז בכיוון, מיר זאָלן צוגיין נעענטער צו די פענצטער, הינטער וועלכע עס שטייען די מע־נער. זיי, די מענער, שטייען מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן, און די סאָלדאַטן קאָמאַנדעווען זיי און צווינגען צו קוקן אויף אונדז.

עס דערגייט מיין ריי. איך באקום א לאנג און גראָב העמד, הויזן פון זעלבן מין און א געשטרייפט קלייד פון גראָבער סחורה. דאָס קלייד משונה גרויס. איך זוך ארום זיך א שטריקעלע, כדי אונטערבינדן זיך און זיך נישט פארפּלאָנטערן אין דעם.

מען יאָגט אונדז ארויס אין הויף. אונדזער אָרט פארנעמען די מענער.

דעם אונטערשאַרפירערס געהילף און האַנס פאַרמאַכן און פאַרפלאָמבירן אלע טירן. די סאָלדאַטן לאָדן אויף אויטאָס זייערע זאכן. אלע פאָרן אוועק. דער לאגער ווערט ליקווידירט.

די מענער זענען שוין אויך איבערגעטאָן. עס פאָרן אריין אין הויף די זעלבע שרעקלעכע שווארצע אויטאָס. די עס־עס־לייט טרייבן אונדז, מיר זאָלן גיכער ארייִנקריכן אין די אויטאָס. זיי שלאָגן אונדז, שטויסן, קוועטשן אריין, ווי הערינג אין א פעסל. די אויטאָס זענען אָן פענצטער, אָן לופט, נאָר די סאָלדאטן שטופּן אין זיי נאָך און נאָך מענטשן. אלע מוזן אין זיי אריין.

איך שטיי א האלב דערשטיקטע, קאָן נישט אָטעמען. מיר דוכט, אז אָט־אָט ברעכן זיך איבער די ריפּן. הערצו איז איין האנט משוגעדיק אויסגעדרייט און איך קאָן זי נישט אויסגלייכן.

די שווארצע מאַשין פאָרט. אַמאָל גלייך, אַמאָל פאַרקערעוועדיק, נאָר זי טראָגט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער. מיר דרייען זיך שוין רעדער פאַר די אויגן, די פיס האַלטן נישט, אָט פאַל איך אַנידער. זיי וואָלטן זיך כאָטש אויף איין רגע אָפּגעשטעלט, געעפנט די טיר און אַרייַנגעלאָזט לופט.

סוף־כל־סוף זענען מיר אָנגעקומען. מיר זענען אין האַפן. מען שטעלט אונדז ווידער אויס, מען ציילט אונדז נאָכאַמאָל איבער און מען יאָגט אונדז צו אַ גרויסער שיף. דאָס איז מסתמא אַ קריגס־שיף, ווייל אונטער צודעקן שטעקן רערן פון האַרמאַטן. אויף דער שיף לאָדט מען קאַסטנס. וואָס ליגט אין די קאַסטנס, ווייסן מיר נישט. די פרויען זאָגן ארויס די השערה, אז דאָס פירן די פאשיסטן ארויס מאשינען און אַנדערע ווערטפולע חפצים.

מען טרייבט אונדז אַריין אין שיף. די שיף־דעק איז גרויס כמעט ווי אַ שטאָט־פּלאַץ. אַ היטלעריסט עפנט אַ ליוק און הייסט אונדז אַראָפּקריכן אונטן. דאָס לייטערל שטייט גלייך ווי אַ וואַנט. איך קריך אַראָפּ. אונטן איז זייער פינצטער. אין דער טיף פירן נאָך און נאָך לייטערלעך. טרייבט מען אונדז אַלץ ווייטער און טיפער.

סוף־כל־סוף בין איך שוין אויפן סאַמע דעק פון שיף. טאַפּנדיק, זוך איך אַן אָרט, וווּ צו זעצן זיך. דאָ געפינען זיך שוין פיל פרויען. פאַראַן דאָ העפטלינגען אויך פון אַנדערע לאַגערן.

וואָהין פירט מען אונדז? זאָל כאָטש אויפן נייעם אָרט נישט זײַן נאָך ערגער? און דער עיקר — מיר דערוווייטערן זיך אַלץ מער פון פראָנט.

מיר זיצן. דאָרטן, פון יענער זייט שיף, רירט זיך אפשר די צייט, נאָר דאָ איז זי פאַרגליווערט געוואָרן. ס'איז נאָך אַלץ טאָג צי עס איז שוין אָוונט?

די ליפּן זענען פאַרטריקנט, עס מאַטערט דער דורשט. עס איז שרעקלעך היים און אַ שטיקנדיקע לופט. דאָס קלייד רייבט אין האַלדז און אונטער די אָרעמס, עס טוט זייער וויי, נאָר אויסטאָן האָב איך מורא — אין דער פינצטער קאָן איך עס פאַרלירן. וואָלט איך כאָטש געקאָנט אויסציען די פיס!...

די שיף שטייט נאָך. אַזוי לאַנג געדויערט די אָנלאָדונג? און וואָס פירן זיי פונדאַנען אַרויס?

די, וואָס זיצן נעענטער צום אַרויסגאַנג, האָבן אין טירל פון ליוק, בעטנדיק וואַסער. קיינער ענטפערט נישט. פּלוצלינג האָט דאָס טירל זיך אָנגעטאָן אַפן און דער קאָנוואָיר האָט בייז אויסגעשריען: „ווער עס וועט טומלען, וועט פליען אויף יענער זייט שיף! דאָרט איז פאַראַן גענוג וואַסער!"

דער ליוק האָט זיך פאַרהאַקט. ווידער פינצטער.

ענדלעך האָט די שיף גערירט פון אָרט. מיר שווימען. וווהין? צי וועלן מיר זיך אַמאָל אומקערן?...

* *

*

אַז עס איז שוין אָנגעקומען אַ נייער טאָג, דערוויסן מיר זיך פון די מיידלעך, וועלכע זענען געקומען פון דעק. דער סאָלדאַט, וואָס שטייט ביים טירל פון אונדזער ליוק, טוט אונדז דעם חסד און דערלויבט אַרויסטראָגן געהלשטע.

איך וואָלט אויך וועלן אַרויסכאַפּן זיך אויפן שיף־דעק, נאָר אַנדערע יאָגן מיך אַריבער: זיי באַמערקן גיכער די געהלשטע.

מיין שכנה האָט מיר פאָרגעלייגט צו מאַכן מיט איר און מיט דער חברטע אירער אַ „דרייילינג": איינע וועט „חלשן", און צוויי וועלן זי אַרויסטראָגן. איך קען נישט סימולירן. בעסער וועל איך טראָגן.

און אָט איז — לופט! איך אָטעם טיף־טיף. די זון בלענדט די אויגן,

אַ ווינטעלע בלאָזט אָנגענעם אין פּנים. אַרום איז רחבותדיק און שיין — נאָר זון, הימל און ים. אינדערוויטן זעט זיך עפּעס, מסתמא אַ שטאָט. אפשר מעמל? איך בין אַ געבוירענע פון מעמל.

— צוריק! — שרייט דער דייטש. אַזוי גיך?... אונדזער „חולה" האָט צו פרי געעפנט די אויגן.

*   *
*

ביינאַכט האָט מען אויפן דעק נישט אַרויסגעלאָזט. מיר זענען גע־זעסן פאַרשמאַכטע, פאַרשוויצטע.

מיטאַמאָל דערהערן מיר פון אויבן אַ שטים פון אַ היטלעריסט: „לופט־אַליאַרעם! נישט רירן זיך! איך וועל שיסן!" וויאַזוי קאָנען מיר זיך רירן? און וועמען אַרט עס, אַז מיר רירן זיך יאָ, צי דען וועט מען אונדז דערזען פונעם אַעראָפּלאַן? קאָמיש.

אינדערפרי האָט מען געבראַכט ברויט. נישט געטיילט, נאָר פּשוט געוואָרפן ווי פאַר בהמות. איינע האָבן געכאַפּט צו עטלעכע שטיקלעך, אַנדערע (צווישן זיי, פאַרשטייט זיך, אויך איך) — גאָרנישט. די גליק־לעכע האָבן זיך געטיילט מיט אונדז. עמעצער האָט מיר אַריינגערוקט אין האַנט אַ קליין שטיקעלע — ס'האָט געקלעקט אויף פיר ביסנס.

*   *
*

עס האָט זיך געענדיקט דער אומדערטרעגלעכער לאַנגער טאָג, עס איז דורכגעגאַנגען אויך די שווערע נאַכט.

אַרום האַלבן טאָג האָט די שיף גענומען שווימען לאַנגזאַמער און זיך אָפּגעשטעלט. אָבער אונדז לאָזט מען נישט אַרויס. מען וועט אונדז דען פירן ווייטער? אויב יאָ, וועלן מיר געוויס דערשטיקט ווערן.

סוף־כל־סוף האָבן מיר זיך דערוואַרט אויפן „הערויס!"

מיר זענען אַרויס אויפן ברעג און זיך אויסגעשטעלט אין רייען. דער ברעג איז לחלוטין נישט ענלעך אויף אַ האַפן: אַ פעלד, אַ וועג און עטלעכע הייזקעס.

עס האָט זיך באַוויזן אַ כאַפּטע ייִנגלעך, וועלכע זענען געקומען צו לויפן אָנקוקן אונדז. עמעצער האָט בײַ זיי שטיל געפרעגט, ווו זענען מיר? זיי האָבן געענטפערט, אַז נישט ווייט פון דאַנציג. און מיר האָט

אַפילו נישט אינטערעסירט, ווו מיר געפינען זיך. אַבי גאָר עס איז פאַראַן לופט צום אָטעמען.

מען האָט אונדז אויפסניי איבערגעציילט און געטריבן ווייטער. מיר האָבן זיך דערשלעפּט צו אַ טייך. עס איז שוין געוואָרן פינצטער. מען האָט אונדז אַריינגעטריבן אין געדעקטע שוואַרצע באַרזשעס. עס האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע, וואָס אויף דער שיף: מען טרייבט אונדז אין די באַרזשעס און מען פרעסט אונדז דאָרט, ווי הערינג אין פעסער. די סאָלדאַטן דראָען, אַז יעדן איינעם, פאַר וועמען עס וועט קיין אָרט נישט קלעקן אין די באַרזשעס, וועט מען דערטרינקען אין טייך. צונויפגעפרעסטע, צונויפגעשטיקטע האָט מען אונדז אַוועקגעפירט.

די נאַכט איז דורכגעגאַנגען, ווי אַ קאָשמאַר, עס איז ממש אַ נס, וואָס מיר זענען נישט דערשטיקט געוואָרן.

אויף מאָרגן, ווען די זון איז שוין געווען גאַנץ הויך, האָט מען אונדז, ענדלעך, אַרויסגעטריבן אויפן ברעג. מיר האָבן אפילו נישט באַוויזן אָפּצואָטעמען און מען האָט אונדז שוין געיאָגט ווייטער.

אויף די קרייץ־וועגן — אָנווייזערס מיט אויפשריפטן „שטוטהאָף“. מיר שטעלן זיך שוין פאָר, וווהין מען פירט אונדז.

מיר גייען פאַרביי אַ דאָרף. ווי ריין און ציכטיק דאָ איז! פוןביידע זייטן געסל דרעמלען אין דער זונען־שיין הייזקעס. יעדע פון זיי איז אַרומגעצאַמט, הינטערן פלויט — אָן אַ שיעור בלומען. עס שפּילן זיך קינדער... ווי שטיל דאָ איז! ווי עס וואָלטן גאָר נישט געווען אויף דער וועלט קיין מלחמה, היטלער, פּאָנאַר...

פונווייטן זעען זיך לאַנגע רייען באַראַקן. זיי זענען פאַרשטעלט דורך אַ פראַכטפולן סאָד מיט שיינע אַלעען, עטלעכע מויערלעך, אַ פאָנטאַן, הוידעלקעס, אַ פינג־פּאָנג־טיש — קורץ, אַ גן־עדן. ווען דער סאָד האָט זיך געענדיקט, האָט פאַר די אויגן זיך אַנטפּלעקט אַ מדבר, שטעכלדראָט די באַראַקן שטייען ווי אַריינגעשטעקט אינעם זאַמד און זענען אָפּגעטיילט איינער פון צווייטן מיט קווערע רייען שטעכלדראָט. עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז דער גאַנצער לאַגער איז צעטיילט אין גרויסע דורכזיכטיקע שטייגן פאַר פי. אַרום דעם צוים, אונטערגעשפּאַרט מיט הויכע באַלקנס, שטייען וואַך־טורעמס מיט פענצטערלעך אין אַלע פיר זייטן.

ביים טויער — דייטשישע אָפיצירן. פאַרן אַריינלאָזן ציילט מען אונדז איבער. אַ מאָנאָטאָנע שטים וואָרנט אונדז, אַז צוגיין צום צוים איז שטרענג פאַרבאָטן, ער איז אָנגעלאָדן מיט אַן עלעקטרישן שטראָם.

מיר זענען אַריין אין דער ערשטער שטייג. דער טויער הינטער אונדז האָט זיך גלייך פאַרמאַכט. מען עפנט דעם פאָלגנדיקן טויער און מען טרייבט אונדז אין דער פאָלגנדיקער שטייג. מען פאַרמאַכט ווידער דעם טויער, מען טרייבט אונדז אין דער דריטער שטייג. און אזוי אלץ ווייטער און טיפער אין לאַגער.

ווען מיר גייען פאַרביי די באַראַקן, פרעגן ביי אונדז די העפטלינגען, וועלכע געפינען זיך דאָרט, פונוואַנען זענען מיר. פאַר ענטפער: אויף פראַגן כאַפּן מיר אומדערבאַרעמדיקע קלעפּ, נאָר מיר קאָנען זיך נישט איינהאַלטן און ענטפערן. פון די באַראַקן ווענדט מען זיך צו אונדז אין רוסיש, פויליש, יידיש. ביי איין באַראַק שטייען זייער אויסגעצערטע פרויען, ווייזט אויס, קראַנקע. זיי פרעגן גאָרנישט, נאָר זיי ראטן אונדז, מיר זאָלן זיך היטן פאַר איינעם אַ מאַקס.

רעכטס פון די פרויען־באַראַקן שטייען די מענערישע. די צוים צווישן די פרויען־ און מענער־באַראַקן איז אַ דאָפּלטע — צוויי רייען שטעכלדראָט. זיי זענען אָפּגעטיילט איינע פון די צווייטע דורך אַ גרויסן שטח. פון דער אינעווייניקסטער זייט פון צוים ציען זיך צוגאָבלעכע רייען שטעכלדראָט סאַמע ביז דער ערד.

די מענער קוקן אויך נאָך, ווי מען פירט אונדז פאַרביי. וואָר־נישט־ווער פון זיי גיט אונדז אַ וואָרף די פראַגע, פונוואַנען זענען מיר. איינער אַן עלטערער מענטש, ווען ער האָט דערהערט, אַז מיר זענען פון ווילנע, פרעגט ביי אונדז, צי זענען מיר שוין לאַנג פון דער היים. זיין פּנים איז מיר זייער באַקאַנט, נאָר אומקערן זיך און נאָכאַמאָל אַ קוק טאָן אויף אים איז געפערלעך — האָרט לעבן מיר שפּאַנט אַ דייטשישער זעלנער.

מען האָט אונדז געבראַכט אין די לעצטע באַראַקן — אין ניינצנטן און צוואַנציקסטן. עס האָבן אונדז באַגעגנט שלעכטע עס־עס־לייט און איין ציווילער, נאָר מיט אַ העפטלינג־נומער. דער ציווילער האָט מיט אַ געשריי געהייסן אונדז אויסשטעלן זיך צום אַפּעל און גלייך גענומען אונדז ממיתן מיט די הענט און פיס. פאַרוואָס? מיר שטייען דאָך אין אַ גלייכער ריי און ער האָט אונדז קיין זאַך נאָך גאָרנישט נישט געהייסן.

איך האָב זיך אויסגעצויגן און בין געבליבן שטיין ווי אַ פאַרגליווערטע. נאָר אָט דער ציווילער האָט זיך פייל־אויסן־בויגן אַ לאָז געטאָן צו מיר. איך האָב אפילו נישט באַוויזן צו טרעפן, אין וועמען ער צילט

זיך, ווי איך האָב דערפילט אַ שרעקלעכן ווייטיק, ממש די קישקעס האָבן זיך איבערגעדרייט.

די עס־עס־לייט זענען זיך געשטאַנען אין אַ זייט און געקליבן נחת. שטאַרק צענעריקט אַלעמען, האָט דער סאַדיסט זיך פאַרקעמט, פאַרשטעקט אין די הויזן די עקן פון העמד און גענומען אונדז ציילן. אין מיטן ציילן האָט אַן אָפיציר באַמערקט, אַז ס'איז שוין צייט צו גיין עסן מיטאָג. זיי זענען אַלע אַוועק און אונדז געלאָזט שטיין.

אין צווייטן עק פון דער ריי זענען געשטאַנען עטלעכע צענדליק פרויען, וועלכע מען האָט געבראַכט אַהער פריער פון אונדז. זיי דערציילן, ווי דאָ לעבט זיך. יעדעס וואָרט זייערס גייט שטיל איבער פון מויל צו מויל. די פרויען זענען פון פוילן. אין די איצטיקע בלאָקן געפינען זיי זיך סך־הכל אַ וואָך צייט, פריער האָט מען זיי געהאַלטן אין די אַנדערע בלאָקן. דאָ איז ערגער, ווייל דער עלטסטער פון די בלאָקן איז מאַקס, דער זעלבער, וואָס האָט איצט אַלעמען געשלאָגן. דאָס איז אַ טייוול אין געשטאַלט פון אַ מענטשן. עטלעכע זענען שוין אונטער זיינע קלעפּ געפאַלן טויט. אַליין איז ער אויך אַ העפטלינג, ער זיצט שוין דאָס עלפטע יאָר פאַר דערמאָרדן זיין אייגן ווייב און די קינדער. די עס־עס־לייט זענען שטאַרק צופרידן פון זיין ווילדער אכזריות.

איז אָט ווי עס לעבט זיך אין אַן אמתן קאָנצענטראַציע־לאַגער! אויב אַזוי, איז אין שטראַסדענהאָף געווען נאָך צו פאַרלייד...

די עס־עס־לייט און מאַקס האָבן זיך צוריקגעקערט ערשט פאַרנאַכט. מיט קלעפּ און קללות ווי־נישט־איז אונדז איבערגעציילט און אַריינגעלאָזן אין באַראַק. די נאַרעס זענען דאָ אויך דריישטאָקיקע, אָבער אָן שטרוי־זעק און קאָלדרעס — בלויז נישט קיין געהובלטע ברעטער.

*　　　*

*

עס וועקט אונדז אויף דאָס געשריי פון מאַקסן. דורכן אָפענעם פענצטער פליען שטיינער. מיר לויפן צו דער טיר. דאָ איז אַ שפּאַרעניש, אַ שטופּעניש. פלוצלינג גיבן זיך אַלע אַ ריס אויף צוריק: מאַקס שטייט ביי דער טיר, און ווער עס גייט דורך פאַרביי אים, באַקומט קלעפּ אין קאָפּ. מיר ווילן שפּרינגען דורכן פענצטער, נאָר מאַקס איז

שוין אויך דאָ, ער שלאָגט שוין פאַר „ברעכן די אָרדענונג“. צי דען ווייסן מיר נישט, אַז אַרויסגיין דאַרף מען דורך דער טיר?...

איך לויף צוריק צו דער טיר און דריי זיך קוים אויס פון דער איי־זערנער פויסט פון מאַקסן — ער איז שוין ווידער ביי דער טיר.

אַלס שטראָף דערפאַר, וואָס מיר האָבן עטוואָס פאַרשפּעטיקט צום אַפּעל, לאָזט אונדז מאַקס שטיין אַ גאַנצן טאָג אונטער דער ברענענדי־קער זון. ער וואָרנט, אַז מיר מוזן שטיין אומבאַוועגלעך. ביי דער קלענס־טער באַוועגונג וועט מען שיסן.

די זון שרפּעט אָן רחמנות. עס מאַטערט שרעקלעך דער דורשט. די פיס ציטערן און בייגן זיך. אָט וועל איך זיך אַ וואָרף טאָן אין זאַמד, אין שטויב, אַבי נאָר אַ רגע אָפּרוען.

*  *
*

מען האָט אונדז רעגיסטרירט. פאַרשרייבן דעם אמתן עלטער האָב איך מורא — יינגערע פון אַכצן יאָר האַלטן זיי דאָך פאַר נישט־אַר־בעטספעיקע. כ'האָב אַ מורמל געטאָן, אַז מיר איז צוואַנציק. און טאָ־מער וועט דער עסעסאָווייעץ נישט גלויבן? פאַר אַ ליגן וועט מען דאָך געווים דערשיסן! צום גליק, האָט ער אפילו נישט אַ קוק געטאָן אויף מיר.

מען האָט אונדז געגעבן נומערן, געדרוקטע אויף שטיקלעך שטאָף, געהייסן גלייך צונייען צו די בגדים (ספּעציעל געבראַכט נאָדלען מיט פאָדעם).

איך בין שוין מער נישט „נומער 5007“, איך בין געוואָרן „נו־מער 60821“.

נאָך דער רעגיסטראַציע האָט מען געגעבן זופּ. דאָ איז זי נאָך אַן ערגערע, איידער אין שטראַסדענהאָף. פּשוט אַ ביסל וואַרעמלעך, מוטנע וואַסער אָן איין גרייפּל. עטלעכע מיידלעך האָט יאָ אָפּגעגליקט: זיי האָבן געפונען אינעם שיסעלע צו שטיקלעך בולבע־שאָלעכץ.

*  *
*

… eine warme Mittagssuppe im Werte bis zu RM —.30 zu sorgen. Der Betrag hierfür kann vom Lohn abgezogen werden.

11. Der Jude ist unser Feind und der Alleinschuldige am Kriego. Es gibt daher auch keinen Unterschied zwischen Juden und Juden, sie sind alle gleich. Der Einsatz zu einer Arbeit ist Zwangsarbeit, daher ist auch der ausserdienstliche Verkehr mit den Juden sowie jede Privatunterhaltung und Geschäftemacherei strengstens verboten. Wer mit Juden privaten Umgang pflegt, muss entsprechend als Jude behandelt werden. Wie die Reichsdeutschen, so unterliegt auch die einheimische Bevolkerung den hierfür erlassenen Strafbestimmungen bei Verstössen gegen diese grundsätzliche Einstellung den Juden gegenüber.

12. Bedarfsstellen und Arbeitgeber, die gegen diese Bestimmungen verstossen, werden zur Verantwortung gezogen und von einer weiteren Zuteilung jüdischer Arbeitskräfte ausgeschlossen.

**Der Gebietskommissar der Stadt Wilna**

**I. A.**

**gez. M U R E R.**

באפעל פון מורערן פון דעם 7.IV.1942 (סוף) צו די ארבעטסגעבער... (...דער ייד — אונדזער שונא...)



מיר זענען אין דעם גיהנום שוין ניין טעג. מיר גייען אַלע אַרום מיט אונטערגעהאַקטע אויגן פֿון די קלעפּ, מיט וועלכע עס איז אונדז מכבד מאַקס. איך רוף די סיניאַקעס „מאַקס=אויטאָגראַפֿן“, און אייניקע פּרויען זענען אין כעס, למאי מיר ליגן נאָך אַלץ אין זינען חכמות. נאָר איך טראַכט גאָר נישט וועגן חכמות, דאָס באַקומט זיך ביי מיר אומגערן.

ביי טאָג, פֿונעם פֿרימאָרגן=אַפּעל ביזן אָוונט=אַפּעל, איז אַריינגיין אין די באַראַקן פֿאַרבאָטן. אויב מאַקס שרייט נישט „Stillstand“[1] אָדער באַפֿוילט נישט צו שטיין אויף די קני — זיצן מיר אויף דער ערד, אין שטויב, אונטער דער ברענענדיקער זון. קיין שאָטן, וווּ זיך צו באַהאַלטן, איז נישטאָ. טרינקען גיט מען נישט, אויב נישט רעכענען דאָס קליינע שיסעלע „קאַווע“ פֿאַר פֿינף פֿרויען, וואָס מיר באַקומען צום פֿרישטיק.

די עס=עס=לייט האָבן שוין דריי מאָל אָפּגעקליבן פֿון אונדזער בלאָק קרבנות פֿאַר דער קרעמאַטאָריע. זיי שטעלן אונדז אויס, באַטראַכטן, און די סאַמע אויסגעדאַרטע פֿירן זיי אַוועק. די ערשטע צוויי מאָל האָבן זיי צוגענומען צו דרייסיק מענטשן, מיט עטלעכע טעג צוריק — מיטאַמאָל זעכציק. וווּ געפֿינט זיך די קרעמאַטאָריע, ווייסט קיינער נישט. מען זאָגט, אַז ערגעץ ביים אַריינגאַנג.

איינער פֿון יענע, וואָס טראָגן פֿאַנאַנדער די זופּ, האָט איבערגעגעבן, אַז די ווילנער פֿרויען שיקט אַ גרוס דער שרייבער באַלים סרואָגאַ. איז אָט וועמענס פּנים ס'האָט מיר דאַן אויסגעזען צו זיין באַקאַנט! און וואָס איז דער וווּנדער, וואָס איך האָב אים נישט דערקענט, כ'האָב דאָך געזען נאָר זיינע פֿאָטאָגראַפֿיעס אין ביכער, דערצו נישט אין געשטרייפּטע בגדים און נישט אַזאַ אויסגעצערטן.

מיר שיינט, אַז איך האָב געזען אין די מענער=באַראַקן א. ר. צוזאַמען מיטן טאַטן. נאָר וויפֿל איך קוק זיך נישט איין, זע איך זיי מער נישט. עס איז ווייט. אַלץ איז אין נעפּל. און אפשר האָב איך אַ טעות? איך ווייס דאָך נישט, וואָס מיט אים איז געשען, איך טראַכט דאָך, אַז ער לעבט, דוכט זיך מיר דעריבער אויס, אַז איך זע אים.

---

1 שטיין שטיל!

*     *
*

עס זענען געקומען עס-עס-לייט אין שווארצע מונדירן און געהייסן אונדז זיך אויסשטעלן, פארבייגיין זיי און ווייזן די פיס. ביי וועמען די פיס זענען מיט א סך געשווירן, טרייבט מען גלייך אפ אין א זייט, אויב די פיס זענען פארהעלטנישמעסיק ריין פון געשווירן, קאנטראלירט מען אויך די מוסקולן פון די הענט.

איך בין אריינגעפאלן צווישן די געזונטע. מען האט אונדז אויסגעשמעלט און איבערגעציילט. די לעצטע צוויי פון דער ריי האט מען געיאגט צוריק, כדי אין ריי זאל בלייבן א גלייכע צאל — דריי הונדערט.

מען האט געעפנט דעם טויער און ארויסגעפירט אונדז אין דער שכנותדיקער אפטיילונג. מיר האבן לייכטער אפגעאטעמט — האנקען גאט, פטור געווארן פון דער ווילדער חיה מאקס.

איצט זענען מיר אויך פון די פריערדיקע שכנות אפגעטיילט מיט שטעכלדראט. זיי שטייען נעבעך ביים צוים און קוקן אויף אונדז מיט קנאה. מיר וועלן פארן אויף ארבעט, און זיי וועלן בלייבן דא.

עמעצער האט ארויסגעלאזט א קלאנג, אז מען וועט אונדז שיקן אין דארף, צו פויערים. די אפיצירן האבן וועגן דעם גערעדט צווישן זיך. ערגער וועט, מסתמא, נישט זיין.

*     *
*

די קלאנגען האבן זיך, דוכט זיך, באשטעטיקט.

עס איז געקומען א זעלנער. אפגעקליבן צען פרויען און געפרעגט, צי זיי קענען מעלקן קי. אלע האבן, פארשטייט זיך, געענטפערט, אז זיי קענען.

און ווי זאל איך טאן, אויב מען וועט מיך פרעגן?... זאגן דעם אמת — וועט מען נישט נעמען. זאגן א ליגן — וועט מען סייווי אומקערן אין לאגער. וואס טוט מען? איך פרעג ביי די אנדערע, וואס וועלן זיי ענטפערן. נאר די פרויען לאכן זיך אויס פון מיינע ספקות.

*     *
*

מען האָט אַרויסגעפירט זעקס און דרייסיק פרויען, צווישן זיי אויך מיך. מען האָט אַלעמען אַרויסגעגעבן צו אַ סאָלדאַטישער קאָלדרע. ביים טויער זענען געשטאַנען מענטשן, וועלכע האָבן גענומען אָפּקלייבן אונדז, ווי מען קלייבט אָפּ אַרבעטס־פי: זיי באַקוקן אונדז, טאַפּן די מוסקולן, פרעגן, צי איז מען נישט פויל. צוויי מיידלעך וויינען — זיי זענען שוועסטער און מען וויל זיי צעשיידן: איינע איז אָפּגעקליבן געוואָרן דורך איין בעל־הבית, די צווייטע — דורך אַן אַנדערן. זיי בעטן, מען זאָל זיי שיקן צוזאַמען, ווייל פון דער גאַנצער משפּחה זענען געבליבן נאָר זיי ביידע.

אויף מיר לייגט קיינער קיין אַכט נישט, אַלע גייען פאַרביי. מסתמא וועט מען מיך נישט נעמען. אפשר אַליין זיך אָנבאָטן? אַנדערע טוען טאַקע אַזוי: כ׳זאָג: „Ich bin stark”,[1] אָבער קיינער הערט נישט. „איך בין שטאַרק!“ חזר איך איבער שוין העכער. „Was, Was?”[2] — פרעגט איינער אַ זקן. כ׳הייב אָן גיך דערקלערן, אַז איך וויל אַרבעטן, אַז איך בין נישט פויל. „Ja, gut!”[3] — ענטפערט ער און גייט פאַרביי... דערנאָך טראַכט ער אפּנים איבער, קערט זיך אום און פירט מיך אָפּ אין אַ זייט, ווו עס שטייען שוין דריי פרויען, וועלכע ער האָט אָפּגעקליבן.

עס גייט צו דער קאָנוואָיר, פאַרשרייבט אונדזערע נומערן און פירט אונדז אַוועק נאָכן בעל־הבית.

מיר גייען מיטן זעלבן וועג, מיט וועלכן מען האָט אונדז געפירט אַהער. ווידער זעען מיר די הייזקעס, וועלכע רוען, ווי דעמלט, געמיטלעך אונטער די זון־שטראַלן. מען זעצט אונדז אַריין אין אַ וואַגאָן פון דער קליינבאַן. דער סאָלדאַט לאָזט פון אונדז נישט אַראָפּ די אויגן. סאַמע אונטער מיין נאָז בלאַנקט שטרענג די פיקע פון זיין ביקס.

אונדזער בעל־הבית — נישט קיין הויכער זקן מיט קרומע פיס און מיט אַ פליך; זיינע אויגן — קוים דורכגעשניטענע שפּעלטעלעך, די שטים — אַ הייזעריקע און בייזע. מיט אונדז איז ער, ווייזט אויס, נישט צופרידן. ער באַקלאָגט זיך פאַרן קאָנוואָיר, אַז פון אַזעלכע פיגורות וועט נישט זיין קיין שום נוצן. ביי אים האָבן שוין געאַרבעט פיר אַזעלכע, ווי מיר, יענע זענען געווען פון אונגאַרן, אָבער זיי זענען גיך פאַרשלאַפט געוואָרן און ער האָט זיי געמוזט אָפּפירן גלייך אין קרעמאַטאָריע.

---

1 איך בין שטאַרק.

2 וואָס, וואָס?

3 יאָ, גוט.

אָט צו וועמען מיר זענען אַריינגעפאַלן! און איך, דער גולם, האָב זיך נאָך אַליין אָנגעבאָטן.

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיר זענען אַרויסגעקראָכן. ביים צוג האָט אויפן בעל־הבית געוואַרט אַ וואָגן אויף צוויי רעדער, וועלכן ער האָט געהאַט איבערגעלאָזט. דער קאָנוואָיר האָט אונדז פאַרדרייט די הענט אַהינטער און צוגעבונדן איינע צו דער אַנדערער. דעם עק פון שטריק האָט ער צוגעבונדן צום וואָגן, פונקט ווי קעלבער. ער אַליין האָט זיך אַוועקגעזעצט אין וואָגן לעבן בעל־הבית, און מיר האָבן געדאַרפט נאָכגיין נאָכן וואָגן.

דאָס פערד, אָפּגערוט פון לאַנגן שטיין, האָט גאַנץ שמיידיק זיך געאיילט אַהיים. מיר האָבן געמוזט לויפן, כדי די שטריק זאָלן זיך נישט איינשניידן אין אונדזערע לייבער. מיר זענען שיעור נישט דערשטיקט געוואָרן, אָבער מיט אַלע כוחות געסטאַרעט זיך, אַז דער בעל־הבית זאָל דאָס נישט באַמערקן: ער וועט זאָגן, אַז מיר זענען שוואַכע און וועט אונדז גלייך אָפּשיקן אין קרעמאַטאָריע. און די זיבן קילאָמעטער זענען אַזעלכע לאַנגע.

ענדלעך האָט דער וואָגן פאַרקערעוועט אויף אַ שמאָלער סטעזשקע, איז דורכגעפאָרן פאַרביי אַ סאַזשלקע און אָנגעקומען אין אַ גרויסן הויף. מיר האָבן דערזען פאַר זיך אַ גרויס הויז מיט אַ גרינעם סאָד און אַ סך שטאַלן, ווייזט אויס, אַ פעסטע ווירטשאַפט.

דער בעל־הבית האָט נאָכאַמאָל קאָנטראָלירט אונדזערע נומערן אין זיך אונטערגעשריבן, אַז ער האָט אונדז איבערגענומען ביים קאָנוואָיר. פאַנאַנדערבינדנדיק די הענט, האָט ער פאַר אונדז געהאַלטן אַ גאַנצע דרשה: מיר מוזן גוט און פלייסיק אַרבעטן, נישט סאַבאָטירן און נישט פרווון אַנטלויפן. פאַר סאַבאָטאַזש וועט ער אונדז אָפּשיקן גלייך אין קרעמאַטאָריע, פאַר אַ פרווו צו אַנטלויפן — גלייך דערשיסן. נאָך אַזא ברוך־הבא האָט ער אונדז אָפּגעפירט אין אַ קעמערל, וואָס איז געשטאַנען אין סאַמע עק פון שטאַל. אין קעמערל איז געווען פינצטער, די דרויסן־שיין דרינגט אַהער אַריין דורך אַ פיצל פענצטערל, פאַרשמוצט פון פליגן. די לופט אַ שטיקנדיקע, פול מיט עפּוש — הינטערן ווענטל רימשען חזירים... קיין שטרוי־זעק און קישעלעך נישטאָ, בלויז אין ווינקל איז אָנגעוואָרפן היי. דאָס וועט זיין אונדזער געלעגער. איך האָב זיך דערוועגט אַ מורמל טאָן, אַז מיר זענען זייער הונגעריק — היינט נאָך גאָרנישט נישט געגעסן. דער בעל־הבית האָט זיך פאַרקרימט און געהייסן מיר

גיין נאָך אים. אין פּיהחויז האָב איך באַדאַרפט אויסטאָן די שיך: אין קיך מעג מען אַריינגיין נאָר באָרוועס. אין די צימערן איז אונדז בכלל פאַרווערט אַריינצוגיין. דאָס מוז איך איבערגעבן אויך מיינע חברטעס.

אַ פרעג געגעבן ביי דער דינסט, צי איז עפּעס געבליבן פון מיטאָג, האָט ער גלייך גענומען בורטשען, אַז זי קאָכט צופיל. נאָכדעם האָט ער געהייסן פרעגן ביי זיינע שוועסטער, צי מען קאָן אונדז אָפּגעבן די איבערגעבליבענע קאַרטאָפל. עס איז געקומען די בעל־הביתטע, פּונקט אַזאַ האַלב בלינדע און פאַרקרימטע, ווי דער בעל־הבית. זי האָט גענומען קלאָגן, אַז מער ווי דאָס קאָנען מיר נישט — נאָר בדלות שטעלן זיי. זי האָט אַריינגערוקט דעם קאָפּ אין טעפּל און לסוף דערלויבט אָפּגעבן אים אונדז.

פאַר יעדערער פון אונדז איז דאָרט געווען צו דריי קאַרטאָפל.

* *
*

גאַנצפרי האָט אונדזער נייער האַר אָפּגעשלאָסן די טיר און אַרויסגעלאָזט אונדז זיך וואַשן. אַליין איז ער נאָכגעגאַנגען פון הינטן, מיר זאָלן, חלילה, נישט אַנטלויפן.

די זון הויבט ערשט קוים־קוים אָן אויפגיין. עס איז קאַלט. נאָר דער בעל־הבית איילט — די פינפטע שעה. האַלב פינף מוזן מיר אָנהויבן די אַרבעט — אָנטראָגן האָלץ, וואַסער, אויסקערן דעם הויף, ריין מאַכן די סטעזשקעס אין סאַד; האַלב זעקס וועלן מיר באַקומען פרישטיק, זעקס — אַרויסגיין אין פעלד.

מען האָט אונדז אַרויסגעגעבן די שפּייז־נאָרמע אויף אַ גאַנצער וואָך פאָרויס: אַ לעבעלע ברויט און אַ פערטל פּעקעלע מאַרגאַרין. דער בעל־הבית האָט געוואָרנט, אַז דאָס דאַרף קלעקן ביזן קומענדיקן פרייטיק; מער קיין ברויט וועלן מיר נישט קריגן. פון קיך וועט מען אונדז יעדן פרימאָרגן געבן קאַווע, אויף מיטאָג — זופּ, אויף אָוונטברויט וועט מען אונדז געבן קאַרטאָפל, נאָר נישט יעדן אָוונט. אין קיך מעג אַריינגיין נאָר איינע פון אונדז, וועלכע וועט באַקומען פאַר אַלע פיר.

מיר האָבן באַשלאָסן צו עסן ברויט בלויז איין מאָל אין מעת־לעת — צו פרישטיק. נאָר ווי האַלט מען זיך איין, אַז מיר האָבן פאַר אַזויפיל צייט באַקומען אין די הענט אַ גאַנץ לעבל ברויט! אפשר דער־

לויבן זיך אָפּצועסן דאָס ערשטע מאָל זאַטער, ווערן קרעפּטיקער אַ ביסל, און נאָכדעם שוין עסן ווייניקער? מיר האָבן אָפּגעקרישלט פונעם לעבל פריער צו איין ברעקעלע, דערנאָך נאָך איינס. דאָס לעבעלע האָט ביסלעכווייז גענומען ווערן קלענער. נאָך גוט, וואָס דער בעל־הבית איז געקומען רופן אונדז צו דער אַרבעט, אַנישט וואָלט פון לעבל גאָרנישט נישט געבליבן.

דער בעל־הבית פאָרט רייטנדיק אויף אַ פערד און מיר שלעפּן זיך נאָך פון הינטן, צופוס. מיר זענען דאָ, ווייזט זיך אַרויס, נישט אַליין. פאַראַן דאָ אַן אוקראַינער מיט אַ ווייב און מיט דריי קינדער (פאַרן אָפּטרעטן האָבן די אָקופּאַנטן זיי פאַרטריבן אַהער), אַ קריגסגעפאַנגענער פראַנצויז (צונויפרעדן זיך מיט עמעצן קאָן ער נישט, זינגט ער גאַנצע טעג זיינע לידעלעך) און אַ פּויליש מיידל זאָסיע (זי האָט געגלויבט די היטלעריסטן, אַז אין דייטשלאַנד וואַרט אויף איר אַ גן־עדן, איז זי פרייוויליק געפאָרן אַהער אויף אַרבעט; איצט זעט זי דעם גן־עדן, וויינט זי און פאַרשילט דעם טאָג, ווען זי איז אַהער געפאָרן, נאָר מען לאָזט זי, פאַרשטייט זיך, נישט אָפּ).

די פעלדער פון ביידע זייטן וועג געהערן אונדזער בעל־הבית. ער איז, ווייזט אויס, אַן עסעסאָוויעץ אָדער עפּעס אַ „מאַכער“, ווייל אָוונטצייט נעמט ער אָפּ אַ ביקס, זעצט זיך אויפן ראָווער און פאָרט אַוועק אויף פאַרזאַמלונגען אָדער אויף ביינאַכטיקע דעזשורסטוועס. דאָס איז זייער אַ בייזער און קאַרגער אַלטער בחור, זיינע שוועסטער זענען אַלטע מוידן, אויך אַזעלכע שלעכטע, אמתע מכשפות. זיי ברענען און בראָטן, ווען סע קומט אויס צו געבן אַ טעלער זופּ די קינדער פונעם אוקראַינישן פּאָרפאָלק. די קינדער אַרבעטן דאָך נישט! הגם דאָס עלטערע יינגל, וואָס איז אַלט סך־הכל זיבן יאָר, שטעלן זיי אָפּ יאָ צו דער אַרבעט, דערביי אויף אַזאַ אַרבעט, וואָס איז נישט פאַר קינדערישע כוחות.

וועגן דעם אַלעם האָט אונדז דערציילט דער אוקראַינער, ווען מיר זענען געגאַנגען אין פעלד אַריין.

געקומען אויפן אָרט, האָט אונדז דער בעל־הבית באַפוילן תיכף אָנהויבן די אַרבעט. דער פראַנצויז שניידט מיט דער מאַשין דאָס קאָרן, און מיר גייען נאָך פון הינטן און בינדן גאַרבן.

צוערשט האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז נישט שווער, עס שטעכט נאָר די הענט. באַלד אָבער האָבן די צעשטאָכענע הענט גענומען ברענען. עס האָט אָנגעהויבן ברעכן דער קרייץ.

ווען וועט מען שוין מאַכן אַן איבעררייס? מיר דערוויסן זיך, אַז נישט פריער ווי מיטאָג-צייט. לאַנג נאָך צו וואַרטן? דער אוקראַינער לערנט אונדז ווי צו דערוויסן זיך די צייט לויטן שאָטן. איצט איז ערשט אַרום צען, נאָך ווייט צו האַלבן טאָג! ווי די צייט גייט לאַנגזאַם! אפשר כאַפּן אַ שמועס מיטן פראַנצויז, וועט די צייט לויפן גיכער? ער וועט געוויס זיך דערפרייען. אָבער וואָס זאָל איך אים זאָגן, אַז אַלע פראַנצויזישע ווערטער, וועלכע כ'האָב אויסגעלערנט אין שול, זענען אַרויסגעפלויגן פון קאָפּ! אפשר פרעגן אים, וויפל איז דער זייגער? דאָס געדענק איך.

כ'האָב זיך געקליבן, געקליבן, ביז ס'איז געקומען די מיטאָג-צייט. זופּ האָט מען געבראַכט אַהער, מיר זאָלן נישט פאַרלירן קיין צייט אויף גיין. דער פראַנצויז, נישט פאַרשטייענדיק מיינע כוונות, איז אַוועק מיט זיין שיסעלע אין שאָטן.

מיר האָבן נאָך נישט באַוויזן אָפּצועסן, און דער בעל-הבית טרייבט אונדז שוין ווידער צו דער אַרבעט! וואָלט ער כאָטש לאָזן אָפּרוען!

ווי כאַפּט מען פאָרט אַ שמועס מיטן פראַנצויז? כ'האָב עטלעכע מאָל אָנגעהויבן זינגען „Fre're Jaeques" — מער האָב איך גאָרנישט נישט געקאָנט דערמאָנען זיך. דער פראַנצויז האָט אָבער נישט געלייגט קיין אַכט אויף מיין זינגען. ער האָט נישט געהערט, אָדער געמאַכט זיך נישט הערנדיק.

באַלד האָט דער ווייטיק פאַרטריבן אַלע מיינע געדאַנקען. די צעשטאָכענע הענט זענען געווען געשוואָלן, רויט — אַ שרעק צו קוקן. אין קרייץ האָט געשטאָכן, ווי מיט שפּיזן. עס מאַטערט דער דורשט, דאָס האַרץ חלשט פון הונגער. דער אוקראַינער האָט אונדז אויסגעלערנט צו שיילן די זאַנגען און עסן די קערנדלעך, אָבער ווו נעמט מען דערווייל צייט — מיר באַוויזן אַזוי אויך קוים נאָכהאַלטן די שנייד-מאַשין. דער אוקראַינער קלאָגט זיך — ווען דער פראַנצויז פאַרשטייט רוסיש, וואָלט מיר אים געבעטן נישט איילן זיך. דאַן האָב איך זיך פאָרגעלייגט אַלט איבערזעצערין.

דער פראַנצויז האָט זיך שטאַרק דערפרייט, ווען ער האָט דערהערט זיין מאַמע-לשון, און האָט גענומען גיך-גיך מיר עפּעס דערציילן. כ'האָב פאַרשטאַנען קוים געציילטע ווערטער. איך האָב געבעטן רעדן לאַנגזאַ-

---

1 „דער ברודער זשאַק" (אַ פּאָפּולער פראַנצויזיש לידעלע).

מער, איבערגעגעבן אים אונדזער אַלגעמיינע בקשה צו אַרבעטן נישט אין אַזאַ טעמפּ.

עס איז געוואָרן לייכטער. דער פראַנצויז האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אונטערפייפנדיק. זעט ער, אַז מיר שטייען אָפּ, וואַרט ער אונטער. אונדזער ראַיע האָט מורא געהאַט, אַז דער בעל־הבית וועט דאָס באַמערקן און וועט באַשולדיקן אונדז אין סאַבאָטאַזש. אָבער דער פראַנצויז איז אַליין אויך נישט קיין לעמעך: ווי נאָר ער דערזעט, אַז ס'דערנענטערט זיך דער בעל־הבית, נעמט ער אַרבעטן גיכער.

די זון הייבט שוין אָן אונטערגיין, נאָר דער בעל־הבית טראַכט נאָך אפילו נישט וועגן ענדיקן די אַרבעט. דעם קרייץ און רוקן פילן מיר שוין אפילו נישט. מיר פאַרשטייען שוין, פאַרוואָס די מיידלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט דאָ ביז אונדז, האָבן נישט אויסגעהאַלטן. מיר וועלן מסתמא, אויך נישט אויסהאַלטן.

ערשט האַלב גיין אין אָוונט האָט דער בעל־הבית דערלויבט איבעררייסן די אַרבעט. מיר האָבן לאַנגזאַם זיך אַוועקגעשלעפּט אין אונדזער שטאַל...

* *

*

זונטיק איז פאַר אַלעמען אַן אָפּרו־טאָג. נאָר נישט פאַר אונדז. מיר האָבן געמוזט אָנטראָגן האָלץ און וואַסער, אויסקערן דעם הויף, רייניקן די סטעזשקעלעך אין סאָד, אָנקאָרמען די פי און ביז גלאַנץ אויספּוצן דאָס יום־טובדיקע פאַיעטאָנדל, אין וועלכן די בעל־הבתים פאָרן אין קירכע.

נאָך מיטאָג איז דער פראַנצויז אַוועק צו זיינעם אַ פריינד, וועלכער אַרבעט נישט ווייט פונדאַנען. די פרוי פונעם אוקראַינער האָט געוואַשן איר וועש, און זאָסיע האָט זיך צוגעלייגט — זי איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן, געוויינט. אונדז האָט דער בעל־הבית פאַרשלאָסן, אַריבערגעוואָרפן איבערן פּלייצע די ביקס און איז ערגעץ אַוועקגעפאָרן.

אַ שטילער זונטיק־פאַרנאַכט. אפילו די בלעטעלעך אויף די ביימער דרעמלען פויל אויף דער זון. אויך קיין פייגעלעך פליען נישט אַרום. אַלע רוען.

געליען ביי די אוקראינער אַ שער מיט אַ נאָדל־פּאָדעם, „פּוצן“ מיר זיך — מיר מאַכן קירצער און שמעלער אונדזערע קליידלעך. טייבל קען נייען, זי העלפט אונדז. פון די אָפּגעשניטענע פּאַסן האָבן מיר אַלע זיך אויפגענייט ביוסטהאַלטערס. איך דאַרף דאָס נישט: כ'בין צו מאָגער...

ווען נישט די ריגער ראַיע, וואָלטן מיר אפשר אויף אַ ווײַלע פאַר־געסן זיך, עס וואָלט עטוואָס גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן. אָבער ראַיע ווערט אויף קיין רגע נישט אַנטשוויגן. שוין צום דריטן מאָל פאַר די עטלעכע טעג דערציילט זי מיט אַלע נייע פּרטים, ווי זי האָט פאַרלוירן איר קינד.

אין ריגער געטאָ איז זי נאָך געווען מיטן מאַן און מיטן קינד. דער־וווּסט זיך, אַז די קינדער וועט מען צונעמען, האָבן זיי באַשלאָסן באַ־גיין זעלבסטמאָרד. דער מאַן האָט געמאַכט אַן איינשפּריצונג דעם קינד, נאָכדעם איר און זיך...

לײַדער האָט דער סם נישט געווירקט. ווען זיי האָבן זיך אויפגע־כאַפּט, איז דאָס קינד שוין נישט געווען. זיי האָבן אפילו נישט געהערט, ווען מען האָט עס צוגענומען. איצט מאַטערט זי דער געדאַנק, אַז דאָס קינד האָט זיך, אפשר, אויפגעכאַפּט פריער פון זיי, האָט געוויינט פון שרעק, געוועקט זיי, און זיי האָבן נישט געהערט... אפשר האָבן די רוצ־חים עס געשלאָגן, פאַרדרייט אַהינטער די הענטלעך. עס האָט דאָך, מסתמא, געוואָלט זיך אַרויסרייסן פון זיי...

דער מאַן איז כמעט פון זינען אַראָפּ. ער האָט פאַר קיין פאַל נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס האָט דער סם נישט געווירקט...

ווי טרייסט מען זי? מיר פּרובירן דערווייזן, אַז אַ דאָזע, וואָס איז נישט גענוג פאַר אַ דערוואַקסענעם, איז באַשטימט גענוג אויף אַוועקצו־הרגענען אַ קינד. אָך און וויי, מיר טרייסטן די מאַמע, אַז איר קינד איז טויט!...

*         *
*

אין אָוונט האָט דער בעל־הבית געטריבן אונדז מעלקן די קי. אָט פאַרוואָס כ'האָב די גאַנצע צייט מורא געהאַט! זאָל די קו כאָטש זײַן אַ רואיקע.

עס זענען אַהער געקומען אויך דיביידע שוועסטער פונעם בעל־הבית — די מכשפות: זיי היטן, מיר זאָלן, חלילה, נישט אויסטרינקען אַ ביסעלע מילך.

איך צי און צי די אייטער, אָבער מילך — אפילו קיין לעק. די קו איז אומרואיק, באַלד וועט זי מיר דערלאַנגען אַ בריק. כ'גיב אַ שטאַרקערן צי פאַר די אייטער: עס דערהערט זיך אַ שפּריץ פון עטלעכע טראָפּנס, נאָר זיי זענען אַראָפּגערונען איבער מיין האַנט ביזן עלנבויגן. פּלוצלינג דערפיל איך אַ בריק. נאָר די בהמה איז דאָ גאָט די נשמה שולדיק — דאָס האָט די בעל־הביתטע מיך „טראַקטירט" מיטן שוך אין רוקן, און אַזוי שטאַרק, אַז איך בין געפלויגן מיטן קאָפּ צו דער קו אין בויך אַריין.

כ'קוק אויף די איבעריקע — ביי זיי מעלקט זיך יאָ, איבערהויפּט ביי טייבלען. גאָלדענע הענט האָט דאָס ווייבל. כ'קוק זיך צו, ווי זי האַלט מיט די פינגער די אייטער. איך טו אויך אַזוי און צוויי פּריילעכע שטראָמעלעך מילך קלאַפּן אין דעק פון עמער.

מיר האָבן אויסגעמאָלקן אַלע קי — זיבן און צוואַנציק. צום סוף האָבן די הענט זיך אַזוי געטרייסלט, אַז זיי האָבן אינגאַנצן אויפגעהערט צו פאָלגן.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך פונעם ווייטיק אין די הענט נישט געקאָנט איינשלאָפן.

*   *

*

מיר פירן קאָרן. מיר, דעם שלימזל, האָט, ווי שטענדיק, „אָפּגעגליקט" — ווען מיר האָבן אָנגעלאָדן דעם ערשטן וואָגן, האָט דער בעל־הבית געהייסן מיר זיך זעצן רייטנדיק אויף איינעם פון די פערד (אין וואָגן זענען געווען געשפּאַנט פיר פערד) און אָפּפירן דעם וואָגן אַהיים. ווי זעצט מען זיך אָבער אויפן פערד, אַז איך גרייך אים קוים ביז צום בויך? דערצו בין איך קיינמאָל אין לעבן נישט געפאָרן רייטנדיק. דער פּראַנצויז האָט דאָס פאַרשטאַנען, האָט ער מיך פלינק אויפגעהויבן, ווי אַ קליין קינד, אַרויפגעזעצט אויפן פערד און גענומען עפּעס גיך־גיך דערקלערן. צו מיר איז קוים דערגאַנגען, אַז ער רעדט וועגן שטול, פאַרקן און פערד. נו, יאָ, דאָס לערנט ער מיך, ווי איך זאָל אַראָפּקריכן פון

מערד: צופאָרן צום פּאַרקן, אַוועקשטעלן זיך אויף אים און ערשט דעמלט אַראָפּשפּרינגען אויף דער ערד. גוט, מערסי!

* *

*

מיר זאַמלען פון פעלד דאָס פלאַקס. איך האָב זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז פלאַקס איז אַזוי געשמאַק! טייבל הייסט קייען וואָס מער: האָרט איז פאַראַן פעטס, וועלכן אונדזער אָרגאַניזם האָט שוין אַזוי לאַנג נישט געהאַט. אויב מיר וועלן זיך באַנוגענען דערמיט, וואָס מען גיט אונדז — וועלן מיר לאַנג נישט ציען, איבערהויפּט ביי אַזאַ שווערער אַרבעט.

דער בעל־הבית איילט שטענדיק. יאָגט, לאָזט נישט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. איין גליק, וואָס זאָסיע האָט אונדז אויסגעלערנט, ווי אים אָפּצו־נאַרן. דער בעל־הבית האָט מורא פאַרן נאַקעטן לייב פון אַ פרוי, איז ווען ער קומט וועקן, מאַכט זיך זאָסיע, אַז זי וואַרפט אַראָפּ פון זיך די קאָלדרע. דער אַלטער לויפט אַרויס ווי אַן אונטערגעשאָסענער, און זי ליגט נאָך אַ ווײַלע.

איצט, ווען די יאָגעניש פונעם בעל־הבית איז שוין נישט איבערצו־טראָגן, נוצן מיר אויך אויס די דאָזיקע שוואַכקייט זײַנע. מיר מאַכן זיך, אַז ס'איז אונדז זייער הייס, טוען אויס די קליידלעך און אַרבעטן אין איינע העמדער. דער בעל־הבית הויבט אָן שיטן מיט קללות, ער לויפט אַוועק און, שטייענדיק צו אונדז מיטן רוקן, שרייט ער, מיר זאָלן זיך אָנטאָן. מיר מאַכן זיך נישט הערנדיק, אָדער מיר ענטפערן תמעוואַטע, אַז ס'איז זייער הייס, און האַלב־נאַקעטע וועלן מיר גיכער אַרבעטן. דער אַלטער זיצט אַ צעקאָכטער און שפּייט.

* *

*

די מלחמה קומט שוין פאָר אויף דער דײַטשישער טעריטאָריע. וועגן דעם האָבן דערציילט די שכנים פונעם בעל־הבית. זיי זענען, אגב, ווילע מענטשן. אפשר דערפאַר, ווייל זיי זענען אָרעמע. קיין אייגענע ערד האָבן זיי נישט, זיי פאַרדינגען זיך אויף אַרבעט צו די רײַכע שכנים. אָבער פונעם „פאַרדינסט“ האָבן זיי קוים וואַסער אויף קאַשע: דערפאַר

וואָס זיי העלפֿן אונדזער בעל־הבית איינקלייבן די גערעטעניש, דערלויבט ער זיי צונויפֿצונעמען פֿונעם פּוסטן פֿעלד די זאַנגען, וועלכע זענען אָראָפּ־געפֿאַלן ביים שניידן אָדער ביים אַריבערפֿירן די גערעטעניש. אַ גאַנצן טאָג גייען זיי אַרום געבויגענערהייט איבערן אָפּגעשניטענעם פֿעלד און קלייבן אין אַ זעקעלע באַזונדערע זאַנגעלעך.

ווען דער בעל־הבית זעט נישט, רעדן זיי מיט אונדז, דערציילן גייעס פֿון פֿראָנט. איינמאָל האָבן זיי אונדז אַפֿילו פֿאַרטרויט זייער משפּחה־אומגליק: איין זון איז אַ קאָמוניסט און מאַטערט זיך אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער (ווער ווייסט, צי ער לעבט נאָך), און דער צווייטער זון איז אין עסעסאָווייעץ, און אויסזעער אין העם זעלבן לאַגער. פֿון זיין ברודער האָט ער זיך, פֿאַרשטענדלעך, עפֿנטלעך אָפּגעזאָגט. צו די עלטערן קומט ער אויך נישט, ער שעמט זיך מיט אַזעלכע אָרעמע עלטערן.

די נייעס וועגן דער דערנענטערונג פֿונעם פֿראָנט האָבן ווידער אויפֿגעוועקט די דרעמלענדיקע האָפֿענונגען. ווי דערלעבט מען שוין זען די רויטע אַרמיי!

* *
*

עס איז שוין גוט קאַלט. איבערהויפּט באַגינען. אָקטאָבער. האַרבסט. מיר טרייסלען זיך, קלאַפּן מיט די ציין, אָבער דער בעל־הבית באַמערקט דאָס אַפֿילו נישט. מיר האָבן געבעטן, ער זאָל אונדז געבן אַלטע פֿעלצלעך, מיר זאָלן נישט אַזוי פֿרירן. נאָר ער האָט שטרענג געענטפֿערט, אַז בגדים האָבן מיר באַקומען אין לאַגער. און דאָס דאַרף אונדז קלעקן.

מיר וויקלען זיך איין אין אונדזערע קאָלדרעס. נאָר די קאָלדרעס ווערן דורכגענעצט פֿון רעגן און די פֿיס פֿרירן אין דער נאַסער בוריקעס־באַטווענע. ביינאַכט דעקן מיר זיך איין מיט די זעלבע נאַסע קאָלדרעס. מיר האָבן געבעטן ביים בעל־הבית, ער זאָל אונדז געבן אַ ביסל מער היי, וועט אונדז זיין ביינאַכט עפּוואָס וואַרעמער. נאָר ער האָט אַפֿילו דאָס נישט געגעבן. און דורך די שפּאַלטן בלאָזט אַ קאַלטער ווינט... מיר ליגן איינגעדרייטע, טרייסלען זיך, שלאָפֿן קוים מיט צרות איין.

ווי גוט עס לעבט זיך די הינטעלעך פֿונעם בעל־הבית! זיי שלאָפֿן אין דער וואַרעם, עסן צו זאַט. אַבי מען זאָגט: „אַ הינטיש לעבן!“

*            *
*

וואָס וועט זיין ווייטער? די פעלד־אַרבעטן ענדיקן זיך. די קאַרטאָפל שוין אויסגעגראָבן, די בוריקעס אַראָפּגענומען. איצט פליקן מיר פע־דערן, נאָכדעם וועלן מיר וואַשן וועש און זייערן קרויט. און ווייטער? מער דאַרפן זיי אונדז דאָך נישט. און ווען זיי דאַרפן נישט, שיקן זיי אין קרעמאַטאָריע...

נישט שוין זשע וואַרט אויף אונדז אויך אַזאַ סוף?...

*            *
*

מיר וואַשן וועש. שוין דעם צווייטן טאָג שטייען מיר איבער אַ גרוי־סער באַליע און רייבן מיט די הענט אָן אַ שיעור ליילעכער, ציכלעך, האַנטעכער. שוין אַראָפּגעריבן די הויט פון די פינגער. וואַש־ברעטער גיט מען אונדז נישט — זיי אַרט דען פאַר אונדזערע הענט?!

*            *
*

ס'איז אַרויסגעפאַלן דער ערשטער שניי. די פיס זענען בלוי פון קעלט. די אוקראַינער האָבן אונדז געליען אַ פּאָר זאָקן (אַליין האָבן זיי אינגאַנצן צוויי פּאָר). מיר וועלן זיי טראָגן לויט דער ריי, זיך בייטנדיק יעדן טאָג, אָנגעהויבן פון די עלטערע. איך וועל קריגן די זאָקן ערשט איבערמאָרגן.

*            *
*

מען וועט אונדז אומקערן אין לאַגער...

זאָסיע האָט געהערט, ווי דער בעל־הבית האָט דערציילט, אַז ס'איז דאָ אַ באַפעל אַלעמען אומצוקערן ביזן פופצנטן נאָוועמבער.

היינט איז דער דרייצנטער. עס זענען געבליבן צוויי טעג. הייסט עס, ווידער אין דעם גיהנום און ווידער לאָזט זיך אויס אַ טייך פון די האַפענונגען.

* *
*

דער לעצטער פרימאָרגן.

ווי גיך עס זענען דורכגעלאָפן די דריי חדשים! מתמא דערפאַר, ווייל ווי שווער עס איז אונדז נישט געווען, איז דער טויט פאָרט נישט געשטאַנען איבער אונדזערע קעפּ. איצט דערנעענטערן מיר זיך ווידער צו אים.

דער אוקראַינער דערציילט, אַז צוויי ייִדישע מיידלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט דאָ בשכנות, האָבן זיך אויפגעהאָנגען. נישט געוואָלט זיך אומקערן אין לאַגער.

אין וועג אַריין גיט מען אונדז צו צוויי ריפטלעך ברויט. דער בעלהבית נעמט זיין ביקס און פירט אונדז אַוועק. דעם אוקראַינערס פרוי וויינט, און דער פראַנצויז שאָקלט צו אונדז לאַנג מיטן היטל...

מיר גייען פאַרביי דער סאַזשלקע. דאָס וואַסער איז ווי געוואָרן טונקעלער. די ביימער וואַרפן אונדז אַראָפּ צום געזעגענען זיך די לעצטע בלעטלעך. זיי שורשען אומעטיק.

אַלץ בלייבט איבער דאָ: די ביימער, דער וועג, די סאַזשלקע. זיי וועלן דאָ זיין אויך איבעראַיאָר, אויך אין צען יאָר אַרום. יאָ, די נאַטור לעבט לענגער פון אַ מענטשן. ווער רעדט נאָך — פון אַזעלכע, ווי מיר...

אויפן וואָקזאַל איז פול מיט אונדזעריקע. די בעלי־הבתים גיבן אונאַלעמען איבער די סאָלדאַטן. אונדזער בעל־הבית באַקומט אויך אַ פּאַפיר, אַז ער האָט צוגעשטעלט פיר העפטלינגען. ער זאָגט דעם סאָלדאַט „הייל היטלער" און גייט אַוועק, אפילו נישט א קוק טוענדיק אין אונדזער זייט.

מען האָט געבראַכט אויךביידע אויפגעהאָנגענע.

ס'איז שוין געווען כמעט פינצטער, ווען מיר זענען אָנגעקומען אין לאַגער. ס'האָט זיך ווידער געעפנט און פאַרמאַכט דער טויער. מיר זענען ווידער אין שטייג.

מען ציילט אונדז שרעקלעך לאַנג: עס שטימט נישט. זיי קאָנטראָ־
לירן יעדע ריי, שלאָגן, אויב זיי דוכט זיך, אַז מיר שטייען נישט גלייך,
ציילן ווידער און שלאָגן נאָך מער. זיי האָבן, מסתמא, פאַרגעסן וועגן
די צוויי טויטע. אָבער ווער וועט זיי וועגן דעם דערמאָנען?

ס'איז שוין אינגאַנצן פינצטער. די אויפזעער קריכן ממש פון דער
הויט. סוף־כל־סוף האָט עמעצער זיך געוואַגט אַ געשריי צו טאָן:

„Zwei sind todt!"

— ווער האָט דאָס געזאָגט? — שרייט אויס דער עסעסאָוויעץ מיט
צאָרן פאַר אַזאַ פרעכקייט. ער רייסט זיך אַריין אין דער ריי און שלאָגט
אַ מענטשן צען אָן רחמנות, אָבער דאָס דערמאָנען האָט פאָרט געהאָלפן:
מען האָט אונדז באַלד אַריינגעלאָזט אין באַראַק.

אין שיין פון אַ שוואַך לעמפּעלע האָבן מיר דערזען אַ שרעקלעך
בילד: אין איין העלפט באַראַק, גלייך אויפן דיל, ליגן פרויען אין פיר
רייען, שטאַרק צונויפגעקוועטשטע איינע צו דער צווייטער, און שלאָפן
אין די בגדים. די קעפּ פון איינע זענען צוגעשפּאַרט צו די פיס פון די
צווייטע. אַ שרעקלעך געשטאַנק, דערשטיקט צו ווערן. עס האָט זיך דער־
הערט אַן אויסרוף: „איבערקערן זיך!" און אַלע, שטופּנדיק איינע די
צווייטע, האָבן זיך איבערגעקערט. זיי ליגן איצט מיטן פּנים צו אונדז.
אייניקע האָבן זיך אויפגעכאַפּט און קוקן אויף אונדז. און מיר שטייען
דערשראָקענע און פאַרלוירענע.

ס'איז אַריין די אויפזעערין און גענומען אונדז בויקערן. דאָס האָט
געדאַרפט הייסן, אַז מיר מוזן זיך לייגן אויפן דיל און אַזוי צונויפשפּאַרן,
אַז ס'זאָל קלעקן אָרט פאַר אַלעמען.

קיין שלאָף נעמט אונדז נישט. און יענע, צווישן וועמען מיר האָבן
זיך געלייגט, שלאָפן, דוכט זיך, אויך נישט. מיר הויבן שטיל אָן צו
רעדן מיט זיי.

— איר זענט דאָ שוין לאַנג?

— עלף מאָנאַטן.

— אויף אַרבעט שיקט מען?

— עטלעכע גרופּעס האָט מען געהאַט אַוועקגעשיקט גראָבן אָקאָ־
פּעס, אָבער די מענטשן האָבן דאָרט געאַרבעט ביזן בויך אין וואַסער,

---

1 — צוויי זענען טויט!

זיי האָבן אָפּגעפרוירן די פיס און מען האָט זיי אָפּגעפירט פון דער אַר־בעט גלייך אין קרעמאַטאָריע. אויף זייער אָרט האָט מען גענומען נייע...

צי איז דאָס אמת? אפשר איבערטרייבן זיי? אין דאָרף האָבן דאָך ביז אונדז אויך געאַרבעט מיידלעך, וועלכע האָבן נישט אויסגעהאַלטן. נאָר מיר האָבן זיך אַרויסגעוויזן שטאַרקער.

עס זענען אונדז באַפאַלן ליין. מיר האָבן גענומען פאָרוואַרפן די פרויען, למאי זיי האָבן זיך אַזוי אָפּגעלאָזן און פאַרפירט פאַראַזיטן. וויזט זיך ארויס, זיי זענען נישט שולדיק: דאָ איז נישטאָ קיין וואַסער.

זיך אַרויסרייסן! אומבאַדינגט זיך אַרויסרייסן פונדאַנען! כאָטש גראָבן אָקאָפּעס, כאָטש האַקן שטיינער, אַבי נישט בלייבן דאָ!

*  *
*

בייטאָג איז געקומען א שוואַרץ געקליידעטער עסעסאָוויעץ און גענו־מען אָפּקלייבן די שטאַרקערע. פאַרשטאַנען, אַז ער קלייבט אָפּ אויף אַרבעט, זענען אים אַלע באַפאַלן מיט אַ געשריי, אַז זיי זענען געזונט און ווילן אַרבעטן. פון אָנפאַנג האָט דער עסעסאָוויעץ זיך פאַרלוירן, אָבער גלייך זיך געכאַפּט, גענומען מזיקן אויף רעכטס און לינקס, יאָגנדיק אַלעמען פון זיך. ער האָט אָבער גאָרנישט נישט געקאָנט מאַכן: דער דראַנג זיך אַרויסצורייסן פונדאַנען האָט פאַרשטיקט די שרעק. ערשט ווען ער האָט אַרויסגעשלעפּט דעם רעוואָלווער, זענען מיר אָפּגעטראָטן פון אים.

אָפּגעקליבן 500 פרויען, האָט ער זיי אַוועקגעפירט. איך בין גע־בליבן דאָ.

*  *
*

צום צווייטן אָפּקלייב בין איך אויך געווען צווישן די אָפּגעקליבענע. איך האָב זיך געפילט אמת גליקלעך — כ'וועל זיך פאָרט אַרויסרייסן!

מען האָט אונדז אַוועקגעפירט אין באָד, געהייסן זיך אויסטאָן און אַריינגעלאָזט אין אַ גרויסן פאָדערצימער. מיר האָבן דערזען דאָ אַזוינס, פון וואָס מיר זענען געוואָרן שרעקלעך צעטומלט: אָן אַ שום אונטער־בעט זענען געזעסן און אפילו געלעגן אויפן שטיינערנעם דיל שרעקלעך

אויסגעצערטע פרויען, כמעט סקעלעטן, מיט אויגן וואַנזיניקע פון שרעק. דערזעען הינטער אונדז די אויפזעערינס, האָבן די פרויען געגומען דערשראָקענע שטאַמלען, אַז זיי זענען געזונט, זיי קאָנען אַרבעטן און בעטן רחמנות האָבן אויף זיי. זיי האָבן אויסגעשטרעקט צו אונדז די הענט, מיר זאָלן זיי העלפן זיך אויפשטעלן, ווען די אויפזעערינס אַליין איבערצייגן זיך, אַז זיי קאָנען נאָך אַרבעטן...

כ'האָב געמאַכט אַ טראָט פאָרויס, כדי צו העלפן דער נאָענטסטער פרוי זיך אויפשטעלן, נאָר די אויפזעערין האָט מיר אַראָפּגעלאָזט אַ פּראַסק און אָפּגעשליידערט אויף צוריק.

ווי האַקנדיק די ווערטער, באַפעלט זי, מען זאָל נישט מאַכן קיין פּאַניק — אַלע וועלן זיך אויסבאָדן און צוריקקערן אין לאַגער. אויסבאָדן זיך מוזן אַלע, אָן אויסנאַם — קיין שמוציקע וועט מען אין לאַגער נישט אַריינלאָזן.

אונדז האָט זי באַפוילן, מיר זאָלן אויסטאָן די פרויען און פירן זיי אין שכנותדיקן רוים, אונטערן שפּריץ.

פון שרעקלעכן געשטאַנק איבלט מיר. כ'וויל העלפן איינער אַ פרוי אויסטאָן דאָס קלייד, אָבער זי קאָן זיך נישט אויפשטעלן: די פיס האַלטן זי נישט. איך פּרוּוו זי אויפהויבן, אָבער זי גיט אַזאַ געשריי פון ווייטיק, אַז דאָס האַרץ שטעלט זיך מיר אָפּ. וואָס טוט מען? כ'גיב אַ קוק אויף די אַנדערע. ווייזט זיך אַרויס, זיי מאַטערן זיך נישט ווייניקער פון מיר. די אויפזעערינס גיבן אונדז שערלעך — אויב מען קאָן נישט אַראָפּציִען די קליידער, זאָלן מיר זיי צעשערן.

די שערלעך גייען פון האַנט צו האַנט. איך קריג אויך. כ'צעשער אַ קלייד. אונטער דעם זע איך אַזאַ דאַרקייט, אַז ס'איז אפילו אַ שרעק זיך צוצורירן, די ביינער זענען קוים באַצויגן מיט אַן אויסגעטריקנטער צעקנייטשטער הויט.

אויסטאָן די קלומפּעס לאָזט די פרוי בכלל נישט — ס'וועט ווי טאָן. איך זאָג צו, אַז איך וועל בלויז איבערשניידן דעם אויבערשטן טייל, אָבער זי דערלויבט נישט אפילו צורירן זיך. שוין צוויי וואָכן טוט זי נישט אויס די קלומפּעס, ווייל די אָפּגעפרוירענע פיס האָבן זיך צוגעקלעפּט צו די זוילן.

וואָס טוט מען? אַנדערע האָבן שוין אויסגעטאָן צו עטלעכע, און איך קאָן נאָך נישט פאַרטיק ווערן מיט איינער. די אויפזעערין האָט דאָס, ווייזט אויס, באַמערקט. זי איז צוגעלאָפן, געגעבן מיר אַ שטורכע

און געכאַפּט די אומגליקלעכע פאַר די פּיס. יענע האָט אַרויסגעלאָזט אַ דערשיטערנדיק געשריי. די אויפזעערין האַלט שוין אין האַנט אַ קלוצ־פּע, צו וועלכער עס זענען געווען צוגעקלעפּט שטיקלעך פוילנדיק פליייש. כ׳האָב גענומען ברעכן. ווי פון ווייטן זענען צו מיר דערגאַנגען די גע־שרייען פון דער אויפזעערין: האָסט שוואַכע נערוון? וועסטו גיין צוזאַ־מען מיט די קראַנקע פרויען...

כ׳האָב זיך אַ וואָרף געגעבן אויסטאָן אַ צווייטע.

די, וועלכע שטייען נאָך אויף די פיס, פירן מיר, און די ליגנדיקע טראָגן מיר אַריין און לייגן אַוועק אונטערן שפּריץ. אַ ביסעלע אַרומגע־וואַשן, טראָגן מיר זיי צוריק אַרויס אין קאַלטן פּאָדערצימער און לייגן ווידער אַוועק אויפן שטיינערנעם דיל. קיין האַנטעכער זענען נישטאָ. די בידנע פרויען קלאַפּן מיט די ציינער. מיר טרייסלען זיך אויך, אַרומ־לויפנדיק נאַסע פון פּאָדערצימער אונטערן שפּריץ און צוריק.

ווען די אויפזעערין האָט זיך אָפּגעקערט, האָב איך געפרעגט ביי איין פרוי, פונוואַנען איז זי. זי האָט געענטפערט, אַז פון טשעכאָסלאָוואַ־קייע. זי איז אַ האַקטער. מען האָט זיי געבראַכט קיין שטוטהאָף, און נאָכ־דעם, ווי אונדז, אַוועקגעפירט צו דער אַרבעט. לײַדער, גראָבן אָקאָפּעס. זיי האָבן געאַרבעט שטייענדיק ביז העלפט אין וואַסער. געשלאָפן אויף דער ערד. ווען די אָפּגעפרוירענע הענט און פיס האָבן גענומען זיך אייטערן, האָט מען זיי אומגעקערט אין לאַגער. גראָבן אָקאָפּעס האָט מען געבראַכט נייע. אויף זיי וואַרט דער זעלבער גורל.

איז אָט וווהין מען האָט דאָס אַוועקגעפירט די ערשטע גרופּע! און מיר האָבן זיי מקנא געווען...

ווען מיר האָבן „אויסגעבאָדן“ אַלע פרויען, האָט מען אונדז פון באָד אַרויסגעטריבן, געגעבן דעזינפיצירטע קליידער און אַוועקגעיאָגט צוריק אין באַראַק. אַוועקגייענדיק, האָבן מיר געהערט די געשרייען פון די אומגליקלעכע. מען האָט זיי, מסתמא, שוין געשלעפּט, און, פאַרשטייט זיך, אַז נישט אין לאַגער...

צו וואָס האָט מען נאָך געדאַרפט זיך איזדעקעווען, באָדן?

די גאַנצע נאַכט האָב איך נישט צוגעמאַכט קיין אויג: ס׳האָט מיך פאַרפאָלגט דאָס שרעקלעכע בילד.

* *

*

די צייט ציט זיך זייער לאַנגזאַם.

ס׳איז שרעקלעך קאַלט. ס׳אַראַ פּיין עס איז צו שטיין אינדערפרי און אין אָוונט אויף די אַפּעלן! עס ווילדעוועט די זאַווייע, עס בלאָזט אַ קאַלטער ווינט, פון וועלכן דער גאַנצער גוף גליווערט, נאָר מען מוז שטיין כמעט האַלב נאַקעט און וואַרטן, ביז די עס־עס־לייט וועלן זיך מטריח זיין קומען איבערציילן. יעדן פרימאָרגן און אָוונט בלייבן עטלעכע פרויען ליגן טויט.

מיט אייניקע טעג צוריק האָט אַ פרוי נישט אויסגעהאַלטן און זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן עלעקטריזירטן שטעכלדראָט. דאָס איז דער איינציקער אופן צו באַגיין זעלבסטמאָרד. אָבער די פרוי איז אַראָפּגעפאַלן פון צוים אַ לעבעדיקע. די מיידלעך האַלטן, אַז דער פּאָסטן האָט זי באַמערקט און באַוויזן אויסצושליסן דעם עלעקטרישן שטראָם. זיך דערוווסט וועגן דעם, האָט די אויפזעערין שטאַרק צעמזיקט די בידנע פרוי, געשריען, אַז יענע האָט קיין רעכט נישט געהאַט דאָס צו טאָן: „דאָס לעבן געהערט דעם הער גאָט“! די זעלבע אויפזעערין אָבער פלעגט אין האַרבסט, ווען מיר האָבן געאַרבעט אין דאָרף, אָרגאַניזירן צוזאַמען מיט אירע חברטעס אַזעלכע זונטיקדיקע „פאַרווייַלונגען“: זיי פלעגן קומען נאָך מיטאָג, אויסקלייבן אַ שוואַכערע פרוי און שטופּן זי אויפן צוים. צווישן זיך פלעגן זיי זיך וועטן — צום וויפלטן מאָל וועט דער קרבן בלייבן הענגען טויט אויפן שטעכלדראָט (דער עלעקטרישער שטראָם פלעגט צומאָל נאָר אָפּטרייסלען און אָפּוואַרפן).

ס׳איז שרעקלעך שמוציק. די וואַש־רוימען זענען געשלאָסן. עס פּייניקט דער דורשט. די אַזוי־גערופענע זופּ, ווו מען געפינט זייער זעלטן אַ פאַרפוילט קרויט־בלעטל צי אַ פּיצל שאָלעכץ פון זיסלעכער, געפרוירענער בולבע, איז ווי בכיוון פאַרפראַוועט מיט אַ סך פעפער, אַז עס ברענט דאָס מויל. נאָך אַזאַ מין „זופּ“ מוזן מיר נעמען אין מויל אַריין אַ הויפן שמוציקן, צעטראָטענעם שניי, וואָס ליגט ביים אַריינגאַנג אין באַראַק. און דאָ גופא, לעבן באַראַק, איז דאָך אויסגעגראָבן אַ גרוב, וואָס דינט אַלס טואַלעט! קיין ברעטער אויף צודעקן די גרוב גיט מען נישט. אירע ברעגן זענען אַזוי גליטשיק, אַז נישט לאַנג צוריק איז אַ פרוי אַריינגעפאַלן אין גרוב. מיר האָבן זי קוים אַרויסגעשלעפּט.

וועגן אַן אָנגריף פון דער רויטער אַרמיי הערט זיך נאָך גאָרנישט.



עס זענען געקומען עטלעכע אָפיצירן. גענומען אונדז באַקוקן. מיר האָבן זיך דערפרייט: מסתמא וועט מען נעמען אויף אַרבעט!

ס'איז געוואָרן אַ שרעקלעכע מהומה — יעדע איינע וויל, מען זאָל זי נעמען. די עס־עס־לייט קריכען זיך אומצופרידן — אלע זענען די זעלבע „פגירות". און כאָטש זיי האָבן נישט זייער שטרענג געקליבן, האָבן זיי אַ סך פאַרבראַקירט.

איך בין אַריינגעפאַלן צווישן די אָפגעקליבענע. אפשר וועט מען דאָס מאָל אינדערהאמתן אַרויספירן צו דער אַרבעט?

מען האָט אונדז פאַראייניקט מיט אַ גרויסער גרופע, וועלכע מען האָט געבראַכט צו טרייבן פון אַנדערע באַראַקן, איבערגעציילט (מיר זענען טויזנט אין צאָל) און אַוועקגעפירט אין דער זעלבער באָד, ווו מיר האָבן פאָריקן מאָל אויסגעטאָן די אומגליקלעכע פרויען. זאָל מען כאָטש אונדז איצטיקן נישט צוריקברענגען אַהער אין אַזאַ צושטאַנד...

געכאַפט א רעכטן פריר און טערן קאלטן שפריץ, האָט יעדע איינע פון אונדז באַקומען אַ ריין העמד, אַ געשטרייפט קליידל און אַ געשטרייפטע קורטקע. מען האָט פאַרשריבן אונדזערע נומערן און אַוועקגעפירט אין אַ באַראַק, וועלכן מען האָלט ערשט אין בויען. קיין טירן זענען נאָך נישטאָ, קיין פענצטער זענען נאָך אויך נישט אַריינגעשטעלט, עס פייפט דער ווינט, עס שיט אַ שניי.

ווען ס'איז געוואָרן פינצטער, האָט מען געבראַכט צעריסענע סאָלדאַטישע קאָלדרעס און קאָפּטיכלעך, דערביי צו וויסן געגעבן, אַז נעכטיקן וועלן מיר דאָ גופא, אין דעם באַראַק. אויף דער אַרבעט וועט מען אַוועקפירן ערשט מאָרגן.

קיין דיל נישטאָ, די ערד איז געפרוירן, עס וואַלגערן זיך שטיקלעך ברעטער, טשוועקעס, נאָר לייגן זיך מוז מען — שטיין איז פאַרבאָטן.

ווי לאַנג עס ציט זיך די נאַכט! דער פראָסט האָט פאַרגליווערט אַלע אברים, איינגעשרומפּן איז אומגליקלעך. וואָלט כאָטש גיכער שוין אָנקומען דער פרימאָרגן! איך פרוו זיך פאָרשטעלן, ווי וועט אויסזען דער נייער לאַגער, וואָס וועלן מיר דאַרפן טאָן. אויב מיר וועלן גראָבן אָקאָפּעס, מוז מען זען פאַרהיטן די פיס. אפשר וועל איך דאַרפן געפינען אַלטע פאַפירן און פאַרוויקלען אין זיי די פיס? כ'וועל אומבאַדינגט יעדן

Personal-Ausweis Nr. 2078

Name Lewin

Vorname Chaja

Vaters Vorname Nachman

Geboren am 1920 in Wilna

Familienstand verheiratet

Augen braun

Gesicht rund

Haare braun Grösse mittel

Beruf /

Finger-Abdruck



Ghettovorsteher und Polizeichef

11 März 1943

Vermerke

Arbeits-Ausweis Nr. Nr. 602

I

1631a/I/16/10/3

„Spaudos" Wilno • 1943 . 2.12. 1 . 43.

די אינערלעכע זייט פון דעם אַזוי גערופענעם פּאַספּאָרט

טאָג אויסטאָן די קלומפּעס. אפשר וועט דאָרטן פון דער זופּ נישט אַזוי ברענגען דאָס מויל? אפשר וועט מען דאָרט געבן וואַסער צום טרינקען און צום וואַשן זיך. יעדנפאַלס, ערגער, ווי דאָ, וועט דאָך, מסתמא, נישט זיין.

ווי האָב איך דאָ געקאָנט אויסהאַלטן כמעט אַ גאַנצן מאָנאַט? (ווען מען האָט אונדז רעגיסטרירט, האָב איך געזען אויפן רעגיסטריר־בויגן די דאַטע „11 דעצעמבער").

ס'האָט זיך דערהערט די געוויינלעכע קאָמאַנדע „Aufstehen!"[1]

דער זעלבער אויפזעער האָט אונדז אויסגערופן לויט דער רשימה. איבערצייגט זיך, אַז אַלע זענען אויפן אָרט, האָט ער אונדז אַוועקגע־פירט. אָבער מאָדנע — נישט צום טויער, נאָר צוריק צו דער קליידער־קאַמער. געהייסן אָפּגעבן די קאָלדרעס, די קורטקעס און קאַפּטיכלעך. ווער ס'האָט זיך נישט געאיילט אויסטאָן זיין באַפּעל אָדער האָט גע־וואַגט צו שטעלן קשיות — האָט געקראָגן אַ זעץ אין קאָפּ.

מען האָט אונדז געבראַכט צוריק אין שטינקענדיקן באַראַק, פון וועלכן מיר זענען נעכטן אַרויס מיט אַזעלכע האָפענונגען...

* *
*

צו דער אַרבעט האָט מען אונדז נישט אַרויסגעפירט דערפאַר, וואָס אין לאַגער האָט זיך אָנגעהויבן אַן עפּידעמיע פון פלעק־טיפוס. דער לאַ־גער איז פאַרמאַכט געוואָרן אויף קאַראַנטין.

עפּידעמיע! אַלע וועלן באַפאַלן ווערן פון אָט דער שרעקלעכער קרענק. פלעק־טיפוס ווייסט נישט פון קיין רחמנות, ער שאַנעוועט נישט נישט אַלט און נישט יונג. און היילן וועט מען אונדז, פאַרשטייט זיך, נישט. אפשר האָבן זיי אונדז ספּעציעל אָנגעשטעקט, כדי מיר זאָל־אויסשטאַרבן. אפשר איז די זופּ אַזוי שאַרף נאָר נישט פון פעפער?

ווי היט מען זיך אוים? וו נעמט מען כוח נישט עסן די זופּ, אונ־דזער איינציקע שפּייז? ווי לערנט מען זיך אוים בכלל נישט צו עסן, אפילו נישט נעמען אין מויל אַריין שמוציקן שניי?

נאָר צי וועט דאָס העלפן?

---

1 — אויפשטיין!

* *
*

דוכט זיך, איך ווער טאַקע קראַנק. דער קאָפּ איז שווער און אין די אויערן רוישט. אויף די אַפּעלן האַלט מען מיך אונטער, אַז איך זאָל זיך נישט אַראָפּלאָזן. איז דאָס פלעק־טיפוס?

* *
*

איך בין טאַקע געווען קראַנק...

די ווייבער דערציילן, אַז פון היץ האָב איך עפּעס געזונגען און שרעקלעך געשאָלטן די היטלעריסטן. קיינער האָט זיך גאָר נישט פאַרגע־שטעלט, אַז איך האָב אַמאָל געהערט אַזעלכע קללות. איין גליק, וואָס די שטים איז געווען זייער שוואַך, דערצו רוקן די היטלעריסטן אַהער נישט אַריין זייערע נעזער — זיי האָבן מורא פאַר אָנשטעקונג. אַנדערש וואָלטן זיי מיך פאַר אַזעלכע ווערטער דערשאָסן אויפן אָרט.

די פרויען זאָגן, אַז איך בין אַרויסגעקראָכן פון דער קרענק, אי־בערגעקרענקט. אָבער מיר דוכט, אַז זיי האָבן אַ טעות. דאָס איז, מסתמא, געווען עפּעס אַן אַנדער קרענק, נישט קיין טיפוס. פלעק־טיפוס איז דאָך אַ שרעקלעכע קרענק! אָן היילונג, אָן רפואות וואָלט איך פון איר נישט געזונט געוואָרן — עס שטאַרבן דאָך שטאַרקערע פון מיר. די ווייבער זאָגן אָבער, אַז טיפוס האָט אונטער דווקא שטאַרקע, קיינ־מאָל נישט געקרענקטע און דעריבער זענען זייערע אָרגאַניזמען נישט צוגעוווינט צו קעמפן מיט דער קראַנקהייט.

ווען די מאַמע וואָלט וויסן, ווי עס זענען מיר איצט צונויף געקומען אירע צרות מיט מיינע שקאַרלאַטינעס, געלזוכטן און לונגען־אָנצינדונגען אין דער קינדהייט!...

אויפן הויף וואַשן זיך מיט שניי קריך איך אויף אַלע פיר. שטעלן זיך קאָן איך נישט — פאַר די אויגן שווינדלען גרינע רעדער.

* *
*

דאָ איז אַן אמתער טויט־לאַגער. די היטלעריסטן קימערט שוין אפילו נישט די אָרדענונג. קיין אַפּעלן זענען מער נישטאָ: זיי האָבן מורא

אַהער אַרײַנצוגײן. עסן גיט מען נישט. אַפילו די אַזױגערופֿענע זופּ קריגן מיר אײנמאָל אין צװײ־דרײַ טעג. אַן אַנדערשמאָל ברענגט מען אָנשטאָט זופּ צװײ געפֿרױרענע בולבעס. קײן ברױט האָבן מיר שױן לאַנג נישט געזען. און עסן װילט זיך גאָר שרעקלעך — כ׳הױב אָן געזונט װערן.

די לײַז צאַפּן אױס דאָס לעצטע ביסל בלוט. מיר שעמען זיך שױן נישט צו קנאַקן זײ. אָבער, לײדער, העלפֿט דאָס נישט.

* *

*

ס׳איז געשטאָרבן די יפֿת־תּואר רות. ס׳האָבן איר גענומען אײטערן די פֿיס, נאָכדעם די הענט. און אָט איז זי אַװעקגעשטאָרבן... די לעצטע צײַט פֿלעגט זי נישט אױפֿשטײן פֿון געלעגער. כמעט נאָך נעכטן, אין שטראָסהענהאָף, איז זי האָך נאָך געװען אַזאַ שײנהײט! שטענדיק מונ־טער, פֿלעגט זיך קײנמאָל נישט אונטערגעבן שלעכטע שטימונגען. ז האָט פֿעסט געגלױבט, אַז מיר װעלן דערלעבן די פֿרײַהײט און זי װעט זיך טרעפֿן מיט איר מאַן! איצט װעט מען זי, אַ שרעקלעך געשװאָלענע, אַרײַנרוקן אין אױװן פֿון קרעמאַטאָריע. און אױס. די געװעזענע יוגנט, שײנהײט, לעבנסלוסט װעט פֿאַרװאַנדלט װערן אין אַ הױפֿן אַש...

* *

*

מען זאָגט, אַז ס׳איז שױן נײַ־יאָר. עמעצער האָט געהערט, װי אײַ־נער אַ פֿאָסטן האָט באַגריסט אַן אױפֿזעער.

הײסט עס, עס איז שױן אָנגעקומען דאָס יאָר 1945... אין דעם יאָר װעט שױן צום קריג געװיס נעמען אַ סוף. מען ענדיקט שױן שלאָגן די דײַטשן אין זײער הײל. אָבער... נישט אומזיסט זאָגט מען, אַז אַ שטערב־לעך פֿאַרװוּנדעטע חיה איז דאָפּלט שרעקלעך. צי דען איז אונדז באַ־שערט צו זײַן די לעצטע קרבנות פֿון אָט דער חיה? ס׳קאָן נישט זײַן! אפֿשר װעלן זײ בײַם אָפּטרעטן נישט באַװײַזן אומצוברענגען אונדז? און דאַן װעלן מיר זײַן פֿרײַ! אפֿשר איז די מאַמע מיט די קינדער אױך אין עפּעס אַ לאַגער? און אױך זײ װעט מען באַפֿרײַען. און עס װעט זיך צוריקקערן דער פּאַפּאַ. מירע װעט אױף אונדז שױן װאַרטן אין

ווילנע. מיר וועלן זיך אַלע טרעפן אין דער אַלטער דירה. יעדן פרימאָרגן וועל איך זיך ווידער איילן אין שול, מירע — שוין אין אוניווערסיטעט. ראַיעלע מיט ראובעלען וועלן אויך לויפן אין שול אַריין, — זיי זענען דאָך שוין אונטערגעוואַקסן...

אָבער ווען וועט דאָס זיין? און צי וועט דאָס טאַקע זיין?

*　*
*

ראַיע פון ריגע, מיט וועלכער מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט ביים פריץ אין דאָרף, דערציילט, אַז זי האָט געהערט פון די, וואָס ברענגען זופ, אַז ביינאַכט איז אין קרעמאַטאָריע געווען א שרפה. ס'איז פאַרברענט געוואָרן נאָר די גאַז-קאַמער. מען האַלט, אַז עמעצער האָט אונטערגעצונדן.

אונדז וועט דאָס שוין סייווי נישט ראַטעווען.

*　*
*

ס'אַראַ שרעק! אין שלאָף האָב איך זיך צוגעטוליעט צו אַ מת. ביינאַכט האָב איך דאָס, פאַרשטענדלעך, נישט געפילט. ס'איז געווען זייער קאַלט און איך האָב זיך צוגעטוליעט צום רוקן פון אַ שכנה. די הענט אַרונטערגערוקט אונטער אירע אָרעמס. זי האָט זיך, דוכט זיך, אַ ריר געטאָן, צוגעדריקט מיינע הענט צו זיך. און אינדערפרי האָב איך דערזען אַז זי איז טויט...

*　*
*

עס איז געקומען די אויפזעערין. געהייסן אַלעמען, ווער ס'האָט שוין איבערגעקרענקט, זיך אויסשטעלן. מיינענדיק, אַז מען וועט שיקן אויף אַרבעט, האָבן געוואָלט זיך אויסשטעלן אויך קראַנקע. אָבער די אויפזעערין האָט גלייך באַמערקט דעם שווינדל.

די אויפזעערין האָט אָפּגעקליבן אַכט (צווישן זיי אויך מיך) און געמאָלדן, אַז מיר וועלן זיין די „באַגרעבער-קאָמאַנדע“. ביז איצט איז געווען אַ גרויסע אומאָרדענונג, די טויטע פלעגן צו עטלעכע מעת-לעת ליגן אין די באַראַקן. איצט מוזן מיר תיכף אַראָפּנעמען פון די געשטאָרבענע די בגדים, אַרויסרייסן ביי זיי די גאָלדענע ציין, זאַלבעפערט אַרויסטראָגן אין דרויסן און אַוועקלייגן לעבן טיר פון באַראַק. באַגינען און פאַרנאַכט וועט פאַרבייפאָרן די באַגרעבער-קאָמאַנדע פון גאַנצן לאַגער און זיי אַוועקפירן.

ווי וועל איך טראָגן אַנדערע, אַז איך אַליין האַלט זיך נאָך קוים אויף די פיס? פאַר די אויגן שווימען רעדער, די פיס בויגן זיך. איך שאַר מיט די פיס, האַלטנדיק זיך פאַר די ווענט.

מיר גייען צו צו איינער, וועלכע איז געשטאָרבן היינט באַגינען. איך נעם אָן אירע גליטשיקע קאַלטע פיס, אָבער איך קאָן זי נישט אויפהויבן, כאָטש דער געשטאָרבענערס קערפּער איז אינגאַנצן אויסגעטריקנט; די איבעריקע דריי הויבן זי שוין יאָ אויף, און איך קאָן בשום אופן נישט. די אויפזעערין לאָזט מיר אַראָפּ אַ פּלעם אין באַק און דערלאַנגט מיר יאַ שער מיט א צווענגל: כ'וועל דאַרפן די מתים אויסטאָן און אַרויסרייסן ביי זיי די גאָלדענע ציין. וועל איך אָבער פּרווון גנבענען כאָטש איין צאָן — וועל איך צוזאַמען מיט מיינע פּאַציענטקעס אַוועק צו מיינע עלטערזיידערס אויף יענער-וועלט!...

די טויטע פרוי ליגט מען אַוועק ביי מיינע פיס. איך קוק זיך צו — די אויגן זענען אָפן און ווי זיי וואָלטן זיך באַוועגן! נאָר די אויפזעערין טרייבט מיך, איך זאָל זי גיכער אויסטאָן. איך ריר זיך נישט דרייסט צו מיט אַ פינגער — זי איז קאַלט. איז פאַרוואָס באַוועגן זיך אירע אויגן? סוף-כל-סוף האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אין זיי לייכט זיך אָפּ דאָס עלעקטרישע לעמפּל, וואָס הענגט אונטערן באַלקן און שאָקלט זיך פון ווינט. מיט אַ ציטערדיקער האַנט שנייד איך איבער איר קלייד. איך גיב די טויטע פרוי אַ הויב אונטער, וויל אויסטאָן פון איר דאָס קלייד, נאָר דער קערפּער גיט גלייך אַ פאַל צוריק און דער קאָפּ גיט אַ טעמפּן קלאַפּ אין דיל. איך מוז זי אונטערהאַלטן, צודריקן איר קאָפּ צו זיך. און דער קערפּער אירער איז אזוי קאַלט. ווי ספּעציעל כדי צו רייצן זיך מיט מיר, בלישטשעט דער מת מיט גאָלדענע ציין. וואָס זאָל איך טאָן? אַרויסרייסן זיי? — ווייס איך דאָך נישט, ווי מען טוט עס! אומבאַמערקט פאַר דער אויפזעערין, האָב איך אויף גיך פאַרקלאַמערט

מיטן צווענגל די ליפּן ביים מת. די אויפזעערין וועט דאָך נישט עפענען ספּעציעל דאָס מויל און זוכן ציינער.

נאָר די אויפזעערין האָט יאָ באַמערקט מיין שפּיצל. זי האָט מיר דערלאַנגט אַזאַ טעלעבעניץ, אַז איך בין אַרויפגעפאַלן אויפן מת. כ׳פּרווו זיך אויפשטעלן. נאָר זי האָט ווי בלויז דערויף געוואַרט, — זי האָט גענומען מזיקן מיך מיט עפּעס זייער אַ שווערן שטעקן. און אַלץ איבערן קאָפּ. דער קאָפּ האָט זיך ווי געשפּאָלטן אויף דער העלפט, און די אויפזעערין שלאָגט ווייטער. אויפן דיל טריפט בלוט...

זי האָט אַזוי לאַנג געזעצט מיטן שטעקן, ביז זי איז מיד געוואָרן.

דער גאַנצער דורכגאַנג איז פאַרוואַלגערט מיט מתים. מען דאַרף זיי אויסטאָן. אָבער איך קאָן נישט, פאַר קיין פאַל נישט! כ׳וועל בעסער טראָגן זיי, קריכנדיק אויף אַלע פיר, שלעפּן זיי מיט די לעצטע כוחות, אָבער נישט אויסטאָן! זאָל זיך עמעצער דערבאַרעמען אויף מיר און אַליין טאָן דאָס. איך קאָן נישט... ווי שלעכט מיר איז... זייער שלעכט...

אויף אויסטאָן די מתים איז באַשטימט געוואָרן אַן אַנדערע.

פאַרן אַוועקגיין האָט די אויפזעערין געעפנט דעם וואַש-רוים און געזאָגט, אַז מיר מעגן זיך אַרומוואַשן און דאָ גופא שלאָפן. אָבער דער לאָקאַל טראָגט, לײדער, בלויז דעם נאָמען וואַש-רוים, קיין וואַסער איז נישטאָ.

דער דיל איז אַ שטיינערנער, עס איז זייער קאַלט, נאָר דערפאַר איז דאָ נישט אַזאַ עפּוש. די פרויען האָבן זיך צוגעלייגט. כ׳וואָלט זיך אויך געלייגט, נאָר עס טוט זייער וויי דער צעמזיקטער קאָפּ, איך קאָן אים נישט אַוועקלייגן. כ׳האָב אונטערגעשפּאַרט מיט די פינגער דעם שטערן און זיץ...

מסתמא האָב איך פאָרט אַ דרעמל געטאָן. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך זיך געטרייסלט פון קעלט, זייענדיק דורכגענעצט אויף הורך און דורך. לאָזט זיך אויס, אַז דאָ איז פאַראַן אַ שפּריץ און טאַקע פון אים האָט געגאָסן אויף אונדז אייז-קאַלט וואַסער.

מיר זענען אַריינגעלאָפן אין באַראַק. ווען דער עולם האָט זיך דערוווסט, אַז עס גייט וואַסער, האָבן זיך אַלע אַ לאָז געטאָן אין וואַש-רוים. אָבער דאָס וואַסער האָט, ווי דורך אַ כישוף, פּלוצים אויפגעהערט צו גיסן. עטלעכע פרויען האָבן אויסגעלעקט די לוזשעס, וועלכע האָבן זיך באַוויזן אויפן דיל, און כאָטש עטוואָס געשטילט דעם דורשט. די אַנדערע האָבן אַפילו דאָס אויך פאַרשפּעטיקט.

* *
*

אין באַראַק ווערט אַלץ שיטערער. יעדן טאָג שטאַרבן צו 40 — 60 פרויען. לעבן מיר ליגן שטענדיק בערג בלויע מתים. עס קומט אָן א וואָגן, אין וועלכן ס'זענען איינגעשפּאַנט העפטלינגען. צוויי מענער נעמען אָן פּאַר די הענט און פיס אן אויסגעדאַרטן, פאַרפרוירענעם קערפער, וויגן אים פאַנאַנדער און וואַרפן אַרויף אויף אַ קופּע אַזעלכע נאַקעטע מתים.

די קרעמאַטאָריע ארבעט א קיילעכדיקן מעת־לעת, לעבן איר זענען אָנגעוואַלגערט גרויסע בערג מתים; אין לאַגער שטאַרבן אַרום טויזנט מענטשן אַ טאָג.

* *
*

די באַגרעבער־קאָמאַנדע האָט געבראַכט אַ גוטע בשורה: דער פראָנט דערנעענטערט זיך!

די מענער עוואַקוירט מען. מיר האָבן געזען, ווי מען האָט אַוועק־געפירט דריי גרופּעס. אויך עס־עס־לייט ווערט ווייניקער. ווייזט אויס, אז מען ליקווידירט דעם לאַגער. די אַרבעטספעיקע פירט מען אַרויס, און אונדז וועט מען, מסתמא, פאַרברענען צוזאַמען מיט די באַראַקן.

* *
*

פרויען וועט מען אויך עוואַקוירן.

באַגינען איז געקומען אַן אויפזעער און געמאָלדן, אַז די, וועלכע קאָנען גיין צופוס, זאָלן זיין גרייט אין וועג אַריין.

איך וועל צופוס נישט קאָנען גיין...

אָט אַזוי קומט מיין סוף. גראָד דעמאָלט, ווען די פרייהייט איז שוין גאָר נאָענט, בין איך אינגאַנצן אויסגעשעפּט. ווען איך וואָלט געהאַט כאָטש אַ קאַפּעלע כוח! כאָטש אַ טראָפּן האָפענונג, אַז איך וועל קאָנען שלעפּן די פיס!

פאַרנאַכט איז דער זעלבער היטלעריסט ווידער געקומען. ער האָט געהייסן זיך אויסשטעלן. אַלע, ווער עס איז נאָר געווען אימשטאַנד, האָבן פאַרלאָזן דעם באַראַק. כ'האָב זיך אַרומגעקוקט. אין באַראַק בלייבן בלויז די מתים און יענע, וועלכע קאָנען שוין אַפילו נישט זעצן זיך... גיין, איך וועל דאָ נישט בלייבן! פאַר קיין פאַל נישט! כ'מוז גיין! זאָל זיין, וואָס עס ווילט זיך, אַבי נישט דאָ! אַבי נישט ליגן און וואַרטן, ביז מען וועט דיך פאַרברענגען לעבעדיקערהייט!

איך שטעל זיך אויף. דער קאָפּ שווינדלט, איך וואַקל זיך, נאָר איך גיי אַרויס. אין באַראַק בלייבט אויך אַ כמעט געזונטע פרוי: זי וויל נישט איבערלאָזן אַ שטאַרבנדיקע חברטע אין איר לעצטער שעה.

מען פירט אונדז אַרויס. געקומען אַהער זענען מיר אַ ריזיקע מאַסע פון פיל טויזנטער מענטשן און פונדאַנען גייען מיר אַוועק אַ קליין הייפעלע פון געציילטע מענטשן... גרינג צו זאָגן: „מיר גייען אַוועק!“ מיר זענען שוין-דען אויף דער פריי?

מיר נעכטיקן איבער אינעם זעלבן באַראַק אָן פענצטער, וווּ מיר האָבן שוין איינמאָל זיך געטרייסלט פון קעלט.

*        *
*

אינדערפרי האָבן מיר געקראָגן ברויט — צו אַ דריטל לעבעלע אויף אַ מענטשן. מען האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז דאָס מוז קלעקן אויף דריי טעג. הייסט עס, אַז דריי טעג וועלן מיר זיין אין וועג. צי דען די גאַנצע צייט צופוס? איך זאָל כאָטש אויסהאַלטן!

צוערשט, ווען איך האָב זיך עטוואָס צוגעווינט צום גיין, האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך וועל זיך איינגיין. נאָר אינגיכן האָבן די פיס גענומען זיך בויגן, און מיר האָט זיך גענומען דוכטן, אַז מער וועל איך שוין נישט קאָנען שטעלן קיין איין טראָט. פונדעסטוועגן פלעג איך צווינגען די פיס, זיי זאָלן יאָ שטעלן דעם טראָט, דערנאָך אַ נייעם טראָט, נאָך איינעם און ווידער עטלעכע... כ'האָב זיך געטרייסט, אַז אפשר וועט מען שוין באַלד לאָזן זיך אָפּרוען. איך מוז אומבאַדינגט אויסהאַלטן ביזן אָפּרו! דערנאָך וועט זיין לייכטער.

איך בין שוין שיעור נישט אַנידערגעפאַלן, ווען די באַגלייטער האָבן סוף-כל-סוף אַ פייף געטאָן און געהייסן זיך אויסזעצן אין ביידע זייטן

פון וועג, ביי די גראָבנס. איך האָב זיך אַ וואָרף געטאָן און אַראָפּגע־
לאָזט די ברעמען. פאַר מיינע אויגן האָט זיך אַ טראָג געטאָן אין אַ שדים־
טאַנץ דער שמוציקער שניי פון וועג. כ'האָב קוים געעטעמט. עס האָבן
גישט געהאָלפן די שטיקלעך שניי און אייז, וועלכע איך האָב די גאַנצע
צייט געשלונגען.

אויפשטעלן זיך איז געווען נאָך שווערער. אָבער די פרויען האָבן
מיר געהאָלפן.

איך האָב זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז כ'וועל אויסהאַלטן ביז אָוונט.

ווען ס'האָט גענומען פינצטער ווערן, האָט מען אַ טייל פון אונדז
אַריינגעיאָגט אין אַ שייער, די איבעריקע פאַרשפאַרט אין אַ שטאַל.
ס'איז אַ גליק דאָס איז — ליגן די גאַנצע נאַכט, ביז סאַמע פרימאָרגן! איך
האָב אָפּגעבראָכן אַ שטיקעלע ברויט און, קייענדיק, זיך געטרייסלט פון
געוויין: ווי ווייל, וואָס איך בין פאָרט נישט געבליבן אין לאַגער. איך
וואָלט שוין איצט אויף דער וועלט נישט געווען. און דאָ לעב איך דאָך
פאָרט.

אַ גאַנצער טאָג איז שוין פאָריבער. געבליבן זענען סך־הכל נאָך
צוויי טעג...

* *
*

אומזיסט האָבן מיר געהאָפט, אַז מיר וועלן זיין אין וועג נישט
מער ווי דריי טעג. די דריי טעג זענען לאַנג פאַרביי און מיר גייען און
גייען, און קיין סוף זעט זיך נישט. יעדן טאָג בלייבן ליגן אויפן וועג
צו עטלעכע פרויען. זיי פאַלן, און קאָנען אַפילו מיט דער הילף פון
אַנדערע נישט אויפשטעלן זיך. עמעצער פון אונדזערע באַגלייטער לאָזט
אַריין אַזאַ פרוי עטלעכע קוילן אין קאָפּ, גיט זי אַ בריק מיטן פוס און
נאָך אַ מת קייקלט זיך אַראָפּ אין גראָבן. ווען מיר גייען פאַרביי אַ דאָרף,
מעלדן די באַגלייטער, אַז עטלעכע קילאָמעטער פונדאַנען ליגט אַ מת,
וועלכן מען דאַרף באַגראָבן, ווייל איגיכן וועט ווערן וואַרעם, קאָן זיך
אָנהייבן אַן עפּידעמיע

* *
*

היינט האָט מען פאַרבײַ אונדז פאַרבײַגעפירט אַ קאָלאָנע סאָוויעטישע קריגסגעפאַנגענע. זיי זענען אויס זייער שרעקלעך — אויסגעהונגערטע, געלע, אויסגעצערטע. און דאָך — מיט וויפל מיטלייד זיי האָבן געקוקט אויף אונדז.

איך האָב זיך געמיט נישט פאַרבײַלאָזן קיין איין פּנים: אפשר איז צווישן זיי דאָ מײַן פּאַפּאַ?

* *

*

מיך פירט מען שוין אונטער די הענט. אַליין קאָן איך נישט גיין. מיט די לעצטע כּוחות באַמי איך זיך אַליין איבערשטעלן די פיס און נישט זייער פאַרשוועריקן די, וועלכע פירן מיך. אָבער דאָס איז נישט אין מײַן רשות. דערצו איז זייער שווער צו גיין צוליב דעם שניי, וואָס קלעפּט זיך צו די הילצערנע קלומפּעס.

מיר הונגערן שרעקלעך. עסן גיט מען שוין אינגאַנצן נישט. ווען־נישט־ווען גיט אונדז עמעצער פון די בעלי־בתּים, וואָס בײַ זיי אין שטאַל פאַרשפּאַרט מען אונדז אויף נאַכט, אַ קעסעלע קאַרטאָפל. פון אַזאַ קעסעלע קריגן מיר סך־הכּל צו איינע־צוויי קאַרטאָפעלעך אויף אַ מענטשן. ווי שפּאָט וויניק דאָס איז...

מיר האָבן זיך אויסגעלערנט דערקענען פאַרשנייטע בונקערס, אין וועלכע ס׳זענען פאַרלייגט אויף ווינטער קאַרטאָפל אָדער בורעקעס. נישט קיין קלעפּ, נישט אַפילו די שיסערײַ פון די באַגלייטער קאָנען נישט אָפּטרייבן די הונגעריקע פרויען — זיי באַפאַלן די בונקערס, מיט פאַרפרוירענע הענט גראָבן זיי פאַנאַנדער דעם שניי, די ערד און צעכאַפּן די בורעקעס. ווען מיר גייען אַוועק, בלײַבן אויפן צעטראָטענעם שניי עטלעכע הרוגים. אין די פאַרגליווערטע הענט האַלטן זיי דעם אַזוי שטאַרק אויסגעבענקטן בורעק.

עס טרעפט, אַז אויך אונדז, די זייער שוואַכע, וועלכע קאָנען נישט לויפן צוזאַמען מיט אַלעמען, ברענגט מען אַ קליין בורעקל אָדער אַ בולבע. ליידער, טרעפן זיך בונקערס זייער זעלטן. כּדי עס זאָל אַזוי נישט מאַטערן דער הונגער, איז מײַן מויל שטענדיק פול מיט שניי און אייז.

כ׳האָב אָנגעהויבן געשוואָלן צו ווערן. די זייט פּוּנעם תּערפער, אויף וועלכער איך ליג בײַנאַכט (ליגן אויפן רוקן קלעקט נישט קיין פּלאַץ),

ווערט אַזוי אָנגעבראָקנעט, אַז ביז האַלבן טאָג קאָן איך נישט עפענען די אויגן. אויף די פיס איז ממש אַ שרעק צו קוקן: זיי זענען אַזוי געשוואָלן, אַז זיי קריכן קוים אַריין אין די גרויסע מענערישע קלומפּעס, אין וועלכע איך פלעג פריער אַריינרוקן אַזויפיל פּאַפּיר. כ'האָב מורא, אַז אין איין שיינעם פרימאָרגן וועלן זיי שוין נישט אַריין אין די קלומפּעס אויך. ווי גייט מען באָרוועס איבערן שניי? אָבער נישט אויסטאָן זיי אויף נאַכט ריזיקיר איך נישט. דאַן קאָן פּאַסירן אַזוי ווי מיט יענע פרויען, וועלכע מיר האָבן דעמאָלט אויסגעטאָן...

* *

*

וואָס ווייטער ווערן די באַגלייטער אַלץ ווילדער. ווייזט אויס, זיי איז שוין אויך דערעסן געוואָרן זיך צו שלעפּן, כאָטש זיי ווערן נישט אַזוי פאַרמאַטערט: יעדע עטלעכע שעה בייטן זיי זיך — זעצן זיך אויף די וועגענער, וועלכע פאָרן נאָך פון הינטן מיט אַלע זייערע זאַכן. אונדז אָבער לאָזן זיי זיך צוזעצן בלויז איין מאָל אין טאָג, און דאָס סך־הכל אויף אַ האַלבער שעה.

* *

*

ביינאַכט הערן זיך צומאָל זייער ווייטע דומפּע אויפרייסן. דאָס איז אַפּנים פון פראָנט. נאָר בייטאָג יאָגט מען אונדז ווידער פאָרויס, און קיין אויפרייסן הערן זיך כמעט נישט. איבערבלייבן דאָ איז אוממעגלעך. אין אַ פּוסטן שייער קאָן מען זיך נישט אויסבאַהאַלטן, און אויב גלאַט בלייבן ליגן, וועט מען באַשליסן, אַז דו ביסט אָפּגעשוואַכט און מען וועט דיר באַזאָרגן מיט אַ קויל אין קאָפּ.

מיר זענען נישט די איינציקע, וואָס שלעפּן זיך איבערן שאָסיי. עס האָבן זיך דאָ אויסגעצויגן לאַנגע רייען וועגענער. אָנגעלייגט אַהין זייער האָב און גוטס, אַרויפגעזעצט דאָס געזינד, צוגעבונדן די קי און שאָף, איילן די דייטשן אויף מערב, ווייטער פון פראָנט. און מיר, פאַר וועמען דער פראָנט איז די איינציקע גאולה, מוזן זיך שלעפּן אין איין ריכטונג מיט די דייטשן. נאָר וואָס זאָל מען טאָן — באַגלייטער האָבן מיר

גענוג. זיי זענען באַוואָפנט, זייערע כלבים זענען בייז, און מיר זענען געשוואָלענע, קוים לעבעדיקע, אומבאַוואָפנטע.

* *
*

מיר זענען שוין אַ גאַנצע וואָך אין סטרעלענטין. דאָס איז אַ געוועזענער פּריצישער גוט. דער בעל־הבית איז אויפן פראָנט, די בעל־הביתטע מיט די קינדער זענען אַנטלאָפן קיין בערלין.

אונדז האַלט מען פאַרשפאַרט אין די שטאַלן. דער אונטערשאַרפירער מיט די וואַכלייט וווינען אין אַ ווייס מויערל, וואָס שטייט פאַרלאָזט און פוסט אויפן בערגל.

מיר באַקומען יעדן טאָג נישט מער ווי צו האַלבן ליטער אַזוי גערופענע זופּ — אַ שמוציק שיסעלע וואַסער, אַפילו אָן זאַלץ. קיין שום אַנדערע דערנערונג גיט מען אונדז נישט.

אויף דער פרייער לופט לאָזט מען אונדז אַרויס בלויז צוויי מאָל אין טאָג. כדי מיר זאָלן נישט פאַרגליווערט ווערן, מוזן מיר זיך פאַרנעמען מיט ספּאָרט. אינדערפרי און אין אָוונט דאַרפן מיר אונטער־דער אויפזיכט פון די אויפזעערינס אויספילן פאַרשידענע איבונגען. די אויפזעערינס אַליין קייכן פון געלעכטער פון אָט דעם „סקעלעטן־ספּאָרט“, ווי זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן אונדזערע אָנשטרענגונגען צו איבערהזרן זייערע מוסטער־באַוועגונגען. צוטשעפּענדיק זיך צו עפּעס אַ פרוי, שלעפּן זיי זי ארויס פון דער ריי און צווינגען זי מאַכן „סאָלאָ“־ספּאָרט. דערביי מוזן מיר אַלע לאַכן. אויב איינע פון אונדז לאַכט נישט זייער אויפריכטיק, פויקט איר די אויפזעערין מיט אַ שטעקן אין קאָפּ, ווי אין אַ באַראַבאַן.

איך שלעפּ שוין קוים די פיס. צום „ספּאָרט“ העלפן מיר די פרויען אויפשטיין און פירן מיך. די אויפזעערינס טאָרן נישט זען, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד איך געפין זיך.

ליידער בין איך נישט די איינציקע, וואָס געפינט זיך אין אַזאַ צושטאַנד.

* *
*

דעם גאַנצן נאָכמיטאָג האָט די ערד זיך געטרייסלט פון דער האַר־מאַטן־קנאַלעריי.

עס איז שוין געווען גוט פינצטער, ווען מען האָט אונדז באַפוילן אויסצושטעלן זיך אין רייען און גיין. ביינאַכט?! הייסט עס, אַז מען פירט אונדז שיסן... פאַרט נישט אויסגעמיטן דעם טויט!

גיין, כ'וועל נישט גיין! כ'וועל דאָ בלייבן. כדי די היטלעריסטן זאָלן מיך נישט באַמערקן, וועל איך ליגן איינגעדרייט אין אַ ווינקעלע, ביז כ'וועל נישט דערהערן, אַז אַרום און אַרום געפינען זיך שוין אונדזערע. און אויב די היטלעריסטן וועלן מיך יאָ באַמערקן... נו, מילא, אויב שטאַרבן, איז זאָל שוין זיין מיט אַ שעה פריער.

די ווייבער רעדן מיך איין, איך זאָל גיין. אפשר פירט מען גאָר נישט שיסן, אפשר טרייבט מען אונדז ווייטער? נאָר מיך וועט עס שוין נישט ראַטעווען — איך וועל נישט גיין.

די ווייבער האָבן מיך טאַקע אַרויסגעשלעפּט. זיי האָבן נישט געוואָלט איבערלאָזן אַזאַ יונג מיידל אויף אַ זיכערן טויט. אין דער פינצטער וועט מען נישט זען, ווי זיי שלעפּן מיך, וועל איך, אפשר, טאַקע דערשלעפּן זיך.

מען האָט באַפוילן צו גיין זייער שטיל. אַפילו די באַגלייטערינגס טאָרן נישט רעדן און רייכערן. די הינט האַלטן זיי פאַר די האַלדז־רימענס און גיבן אַכטונג, זיי זאָלן נישט בילן. פאַרוואָס אַזאַ געהיימקייט?

אַ גרויזאַמע שטילקייט. קיין אויפרייסן הערן זיך מער נישט. צו די קלומפּעס קלעפּט זיך ווידער אַ סך שניי. די פיס פאָלגן נישט, פּלאָנ־טערן. איך בין שוין עטלעכע מאָל אומגעפאַלן, אָבער די פרויען הויבן מיך אויף און מיר גייען ווייטער. צי דען פאַרשטייען זיי נישט, אַז דאָס איז שוין איבעריק, ווייל מיינע כוחות זענען שוין אויסגעגאַנגען און איך קאָן זיך מער נישט באַוועגן? איך אָטעם שוין אַפילו נישט, איך כאַפּ נאָר די לופט. זיי אַליין איז דאָס מאָל, ווייזט אויס, אויך פיל שווערער צו שלעפּן מיך: זיי בייטן זיך זייער אָפט. זיי בעטן מיך האַלטן זיך, נישט אויסגליטשן זיך פון זייערע הענט. וואָס זאָל איך אָבער טאָן, אַז די פיס בויגן זיך אַליין. איך פאַל אַנידער. איך קאָן זיך נישט באַהערשן... אַלץ...

איך ליג. די פרויען שלעפּן מיך פאַר די הענט, ווילן אויפשטעלן, נאָר די פיס פאָלגן נישט, איך קאָן נישט בייקומען די שוואַכקייט. די

פרויען מוזן אָפּלאָזן מיינע הענט — מען יאָגט זיי... זיי גייען אַוועק... איך פאַרמאַך די אויגן, כדי נישט זען, ווי מען וועט אין מיר שיסן...

דוכט זיך, איך לעב נאָך, עס טוט נאָר ווי אַ זייט. אפשר האָט מען מיך פאַרוואונדעט? קיין שאָס האָב איך נישט געהערט און קיין שאַרפן ווייטיק נישט געפילט. פאַרוואָס אָבער ליג איך אין גראָבן? דער וועג איז פוסט. הייסט עס, אַז אַלע זענען אַוועק.. יאָ, עס הערן זיך נאָך ווייטע טריט. וואָס איז דאָ פאָרגעקומען? די קויל האָט אין מיר נישט געטראָפן? אפשר אַזוי. קיין וווּנד איז נישטאָ. אפשר האָט מען נישט געשאָסן? כ'האָב דאָך טאַקע קיין שאָס נישט געהערט. נו, יאָ! ווי האָב איך דאָס נישט פאַרשטאַנען, אַז דער קאָנוואָיר האָט נאָר אַ בריק געטאָן מיך מיטן פוס און אַראָפּגעשטופּט אין גראָבן.

ווי שיין דאָ איז! דער וואַלד שטייט שטיל, ווי פאַרכישופט. אַרום פול מיט שניי. ס'איז ווייך.. .גוט און שטיל...

ווען־ענגס שטים הערט זיך דאָס?... צי איז דאָס נאָר אַ האַלוצינאַציע? ניין, עמעצער שעפּטשעט... דאָס איז אַ פרויען־שטים. זי פרעגט, צי לעב איך? ווי שווער ס'איז אַ ריר צו טאָן די צונג...

די שטים חזרט איבער די פראַגע, צי לעב איך? איך עפן איין אויג: אויבן אויפן שאָסיי שטייט אַ פרוי. זי הייסט מיר אַרויסקריכן. ליגן טאָר איך מער נישט, ווייל איך וועל פאַרפרוירן ווערן. מען מוז זיך באַוועגן.

און אויב איך האָב מער קיין כוח נישט צו באַוועגן זיך? אויב איך קאָן אַפילו נישט רעדן?...

די פרוי איז אַוועק.. ס'וועט כאָטש רואיק זיין.

ניין, זי איז געקומען צוריק, געבראַכט אַ פּלאַקן. וואָס וויל זי פון מיר?

אַז איך זאָל נישט אַנטשלאָפן ווערן.

און איך וויל דווקא יאָ שלאָפן.

זי זאָגט איך זאָל נישט רעדן קיין נאַרישקייטן. פּונקט איצט, ווען די פרייהייט איז שוין אַזוי נאָענט, מוז מען אָנווענדן די לעצטע כוחות און אויסהאַלטן, בלייבן לעבן.

און וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך האָב שוין אַפילו נישט די לעצטע כוחות?

אַלץ איינס מוז מען זיך האַלטן. זי וועט פון מיר נישט אָפּשטיין, ביז איך וועל נישט אַרויסקריכן פון גראָבן. כאָטש אויף אַלע פיר, כאָטש

ביזן סאַמע פּרימאָרגן קלעטערן, אָבער אומבאַדינגט אַרויסקריכן. זי וועט מיר העלפן. באַלד ברענגט זי נאָך איין פּלאַקן.

הינטערן וואַלד האָבן זיך ווידער דערהערט אויפרייסן, אפשר זענען אונדזערע באַפרייער שוין טאַקע נאָענט? איך מוז אומבאַדינגט זיך שטעלן אויף די פיס!

מיין גוטער מלאך האָט זיך אויסגעצויגן אויפן בויך און שלעפּט מיך פאַר די הענט. איך גליטש זיך, פאַל צוריק און פּרוו ווידער קלעטערן. שוין אינגאַנצן אַ פּאַרמאַטערטע, בין איך קוים מיט צרות אַרויסגעקראָכן פון גראָבן. אָבער שטיין איז זייער שווער. קוים בין איך געלעגן, האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך ווער ווידער אַ שטיקל מענטש, אָבער איצט זע איך, אַז די שוואַכקייט איז נישט פאַריבער. די פיס האַלטן נישט. מיין נייע חברטע האָט מיר דערלאַנגט אַ פּלאַקן און געהייסן נעמען אים אין די הענט און ווי-נישט-איז שטעלן טריט, כדי נישט פאַרפרוירן ווערן.

אַזוי שלעפּן מיר זיך געאָרעמט, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף די פּלעקענער.

מיר זענען די איינציקע אויפן לאַנגן פוסטן שאָסיי. פון ביידע זייטן רינגלט אונדז אַרום דער וואַלד. עס דוכט זיך, אַז פון הינטער יעדן בוים קוקט אונדז עמעצער נאָך.

מיין מיטגייערין פילט זיך מסתמא אויך נישט צומבעסטן. זי הערט נישט אויף צו רעדן. זי איז פון אונגאַרן, אַ לערערין. די גאַנצע משפּחה איז אומגעקומען — צוערשט האָט מען דערשאָסן די עלטערן, נאָכדעם דעם מאַן. ער איז געווען זייער אַ גוטער. די עלטערן זענען אויך געווען גוטע. איצט איז זי געבליבן איינע אַליין. עלנט. זי שטעלט זיך אַפילו נישט פאָר, ווי וועט זי קאָנען לעבן. נאָר שטאַרבן ווילט זיך נישט. דעריבער איז זי איצט אין וואַלד ספּעציעל געפאַלן, כלומרשט פון שוואַכקייט. דאָס האָט זי באַשלאָסן אָפּשטיין, כדי דערוואַרטן זיך אויף דער רויטער אַרמיי. זי האָט געהערט, ווי איין באַגלייטער האָט איבערגעגעבן אַ צווייטן דעם אונטערשאַרפירערס באַפעל: נישט שיסן, אויב עמעצער וועט אַפילו אַנידערפאַלן, — אַ שאָם קאָן אַרויסגעבן.

„Hende hoch“[1] פּלוצלינג: מיר הויבן אויף די זיך טרייסלענדיקע הענט. פון וואַלד לויפט אַרויס אַ באַוואָפנטער היטלעריסט מיט

[1] די הענט אין דער הויך!

אַ הונט. ער הייסט אונדז אָפּגעבן דאָס געווער. נישט גלויבנדיק, אַז מיר האָבן נישט קיין געווער, באַזוכט ער אונדז. ער פאָדערט דאָקומענטן. מיר ענטפערן, אַז מיר האָבן קיין דאָקומענטן נישט, ווייל מיר זענען פון אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, וועלכער איז ערשט נישט לאַנג דורכגע־גאַנגען מיט דעם וועג. מיר זענען פאַרשלאָפט געוואָרן, זענען מיר אָפּגע־שטאַנען. איצט פילן מיר זיך שוין איינגאַצן גוט און ווילן זיי דעריאָגן.

דער היטלעריסט וויל אָבער פון גאָרנישט נישט וויסן. ער הזרט דאָס זייניקע — מיר זענען רוסישע שפּיאָנקעס, וועלכע מען דאַרף דערשיסן. מיר טענהן, אַז מיר זענען באמת פון לאַגער, אַ באַווייז זענען די קליידער, שפּיאָנקעס טוען זיך דען אַזוי אָן? אָבער ער הערט נישט אויף צו רופן אונדז פאַרעטערינס, וואָס וואַרטן דאָ אויף די רוסן.

ערגעץ פון הינטער אַ בוים איז אַרויס נאָך אַ היטלעריסט. ער ווייסט גראָד יאָ וועגן אונדזער לאַגער, וועלכער איז דאָ פאַרבייגעגאַנגען.

דער ערשטער היטלעריסט פירט אַרויס פון הינטער די ביימער אַ ראָווער, זעצט זיך אויף אים און הייסט אונדז נאָכגיין. ער וואָרנט, אַז מיר זאָלן נישט פּרוּוון אַנטלויפן, ווייל ער וועט אָנרייצן דעם הונט, וועלכער וועט אונדז איבערבייסן די גאָרגלען.

ער פאָרט, און מיר לויפן נאָך מיט אַלע כוחות. מיר פעלט ווידער אָטעם, די פיס בייגן זיך ווידער... אָבער עס איז גענוג, איך זאָל דער־הערן דעם בייזן ברום פונעם הונט, ווי די פיס באַוועגן זיך. די חברטע האַלט מיך אונטער.

קוים דערשלעפּט זיך צו אַ קליין שטיבעלע. אָנגעזאָגט דעם הונט, ער זאָל אונדז היטן, גייט דער היטלעריסט אַריין אין שטיבעלע. דער הונט לאָזט פון אונדז נישט אַראָפּ זיינע בייזע אויגן. ער וואַרט נאָר, אַז מיר זאָלן זיך אַ ריר טאָן. ער קוקט נאָר אויף אונדזערע העלדזער. ווייזט אויס, אַז ער האָט נישט איין מענטשן איבערגעביסן דעם גאָרגל...

עס האָט גענומען טאָגן. פּלוצים איז אָנגעפאָרן אַ וואָגן, אין וועלכן ס'איז געזעסן די באַגלייטערין פון אונדזער לאַגער. זי האָט אונדז גוט צעגעריקט און געהייסן אַרויפקריכן אויפן וואָגן. איך האָב זיך קוים אַרויפגעקאַראַפּקעט.

מען פירט אונדז דורך אַ דאָרף. נישטאָ דאָ קיין לעבעדיקער נפש. אַלע לאָדנס פאַרמאַכט, די טירן פאַרשפּאַרט. מאָדנע שטיל. אפשר שלאָפן נאָך די מענטשן?

הינטערן דאָרף ציען זיך פעלדער. אין דער ווייט, לעבן אַ גרויסן

שייער, שטייען אַ סך וועגענער, איז דאָס נישט אַמאָל אונדזער לאַגער? אַלץ הויבט זיך אָן פונדאָסנײ...

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכער קנאַל. ווייטער זענען געקומען איינער נאָכן צווייטן דומפּע אויפרייסן. דער אויפזעעריגס הונט, וואָס האָט אונדז באַוואַכט, האָט אָנגעשטעלט די אויערן. אויך די היטלע־ריסטן ביים שייער האָבן זיך שטאַרק באַאומרואיקט: איינע פון זיי האָבן געקוקט אויפן הימל, די אַנדערע האָבן געהאַלדערט.

מיר פאָרן צו נעענטער. וואָס איז דאָס? מיר זעען, ווי די דייטשן קייקלען צום שייער פעסער. זיי ווילן אונטערצינדן דעם שייער און פאַר־ברענען אונדז לעבעדיקערהייט!...

מען הייסט אונדז אַריין אין שייער. מיר דערזעען דאָ פיל פרויען נישט נאָר פון אונדזער לאַגער. אויף דער ערד, צווישן שמוץ און שטויב, ליגן מענטשן אין גסיסה און געשטאָרבענע. זיי איז שוין אַלץ איינס...

דערצייל ווען די פעסער צי נישט? כ׳וועל שווייגן. זאָלן זיי נישט וויסן, וועלן זיי זיין רואיקער.

ניין, כ׳וועל דערציילן. כאָטש איינער. איך שעפּטשע אַריין דער שכנטע פון לינקס אין אויער מיין טרויעריקע ידיעה. נאָר זי האָט מיך אָפּגים נישט פאַרשטאַנען, אָדער נישט דערהערט — אַרום דונערן אויפ־רייסן. איך דערצייל אַ צווייטער. זי גיט זיך מיט אַ געשריי אַ וואָרף צו דער וואַנט און קוקט אין שפּאַלט. אָבער אין שפּאַלט זעט זיך גאָרנישט — נישט קיין היטלעריסטן, נישט קיין רויך. די שרעק גיט זיך איבער אַנ־דערע פרויען. נאָר קיינער זעט גאָרנישט. אונדזערע באַגלייטער זענען געלם געוואָרן.

עס רוישט... עס דערנעענטערט זיך! אַעראָפּלאַנען?

מען טרייסלט מיך פאַר די פּלייצעס. ווער? ווידער די אונגאַרישע פרוי. זי פרעגט, צי איך פאַרשטיי אויף פּויליש? עמעצער קלאַפּט אין וואַנט און רעדט עפּעס אויף פּויליש. וועגן וואָס שרייט ער?

ער שרייט, אַז אין דאָרף איז שוין אַריין די רויטע אַרמיי, און די היטלעריסטן זענען אַנטלאָפן.

אפשר איז דאָס אַ פּראָוואָקאַציע? מען דאַרף נישט ענטפערן.

ער שרייט, קלאַפּט, און מיר שווייגן.

סוף־כל־סוף איז ער אַוועק.

ס׳איז שטיל... אפשר, האָבן די היטלעריסטן באמת זיך דערשראָקן פאַר די אויפרייסן און זענען אַנטלאָפן, געלאָזן דאָ אונדז אַליין?...

עס הודעט ווידער. עפּעס דערנעענטערט זיך!

פאַרוואָס אַזאַ טומל? פאַרוואָס וויינען אַלע? וווהין לויפן זיי? זיי וועלן מיך דאָ צעטרעטן! העלפט מיר זיך שטעלן, לאָזט מיך נישט אַליין!

קיינער לייגט אויף מיר קיין אַכט נישט. כאַפּנדיק זיך פאַר די קעפּ, אויסשטרעקנדיק די הענט, לויפן די פרויען מיט געשריי און געוויין. זיי פאַרטשעפּען זיך אין די טויטע, פאַלן, שטעלן זיך גלייך אויף און לויפן פון שייער. נאָר איך קאָן זיך נישט שטעלן.

אָט איז איינע געשטאָרבן. באַלד וועל איך אויך שטאַרבן, אויב מען וועט מיך נישט אויפהייבן.

הינטערן שייער הערן זיך מענערישע שטימען. רויטאַרמייער?! צי טאַקע זיי?! איך וויל אַהין! צו זיי! ווי שטעלט מען זיך אויף די פיס?

אין שייער לויפן אַריין אַ סך רויטאַרמייער. זיי איילן צו אונדז, זוכן לעבעדיקע, העלפן זיך שטעלן. לעבן די, וועמען זייער הילף איז שוין נישט נייטיק, — אַנטבלויזן זיי די קעפּ.

— העלפן, שוועסטערל?

מען הויבט מיך אויף, מען שטעלט מיך אַוועק, נאָר איך קאָן זיך קיין ריר נישט געבן, די פיס טרייסלען זיך. צוויי רויטאַרמייער פלעכטן צונויף די הענט, מאַכן אַ „שטולכל“, מען זעצט מיך אַוועק און מען טראָגט.

פון דאָרף צום שייער פליען סאַניטאַר־מאַשינען, עס לויפן רויטאַרמייער. איינער לייגט פאַר העלפן טראָגן, אַ צווייטער שטרעקט מיר אויס אַ שטיק ברויט, אַ דריטער גיט אָפּ זיינע הענטשקעס. פון זייער גוטסקייט ווערט מיר אַזוי גרינג אויפן האַרצן, אַז טרערן גיסן זיך מיר פון די אויגן. די סאָלדאַטן טרייסטן מיך, באַרויִקן. איינער שלעפּט אַרויס אַ שמוציק נאָזטיכל און, ווי ביי אַ קליינינקער, ווישט ער אויס מיינע טרערן.

— וויין נישט, שוועסטערל, מיר וועלן מער נישט לאָזן דיך באַעוולהן!

אויף זיין היטל גלאַנצט אַ רויט שטערנדל. ווי לאַנג כ'האָב שוין אַזאַ שטערנדל נישט געזען!..

# נאָכוואָרט

צוואַנציק יאָר זענען שוין אַוועק זינט דער באַפרייונג. קיין טאָגבוך האָב איך מער נישט געפירט נאָר מיין זכרון האָט באַקומען די געוווינהייט צו פיק־סירן און פאַרגעדענקען אַלץ, וואָס האָט אַ מער־ווייניקער וויכטיקע באַדייטונג. דערפאַר טאַקע זעען מיר אויס אַ סך זאַכן, וועלכע זענען געשען אין די פאַר־לאָפענע צוויי צענדליק יאָר, זייער נאָענט, ווי זיי וואָלטן געפונען זיך ערגעץ נעבן מיר. מען דאַרף זיי נאָר אַ רוף טאָן, וועלן זיי תיכף באַווייזן זיך פאַר די אויגן.

*   *

*

אַ זוניקער מאַי־פרימאָרגן. אָנשטאָט דעם באַקאַנטן וואָקזאַל מיט דער אויפ־שריפט: „ווילניוס“ — אַ הילצערנער נישט געפאַרבטער בנין. נאָר אַלץ איינס איז דאָס ווילנע! און די גאַסן זענען די זעלבע. כאָטש זייער אויסזען רייסט די אויגן: אָט איז אַ שטוב און אָט — אַ הויפן ציגל מיט שטאַרצנדיקע אייזערנע קראָקוועס. און אָט איז דאָס געטאָ. דאָס געוועזענע געטאָ! נישטאָ קיין צוים, נישטאָ קיין טויער. דאָ איז אָבער זייער אַ סך חורבות.

אונדזער הויז — דאָס הויז, וווּ מיר האָבן געוווינט אין געטאָ, — שטייט גאַנץ. אויף די פענצטער — פאָרהענגלעך, בלומען. אַ קינד שפּילט זיך מיט אַ קאַץ. אַ פרוי צעהענגט וועש. אַלץ איז אַזוי געוויינלעך, רואיק. ווי דאָ וואָלטן קיינמאָל קיינע טראַגעדיעס נישט געשען. אפשר אַרויפגיין אויף די טרעפּ און דאָרט — ניסים ונפלאות! — די מאַמע, די קינדער. ניין... אַ פרוי ענטפערט, אַז אַזעלכע וווינען דאָ נישט. אוודאי. אַפילו אויב זיי לעבן, וואַרטן זיי אויף מיר געוויס אין אונדזער אמתער, פאַרמלחמהדיקער דירה. איך וועל גיין אַהין.

ליידער... גאָרנישט נישטאָ. נישט קיין שטוב, נישט קיין דירה. זיי זענען, פאַרשטייט זיך, אויך נישטאָ. גיכער פון אַלץ וועל איך קיינעם פון די קרובים שוין מער קיינמאָל נישט זען.

גיין אין שול? געוויס. אפשר וועל איך טרעפן דעם לערער הענריקאָס יאָנאַיטיס?

מאָדנע. אויף די גאַסן איז כמעט אַלץ אַזוי, ווי עס איז געווען דעמלט,

האַרט ערב דער מלחמה. די זון שיינט, דער עולם איילט. בלויז איך בין נישט די זעלבע. איך שלעפּ קוים די פיס, קיין כוחות נישטאָ.

אוי, ווער גייט דאָרט פאָרויס? דער פּאַפּאַ? יאָ... דאָס איז זיין ווייסער קאַפּ, זיין פּאַטיליצע... זיין גענגעלע. און אַנגעטאָן איז ער מיליטעריש. דאָס איז ער! דער פּאַפּאַ! מען דאַרף צולויפן, אָניאָגן, ער זאָל נישט אַוועקגיין!

— פּאַ־פּאַ! פּאַפּעניו!

— מאַשענקע!

איך גיי צוזאַמען מיטן פּאַפּאַ! ער איז דערזעלבער, ווי געווען, בלויז די שטים ציטערט. מסתמא פון צערודערונג. ער האָט זיך נישט געריכט, אַז איך לעב. מען האָט אים געזאָגט, אַז אַלע זענען אומגעקומען — די מאַמע, די קינדער, איך...

הייסט עס, אַז די מאַמע און די קינדער זענען טאַקע נישטאָ... און מירע?

מירע איז דאָ. זי לערנט זיך אויפן יורידישן פאַקולטעט און אַרבעט. אויך יאַנאַטיס לעבט. ער האָט פאַרהיט מיין העפט, אָפּגעגעבן דעם פּאַפּאַ.

און איך האָב געבראַכט די איבעריקע פאַרנאָטירונגען: אַ קליינעם טייל האָט זיך איינגעגעבן אויסצוהיטן, די איבעריקע האָב איך אויפגעשטעלט לויטן זכרון, ווען איך בין געלעגן אין קאַראַנטין. איך וויל וואָס גיכער זען יאַנאַטיסן און מירען.

מירע איז גראָד נעכטן אַוועקגעפאָרן קיין קאָוונע. אויף דריי טעג.

גאַנצע דריי טעג וואַרטן. לאַנג. נאָר נישקשה, — איך וועל דאָך וואַרטן נישט אַליין, מיטן פּאַפּאַ. איך האָב ווידער אַ פּאַפּאַ!...

* *
*

1 סעפּטעמבער. דער טאָג פון די שילער. איך גיי אויך אין שול. עס איז קאָמיש. אַ דערוואַקסענע, שוין מיט אַ פּאַס אין קעשענע! אַן אָנגעשטעלטע און אַ... שילערין.

דער קלאַס איז פול מיט מענטשן. דאָס זענען לערער צי שילער? אַ סך פון זיי זענען פיל עלטער פון מיר. שמייכלענדיק פאַרשעמט, שפּאַרן זיי זיך אַריין אין די בענק.

אַ קלונג. עס גייט אַריין דער לערער. ער צעעפנט דעם קלאַס־זשורנאַל און רופט אויס לויטן אלף־בית. אַקוראַט ווי אין אַן אמתער שול. און דאָ איז דאָך טאַקע אַן אמתע שול, בלויז אַן אָוונט־שול, פאַר דערוואַקסענע.

ער זאָל כאָטש נישט אַרויסרופן!... דאַנקען גאָט, ער נעמט שוין דאָס קריידל. אויפן טאָוול באַווייזן זיך לאַנג פאַרגעסענע איקסן, איגרעקן, מאַטעמאַטישע פאָרמולעס...

* *
*

מאָסקווע. טווערסקאָי בולוואַר. אַ גלײַכע רײ הײַזער. בלויז אײן הויז האָט אַרויסגערוקט פאָרויס אַ פאַרקראַטעטן צוים ביימער און אַלײן פאַררוקט זיך טיף אין הויף, ווײַטער פונעם גאַסן=טומל. דער שילד אָבער ציט צו זיך: „ליטעראַרישער אינסטיטוט אויף א. מ. גאָרקיס נאָמען בײַם שרײַבער=פאַרבאַנד פון פססר".

די אַלע פינף יאָר, ווען איך פלעג קומען אַהער אויף די עקזאַמענס, פלעגט דער שילד אַרויסרופן בײַ מיר אַ יראת=הכבוד. איבערהויפּט אין די ערשטע טעג. דערנאָך איז דאָס געוואָרן אײגנס, צוגעוווינט. ביזן צווײטן מאָל.

איצט גײ איך פאַרבײַ דעם שילד צום לעצטן מאָל. יעדנפאַלס, ווי אַ סטודענטין. עס איז אַפילו אַ שאָד, וואָס זײַן גלאַנץ ווענדעט זיך נישט צו מיר מיט דער שטרענגער פראַגע: „צוגעגרײט זיך, האַ? אָנגעשריבן עפּעס נײַעס?" און גאָרקיס פאָרטרעט אויף די טרעפּ קוקט, דוכט זיך, נישט אַזוי שטרענג, ווי שטענדיק... אדרבא, ער זאָגט אַפילו אין גוטן מוט: „נאָכן דיפּלאָם געקומען? גײ, גײ!"

איך גײ אַרײַן אין זאַל. זומער איז בעת די עקזאַמענס געווען דאָ אַן אויסשטעלונג פון אונדזערע פאַרעפנטלעכטע ווערק. צווישן אַנדערע האָבן הינטערן גלאָז זיך געפונען אויך מײַנע אַרבעטן: אַ זשורנאַל מיט מײַן ערשטער דערציילונג און די ליטווישע אויסגאַבע פון ווּיסאַריאָן סאַיאַנאָווס „הימל און ערד" אין מײַן איבערזעצונג.

איצט הערשט אין זאַל אַן אַקאַדעמישע שטרענגקייט. שטיל. אויף דער בינע זיצט דאָס פּרעזידיום — די אָנגעזעענסטע שרײַבער. איך זאָל כאָטש אין עפּעס נישט פאַרטשעפּען זיך, ווען מען וועט מיך אַרויסרופן.

ווסעוואָלאָד איוואַנאָוו דערלאַנגט מיר אַ האַרט ביכעלע און, שמײכלענדיק דורך די ברילן, באַגריסט ער מיך מיט אַן עטוואָס פאַנפעוואַטער שטים. און איך בין ממש שטום געוואָרן. איך שאָקל בלויז מיט קאָפּ: אַ דאַנק, אַ גרויסן דאַנק!

מיט אײן האַנט ענטפער איך אויף די באַגריסונגען, אין דער צווייטער פיל איך דעם דיפּלאָם. מײַן דיפּלאָם!

* *

*

לויטן קאַלענדאַר איז הײַנט אַ געוויינלעכער ווינטער=טאָג. אויך פון יענער זײַט פענצטער איז אַלץ געוויינלעך — עס שיט אַ שניי. עס יאָגן אויטאָמאָבילן, עס אײַלן מענטשן.

פאַר מיר ליגן די געבראַכטע פון דער דרוקערײַ קאָרעקטור=אָפּצוגן — די זײַטלעך פונעם טאָגבוך. איצט זענען זײ שוין נישט פּשוט מײַנע פאַרנאָטירונגען, זײ זענען שוין ווי אַלײן געוואָרן דערציילער. זײ וועלן אַוועק פון מיר, וועלן אַרײַן צו מענטשן אין די שטיבער. — אין טויזנטער שטיבער — און וועלן דערציילן די מענטשן דאָס, וואָס איך מוז דערציילן...